פֿ. בימקא.

# רעקרוטען

צווייטע אויפלאגע.




ווארשע 1921.

בּיז צום פּריזיוו,
נעשלעגען,
אויף תהלים.
נאַ איספּיטאַניאַ,
אין שפּיטאָל.
אַ זעלנער.

בַאלד נאָך פסח, מיט'ן ערשטען לינדען שטראַהל פון דער זומערדיגער זון, הויבט זיך אָן אין די אַלע קליינע שטעדטלעך אַ נייע זאָרג — דער פריזיוו. חברה וואוילערס הויבען גלייך אָן צו מעקען און שטרייכען דעם צעטעל פון די ליזאָסעווניקעס, וועלכע ברויכען דאָס-יאָהר זיך שטעלען: גמרא-מענשלעך, גלאַט אויס-געוויקסטע יונגעלייטלעך, און סתם — איידעלע בעלי-מלאכות, וואָס קוואָקען אויף לייטישע שדוכים, בעזרת השם, מ'וועט נור האָבען דעם פריזיוו פון הינטען; און זיי, חברה וואוילערס, הפקר-יונגען, וואָס געהען-אַרום אַ גאַנץ יאָהר אויף כל-האָבער, די דאָזיגע מאַכען שוין בעצייטענס יד-אַחת מיט די גויים פון שטעדטעל: קיילער-שקצים, גנבים, קעשענע-גערער, — זיי ברויך מען דאָס האָבען פאַר אַ שיינדעל אין דער משפחה, צו קענען אָבסטראַשען די אַלע איידעלע פאַרשוינדלעך, ראשית: זיי זאָלען זיך לאָזען גוט מעלקען, און בעזונדער, אָבהיטען די שטאָדט, עס זאָל, חלילה, צו איהר קיין עולה נישט געשעהן פון די פויערים-שקצים, כּאַמעס, וועלכע לאָזען זיך יעשען-צייט אין שטאָדט אַריין, און מעשה-לאָבוז, — חרוב מאַכען אַ וועלט; און דאָס איז אויך נישט אַזוי וויים מאַהבת מרדכי: מ'זאָל נישט טשעפּען אַ יודיש קלייטעל, וועלכעס געהט זיי נישט אין דער לינקער פאה, ווי משנאת המן — מ'ברויך אָבדרייבען די כאַמעס אַ מאָרדע, אַז זיי זאָלען האָבען צו געדענקען אויף זייער גאַנץ לעבען אַרויס:

— מ'איז אַמאָל געשטאַנען צו די זעלנער...

און באַלד נאָך פסח, ווען דער לאָמער גוי פון מאַגיסטראַט אין שטעדטעל האָט פונאַנדערגעטיילט די גוטע קוויטלען יענע אַלע יונגעלייטלעך, וועלכע דאַרפען זיך היי-יאָהר שטעלען צום פריזיוו — איז אין יענע הייזער פון די ווייכע אויסגעמוטשעטע מענשלעך צוגעקומען אַ פרישע זאָרג; די טאַטעס האָבען צובאָקימען פרישע קנייטשען אויף זייערע שטערענס, און וואו ביי אַ נסיעה געדענקט אינאיינוועג׳ס זיך אַריינצוכאַפען צום רבי׳ן שואל-עצה זיין; און מאַמעס האָבען אָנגעהויבען קרעכצען, צו רעדען בכלל מיט אַ ניגון פון ימים-נוראים׳דיגע תחינות, און וואו צווישען צוויי ווערטער אויסזוכען אַ זכות פון הינטער דער ערד אַ פּער, אין וועלכען זייערע קינדער זאָלען אויסגעלייזט ווערען פון די גויים׳ס הענד...

בעריל שייגעץ, איינער פון יענע וואוילערס, וואָס האָט נור בעקומען דאָס גוטע קוויטעל און נישט געקענט רעכט איבער-לייענען, ער זאָל וויסען: „וואָס מ׳וויל דאָ פון איהם האָבען?", האָט זיך באַלד דאָס משער געווען מיט אַ קלאַפּ אין שטערען: „אַ-האַ!" און מיט אַ גדולה אין בויך צוועק צו לייזער יאַנקעל׳ס אין שיינקעל אַריין.

— אַ, ר׳ לייזער?.. וואָס האָב איך אייך געזאָגט?.. פּער-געסען?.. אַ?..

און נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, אַראָבגע-לאָזען אַ פּאָר קריגלעך ביער, איז ער געוואָרען אויסערגעוועהנליך פרעהליך, און ווי זיין טבע איז, זיך אַוועקגעשטעלט האַלב שכור׳-ליך אויס׳טענה׳נען מיט זיך אַליין.

— געהערט אַ מעשה?.. אַלע יאָהר געמיינט—שוין... שוין... האָבען זיי זיך אָבער גאָר געמאַכט פּערגעסען, און דוקא נישט געוואָלט... כע.. כע....

פאַרנאַכט איז ער שוין אַוועק צו אַלע איבריגע ליאָסעוווני-קעס פון זיין צעטעל: פאַרשוינען אויף דער צייט, און זיי גענו-מען אויפמונטערן, דערמאַנען: וואָס מ׳וועט היי-יאָהר ברויכען צו

טהון, זיי זאָלען איבערנעהמען די ממשלה איבער דער שטאָדט, און ווערען די אמת'ע בעלי-בתים איבער איהר...

— איי, די כאַמעס!—האָט ער אויסגעשריגען מיט פערלאָפענע אויגען, און צוזאַמענגעדריקט די פויסטען,—מ'וועט זיי ווייזען הרוב מאַכען אַ וועלט... זיי לאָזען שאַלטעווען און גוואַלדעווען... אויף זיין האַנד זענען זיי געקומען...

בין השמשות, מנחה-ומעריב-צייט איז ער אַריינגעפאַלען אין בית המדרש אַריין, און צוגעשטאַנען צו לייזער מאַכעל'ס, אַ גביר אין שטאָדט, וואָס האָט אַ טוץ זיינע הייזער און מיהלען, אויך פערמאָגט אַ גוט האַרץ, און דער עיקר: געהאַט אויך דאָס יאָהר טאַנצען אַ זוהנ'דעל אויף דער חתונה, און מיט אַ וויינענדיג קול איהם געגעבען צו פערשטעהן:

— דאָס ער, בעריל שייגעץ, אויב ער וועט אַוועקגעהן דיענען—וועט ער סיי-ווי-סיי בלייבען בעריל שייגעץ; און אויב מ'איז אַ גוטער זעלנער ווערט מען אויפ'ן פייער אויך נישט פאַרברענט; בעקומט מען אַ בענדעל, און אמאָל—צוויי אויך, און וועגען בראָנפען איז דאָך גאָר קיין דאגה נישט פאַראַן, נור, דער עיקר, ווייסט ער, ער וועט באַלד נישט האָבען מיט וואָס צווועקצוגעהן...

און ער שווערט:

— ר'זאָל אַזוי דערלעבען צו שטעהן בשלום, אויסדיענען און אהיימקומען בשלום, ווי ער איז בטוח: זיין זוהנדעל לייזער מאַכעל'ס וועט באַלד פערבלייבען אין דער היים...

לייזער מאַכעל'ס האָט שוין אַפנים פערשטאַנען דעם תוכן פון דער גאַנצער דרשה, און איהם געמאַכט שווייגען מיט אַ קערבעל, וואָס ר'האָט איהם אַריינגערוקט בשתיקה אין יד, ס'זאָל קיינער נישט זעהן, און אגב אויך מבטיח געווען:

— באם ס'וועט נור האַלטען דערביי, וועט ער שוין זיין אין דעם, ר'זאָל פון אַלעם מיטהאָבען אין וועג אַריין: פון העמדער... הויזענס... קנעפלעך... באַרשטלעך... וואָס אַ סאָלדאַט

ברויך נור, פול צומאַכן ס'קעסטעל, און אַפילו עפּיס געלד אין מזומן אויך...

געהט בעריל אַרויס פון בית-המדרש, כאַפּט נאָך אַ פּאָר קיפּליעס ביער אין ערשטען בעסטען שיינקעל וואו ער פּאַלט אַריין, איז משלים דאָס וואָס דער ווינט האָט אַרויסגעוויעהעט פון פאַר דער צייט, און קוילערט זיך טויט-שכור, קוים וואָס ער דערהאַלט זיך אויף די פיס, איבער'ן גאַס. מעשה-נס ברויך ער גראָד אָנטרעפען אויף אַ רעקרוט פון די ווייכע מענשלעך, אַ טאַטען'ס אַ קינד און אַ שווער'ס אַנ'איידעם'ל, אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, הויט-און-ביין, אַ בלייך אויסגעמאָגערט נפש'ל, און ער, בעריל שייגעץ, דערלאַנגט איהם אויפ'ס כח אַ ברען אין פּלייצע, אַרויסשיטענדיג דערביי אַ פול מויל מיט געלעכטער.

— אָט איז אַ זעלנער... אַ נאַש בראַט... כאַ-כאַ-כאַ... טשיק... טשיק... אַ סאָלדאַט... כאַ-כאַ-כאַ...

און ער נעהמט גלייך קאָמאַנדעווען איבער איהם:

— נאַ—לעוואָ, מאַ—אַ—רש!.. שאַ—גאָ—ם!..

דער יונגערמאַן שטעהט צוטומעלט. פון דעם ערשטען מתנת-יד זענען ביי איהם אַראָבגעפלויגען די ברילען, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער נאָז, אָבער באַלד האָט ער זיך אַרומגעזעהן און אָנגעקוקט דעם בעל-דבר זיינעם, דעם שטרויענעם גזלן, איז איהם דער פחד אפילו אָבגעגאַנגען, נור זייענדיג פאַרשעמט פאַר'ן רעדעל מענשען, וואָס האָט זיך תיכף אַרום זיי אַרומגעשטעלט, האָבען זיך זיינע באַקען גענומען רויטלען ווי ביי אַ יונג מיידעל וואָס בעקומט דעם ערשטען קוש. און בכדי זיך צו בעפרייען פון איהם, האַלט ער מיט:

— מילא אודאי, אַ זעלנער איז דאָך נישט קיין בער!.. אַז מ'מוז—מוז מען... דינא דמלכותא—דינא...

בעריל שייגעץ ווערט פרעהליך פון דעם „אָדוואַזשנעם" סאָלדאַט, און כאַפּט איהם אַרום קושען... דער יונגערמאַן זוכט זיך אויסצודרעהען, נור ער פאַרשטעלט איהם אַלץ דעם וועג מיט

זײַן װאַקלענדיגען ברײט-בײנערדיגען גוף, און מאַכט מיט די הענד אַזוי נאָהנט איהם אין פּנים אַרײַן, אַז יענער מוז אַלע װײַלע צוריקכאַפּען נ׳קאָפּ, ר׳זאָל נישט בעקומען אַ בענץ אין נאָז; און פאַר דער העזה װערט ער, בעריל, שטאַרק אין כעס, און שרײַט:

— װאָס?.. דו װילסט בעריל שײגעץ זאָל זײַן די כפּרה פאַר דיר מיט די אַלע דײַנע חזיר׳שע בעלי-גאוה׳ניקעס, װאָס איהר טראָגט אפילו אין זומער קאַלאָשען אויף די פּריצישע שיכ-לעך, און עסט אַ פּלײשיג נאַכט-עסען אין אַ פּראָסטען מיטװאָך?..

און ער נעהמט איהם אָן בעת-מעשה פאַר די קלאַפּעס, טרײסעלט איהם פונאַנדער אויפ׳ן גרויסען אופן. אַז דער יונגער-מאַן זעהט: ר׳איז מאוס אַרײַנגעפאַלען, כאַפּט ער זיך אַרויס פון זײַנע הענד, מאַכט אַ ויברח אין אַ טויער און װערט נעלם...

בלײַבט שטעהן בעריל אַלײן און שעלט... דער כעס געהט איהם ביסלעכװײַז אָב, אָבער ער מאַכט נאָך שכור׳ליך מיט די הענד צו די פאַרבײַגעהער, און מיט טרערען אין די אויגען רעדט ער זיך אויס פאַר זיי, אויפ׳ן קול:

— דאָס ער, בעריל שײגעץ, געהט אװעק דיענען, און— ס׳נעהמט אַ סוף צו בערלען; די שטאָדט מעג שוין פאַרגעסען צו האָבען אַזאַ בערלען; פון דאָרטען װעט ער אַװעקגעהן אויף דער מלחמה: שיסען... שטעכען... הרג׳נען...

און ער צעװײנט זיך דערבײַ, װי ער װאָלט געװוען זיכער:

— ער געהט שוין מאָרגען אַװעק אויף דער מלחמה, און קײנמאָל מעהר נישט קומען צוריק אַהײם...

דער זומער געהט אונבעמערקט אַװעק. בעריל האָט פון דער ערשטער רגע אויפגעהערט צו אַרבײַטען, געהט אַרום פוסט-און-

פאַס, און ווײַבער זענען געראָכט ווען זײ מײנען: ס'איז מיט נסים אַ משוגעת כאַפּט זיך נישט אָן אין איהם... אָבער פון וואַנען נעהמט אַזאַ יונג צו עסען—אויפ'ן פּנים זעהט מען איהם, חלילה, פון קײן נויט נישט אָן....

איז דער תירוץ:

— אַ רעקרוט; אַ רעקרוט לעבט אויף קהל'ס חשבון. לײזער מאַכעל'ס, שלום יאַנקעל'ס, ברוך משה'ס, אַזעלכע יודען מיט הײזער, מיהלען, זעגען,—זענען אין שטאָדט פאַראַן אַ סך; און אויב זײ האָבען נישט אַזוי פיעל געלד, אָנגעשטאָפּט פולע בײכער,—האָבען זײ פאַר דאָס אלע שטעהן זיהנדלעך צום ליאָס, פון וועלכע ס'געהט אַנ'אָבצאָהל...

און ער, בעריל, ווײסט גוט דעם חשבון פון די אַלע רעקרוטלעך; וועמ פון זײ ס'איז אַוועקגעפאָהרען, און—וואוהין ער איז געפאָהרען... און—נאָך וואָס אַזעלכעס ער איז געפאָהרען... און—וואָס אַזעלכעס ר'האָט דאָרטען אַוועקגעטהון...

פון אָנפאַנג איז ער געווען אַלײן; נאָכדעם, האָט ער מיט דער צײט אָנגעהויבען צו בעקומען פאַרשוינען צו זיך; אײנער: דער לאַנגער שמואל, וואָס האָט אָנגעהויבען צו געהן; געגאַנגען איז ער אײגענטליך פון אַלע מאָל, און אויף זײנע פיס דוקא, געווען הויך ווי עוג מלך הבשן—נור דאָס איצטיגע געהן איז געווען גאָר צוליעב עפּיס אַנדערש; צוליעב אָדערן עפּיס, וואָס האָבען זיך בײַ איהם געזאָלט אָנזעהן אויפ'ן גראָבען פלײש פון פוס... און — מהאַי טעמא, האָבען איהם דאָקטוירים אַמאָל געזאָלט הײסען טראָגען גומענע זאָקען, נור דער לאַנגער איז אָבער קײן יאָלד נישט געווען, און צו דער נאַרישקײט זיך נישט געלאָזען צורעדען...

האָט זיך געפיהרט צווישען איהם מיט'ן פאָטער אַזאַ מלחמה: דער פאָטער געוועטליך: „געדענק, שמואל, טהו וואָס מ'הײסט דיך!" און שמואל: „לאו דוקא!".. אין דער לעצטער צײַט,

שוין האַרט פאַר'ן שטעהן, האָט זיך אויסגעניכטערט ביי איהם דער „יאָלד", און דוקא זיך גענומען צו דער זאַך אויפ'ן גרויסען אופן, און ער האָפט ר'זאָל אַרויס מיט דעם אויף אַ בלאָהען...

פאַר אַ שותף צו זיך האָט דער לאַנגער בעקומען בערלען; ביידע געהען, אָבער בעריל ווייס ב'קיין אופן נישט, וואָס דער לאַנגער פיהרט זיך עפּיס מיט איהם אַרום איבער אַלע פוסטע וועגען, איבער אַלע שטעגען, ביז... ר'האָט איהם אַמאָל דערטאַפּט ביים עסק, און מיט אַ פרעהליכען שמייכעל, ווי זיין טבע איז — דערלאַנגט איהם אי־בער דער פּלייצע:

— אַ משומד פון אַ יונג... דו ווילסט אויך איבערבלייבען אין דער היים?.. און ווער דען וועט אַוועקגעהן?.. ראובע'לע די אלמנה'ס, דער בן יחיד, דער שלים־מזל, אַז מ'זאָל איהם דאָרטען, ביי די זעלנער, צוטרעטען ווי אַ וואָרים מיט די פיס?..

און נאָך איין כּאַרש'ין איז מיט דער צייט צוגעקומען: דער קליינער ברוך'ל. אויף איהם האָבען אַלע געוואוסט: ר'וועט אַרויס מיט אַ ווייסען... נור אַלע האָבען איהם דאָס פערגונען, ווייל ער האָט זיך גערעכענט כאַר'ן קינד פון דער חברה... און איינמאָל אויך האָט איהם בעריל אַריינגענומען צווישען די קניע, און מיט יענער זאָרגפעלטיגער צערטליכקייט פון אַ טאַטען שטאַרק פון איהם אַנגע'חוזק'ט:

—נו, ברוך'ל, האָסט אַ בראָך אויף דער רעכטער זייט, זאָל דיך גאָט מזכה זיין מיט דער מציאה אויך אויף דער לינקער זייט—וועסטו זוכה זיין צו טראָגען אַ גאַרטעל אויף ביידע זייטען, און—אַרויס מיט גאַנצע צוויי ווייסע...

אָלול קאָן מען שוין מערקען דעם פריזיוו ווי ער הענגט אין דער לופטען; צוזאַמען מיט דער ימים־נוראים'דיגער שטימונג

לאָזט זיך שפּירען אַ בעזונדערע פריזיוו־שטימונג. עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינט, עס שיטען זיך געלע בלעטער פון די בוימער, קאַשטאַנעס פאַלען און צוקלאַפּען זיך, און איבער די געסלעך געהען מחנות רעקרוטען, זיי האָבען שוין אַוועקגעלעגט די מלאכה, ריכטיגער: די מלאכה האָט זיי אַוועקגעלעגט, און דרעהען זיך אַרום מיט די שטעקעלעך אין די הענד, ווי די חול־המועד׳ניקעס, נור אָהן דער פרעהליכקייט אויפ׳ן האַרצען...

און פרעגט ביי זיי עמיץ ווען־נישט־ווען:

— וואָס וועט אַזוי אייער סוף זיין מיט דעם אַרומדרע־הען זיך?..

הויבען זיי די אַקסלען, קנייטשען האַלב אומעטיג די ברע־מען מיט׳ן שטערן, ווי איינער זאָגט:

— וואָס קען דאָ זיין אויפצוטהון, אַז מ׳ווייסט נישט ווע־מענס מאָרגען ס׳איז?..

אויך אין די שטיבלעך און אין די בתי־מדרשים קאָן מען שוין זעהן מעהר יונגע לייט, וועלכע בלייבען־איבער ביי אַ יו־דיש וואָרט, אויף נאָך מנחה־ומעריב, אין די אלול־נאַכט אַריין, וועלכע איז שוין לפי־ערך גרעסער פון אַ געוועהנליכע זומער־נאַכט; מאַנכע זיצען און לערנען מיט אַ ברען, מיט אַ ניגון, שאָקלען זיך פערקנייטשט און פער׳דבקה׳ט איבער די אָפענע גמרא׳ס, און עס זעהט אויס, ווי זיי וואָלטען זיך אויסגערעדט די ביטערע הערצער זייערע:

— ס׳געהען אַזעלכע גרויסע טעג.. אוי, טאַטע פאָטער, און ווען נאָך קען מען זיך אַזוי אויסבעטען: מ׳זאָל פערבלייבען אין דער היים?..

איין בחור׳ל, מיט שוואַרצע אויגען ווי די פלעמלעך—הערט אַ ווײַלע אויף צו לערנען אויפ׳ן קול, שאָקעלט זיך אפילו ווײַ־טער מיט זיין אויסגעוויקט יראַ־שמים׳דיג פּנים׳ל, ס׳באָמבלען זיך זיינע געקרייזעלטע פּאות׳לעך איבער די באַקען, און אַ טיע־פער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון זיין דאַרע איינגעפאַלענע ברוסט:

אָי, טאַטעָ, זעָה, מ׳זאָל נישט ווערעָן אויסגעָוואָרפעָן צווישעָן גוים... אָבגערִיסעָן פון יודישקײַט... פון תורה לערנעָן... העָלף, טאַטעָ, שיק אַ ישועה...

בײַם אויוועָן זיצעָן, ווי פאַרשעָמט, פשוט׳עָ בעלי-מלאכות און זאָגעָן פון די סדורים׳לעָך; די דאָזיגעָ האָבעָן זיך אויפגעָהעָרט צו ראַזירעָן, און מיט פעָרלאָזטעָ בעָרדלעָך, ווי אײַנגעָריסט, קנײַטשעָן זײַ זיך, שלינגעָן די מזמורים, און אײַנעָר פון זײַ זאָגט אין דער שטיל, ווי אַ יודעָנעָ אויס אַ מענה-לשון:

— לעָרנעָן קעָנעָן מיר נישט, אָבעָר דײַנעָ יודעָן זעָנעָן מיר דאָך; שבת האַלטעָן מיר, פון ימים-נוראים ווײסעָן מיר, זעָה אין דעָם זכות: מיר זאָלעָן נישט פעָרוואָגעָלט ווערעָן... מיר זאָלעָן נישט וויסעָן, הלילה, פון קײַן מאכל טריפה... הלול שבת ויום-טוב...

אַזוי צוטײַלט זיך דער עולם; אײַן האַלבעָר, ווי אַ שטײַגעָר: די ווײַכעָ מעָנשלעָך, וואָס לאָזעָן זיך אויסקנעָטעָן ווי די פיגורלעָך פון לײם—די געָהעָן אין שוהל צרײַן: תפילה טהון... און די אַנדעָרעָ העָלפט, מיט בעָריל שײַגעָץ בראש, די ווילדעָ יונגעָן, די געָהעָן צו לײזער יאַנקעָל׳ס אין שײַנקעָל אַרײַן. און דער עולם בעָשטעָהט פון געָזונטעָ שנײַדער-יונגעָן, געָזעָלעָן, וועָלכעָ האָבעָן פון באַלד נישט געָוואוסט דעָם טײַטש פון עברי, און די „סלוזשבעָ” איז פון אַלעָ מאָל בײַ זײַ געָוועָן „בלאָטעָ”...

— מ׳וועָט זיך דאָרטעָן גלײַך אַרײַנבעָקומעָן אין „שוואַלנעָ”... נײַהעָן קיטלעָן... מאַכעָן שטיוועָל... באַקעָן ברויט—אַ דאגה?.. און די פאָר יאָהר וועָלעָן צראָבלויפעָן ווי קײנמאָל גאָר נישט... עפיס אַ סך—דרײַ יעָהרלעָך?... מ׳וועָט נאָך אַהײם ברעָנגעָן פון „סלוזשבעָ” אַ פאָר הונדערט קאַרבעָן אויך, און האָבעָנדיג צו דעָם אַדורכגעָפאָהרעָן אַ האַלבעָ וועָלט—וועָט מעָן עָרשט קעָנעָן אַ לײַטישעָן שדוך טהון...

דער עיקר:

— אַ רעָקרוט איז מעָן אויף דער וועָלט; אײנמאָל לעָבט

מען, און—איינמאָל שטעהט מען צום פריזיוו... און, דעריבער— חי מרדכי, געלעבט זאָל ווערען אויף וואָס די וועלט שטעהט!.

קומט-אָן אַ סטראַזשניק, נעהמט מען איהם אונטער די הענד צו ליזער'ן אין שיינקעל אַריין, און מ'שכור'ט איהם אָב אויפ'ן גרויסען אופן; בעריל שייגעץ שטעלט איהם נאָכדעם אַרויף אויפ'ן טיש און הייסט איהם געהן אַ „קאַמאַרעסקע"... ביים סטראַזשניק קלעבען זיך די אויגען, דער אָקעוויט הויבט ביי איהם אינוועניג אָן צו קאָכען, און ווען דער עולם אַרום מיט די גלעזערנע אויגען נעהמט פייפען מיט די פינגער אין די מיילער—דוכט-זיך איהם, ב'סטראַזשניק: „ס'איז פּאַסכאַ אין קאַזאַרמע... רעביאַטאַ קלאַפּט-צו מיט די פּייקלעך"... און ער פערשאַרצט די פּאָלעס, נעהמט געהן אַ טאַנץ... פערוואַרפט אַ פוס אין לופטען און גיט זיך אַ באָכע אונטער אין אַ זייט, און ער טאַנצט... פון פנים גיסט זיך איהם אַראָב טייכען שווייס, די האָר קלעבען זיך איהם צו צום שטערן, ער איז רויט ווי אַ ראַק, און—אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז ער פערגעסט זיך גאָר, דאָס ער געפינט זיך צווישען יודישע רעקרוטען, און נאָך דערצו ביי ליזער יאַנקעל'ס אין שיינקעל, און ער כאַפּט אַרויס די בלאַנקע שווערד פון שייד, נעהמט פאָכען מיט איהר איבער אַלעמענס קעפּ, און שרייט-זויס אויף זיין הייזעריגען שכור'ן גאָרגעל:

— עך, זשידי... מ'ברויך אייך אַלעמען אויסשעכטען...

דער עולם ווערט צורודערט; איין בעריל שייגעץ, וואָס פערליערט זיך נישט. ער כאַפּט פלינק און געשיקט אַרויס פון זיין האַנד די שווערד, און דערלאַנגט איהם אַ באָכע אין האַרץ, אַז ס'טהוט אַ קלונג פון איהם ווי פון אַ פאַס...

— ביסטו אַ חזיר, זאָלסטו נישט קומען צווישען קיין מענשען; ליעג זשע אין דער ערד...

דער סטראַזשניק—אַראָבגעפלויגען ווי אַ קינדער-פּילקע אויף דער ערד, ליעגט, פערקרומט פון באָכע, מיט אַזאַ מינע—ווי ער

וואָלט אויסגעזופט אַ האַלב גלאָז בראָנפען אויף אַמאָל; און ער בעט זיך, וויינענדיג:

— ניעט... יעי באָגו—טשטאָ ניעט... ניעט... ניע דומאַל..

עולם ווילדעוועט אויפ'ן קול, און וויל זיך אָבּרעכענען מיט איהם אויף קליין געלד.

— אַראָבּרייסען די שליפּעס!

— צוברעכען די שווערד!

איין בעריל שייגעץ, וואָס איז אויף זיין זייט:

— לאָזט איהם צורוה... חברה, מ'ברויך איהם קיין שלעכטס נישט טהון...

ער שטעלט איהם אויף די פיס, ווישט אָב מיט זיין פּאַ-טשיילע דעם שווייס פון זיין פנים, און פערענטפערט איהם נאָך:

— וואָס ווילט איהר פון איהם? ער רעדט—דער בראָנפען רעדט פון איהם... בטבע: אַ גוטער ערל... לאָזט איהם אָב... האָט אין-דערהיים אַ וויַיב'רע מיט זיעבען שרצים...

די חברה נעהמט באַלד אַדורך ס'רחמנות אויפ'ן גוי, און מ'מאַכט איהם נאָך צונויף אַ פּאָר קאָפּיקעס פאַר דער עולה, מ'בינדט זיי איהם איין אין העמד—ער זאָל זיי נישט פערלירען; דער לאַנגער שמואל מיט דעם קליינעם ברוך'לען נעהמען ביי איהם ס'אונטערפיהרען, מ'פיהרט איהם אַרויס בכבוד גדול אין גאַס אַריין, נאָך זיי—דער גאַנצער עולם...

אין דרויסען בלייבּט מען שטעהן פערקלעהרט:

— וואָס טהוט מען מיט'ן סטראַזשניק?...

עולם שרייט:

— אַוועקוואַרפען...

— אָבלאָזען אין גאַס...

בעריל שייגעץ זאָגט:

— ס'איז אַ רחמנות!

שפּאַרט זיך צמיץ פון עולם:

— אין דער ערד אַריין מיט׳ן קאָפּ...

און בעריל:

— ר׳האָט אין־דערהיים אַ ווייב׳רע מיט זיבען שרצים.

טהוט עמיץ אויף:

— אַהיים פיהרען!

— אַהיים פיהרען!

דער קליינער ברוך׳ל מאַכט אַ הלצה, ער שרייט איהם אריין אין אויער אויף זיין ווייבערישען קול:

— וואו וואוינסטו?..

דער סטראַזשניק שאָקעלט עפּיס מיט׳ן קאָפּ, פּרובט זיך גלייך שטעלען אויף די פיס. דער עולם לאַכט, היליכט... ענדליך ריהרט זיך אַלץ אין וועג אַריין מיט אַ געזאַנג און אַ פייפעריי, דער סטראַזשניק פליהט אין לופטען, שוועבט,—אָנגעקומען אויף דער ראָגאַטקע בלייבט מען שטעהן, מ׳קוקט זיך אַרום, און מ׳גאַפט.

— וואו איז ס׳היטעל?

דער סטראַזשניק איז נישטאָ.

שטעהען די אונטערפיהרערס און הויבען מיט די אַקסלען:

— דער רוח ווייסט איהם!..

— וואו האָט איהר איהם אַהינגעטהון?—שרייט בעריל אין כעס.

זאָגט עמיץ:

— אַודאי זיך אַרויסגעגליטשט...

לאַכט דער עולם.

— אויפזוכען!—שרייט בעריל.

פילדערט דער עולם:

— אַ מכה איהם...

— אַ שד...

— אויפזוכען!—שרייט בעריל אַלעמען איבער מיט כעס.

קיינער האָרכט איהם נישט; אַלע לאָזען זיך לויפען צוריק

אין שטעדטעל, קלאַפּען־אָן ביי די רייכע יונגע ליטלעך אין די פענסטער.

— איהר שלאָפט?..

— ס'ווערט אַ רוח אין אייערע טאַטע'ס ביינער אַריין!...

— שטעהט־אויף צו תהלים!...

— צו סליחות!

און אין שטעדטעל איז אַ וואַך־נאַכט...

אויף די ימים־נוראים זענען שוין אַלע רעקרוטען אין־דער־היים. אַזוי, געוועהנליך, קומט מען אַהיים, נישט אין קיין אויס־געזעצטע צייט, ס'רוב—אויף יום־טוב, און אַזוי איז מען זיך מקדים אויף ראש השנה נאָך צו זיין אין שטעדטעל.

— פּאָרט: ראש השנה!.. און שטעהן—שטעהט מען דאָך אויך!.. און גלאַט: עפּיס... וואו ס'מאַכט זיך... מ'בעדאַרף זיך אַריינקוקען... עפּיס געוואָהר־ווערען...

און צו ראש השנה און יום כפור זענען שוין אַלע אין שוהל. מ'האַלט מחזורים'לעך אין די הענד. צי מ'דאַווענט באמת—איז נאָך אַ גרויסער ספק... נור אַלטע יודען רעדען זיך'ס אַרויס:

— פאַר די חברה איז אַלע יאָהר גלייך אַ פּריזיוו. וואָלט עס געדענקט: מ'איז יודען... און געוואוסט: מ'ברויך דאַווענען...

און בעריל שייגעץ, בכבודו ובעצמו, האָט זיך אויך מטריח געווען, און געשטאַנען אַ גאַנצען יום כפור אין פּאָליש, מיט אַ פּער'חלש'ט האַרץ—ער האָט געפאַסט; ביי איטליכען על־חטא, ווען ער האָט געזעהן: אַלע קלאַפּען זיך אין האַרץ אַריין—האָט ער זיך אויך געקלאַפּט...

אויף צומאָרגענס נאָך יום כפור, אַזוי ווי ס'איז נור פּאַר־איבּער דער טערמין פון די הימעלדיגע פחדים—אַזוי האָט מען זיך צוריקגענומען צום אַלטען... מיט קולות וברקים לאָזט מען זיך אויף די גאַנצע נאַכט איבּער די גאַסען, און מ'שכור'ט אויף וואָס די וועלט שטעהט...

בעריל שייגעץ איז צוריק בעריל שייגעץ. וואו אַ משפּט—איז ער דער שופט; וואו אַ שמחה, אַ לויה—דער מנהיג, און אויב ער זאָגט: טאָג—איז טאָג...

אויף אייניגע גבירישע קינדער איז ער שטאַרק אין כעס, דערפאַר וואָס זיי האָבען נישט געוואָלט געבּען קיין „פּדיון", און ער שווערט זיך:

— דאָס זיי אַלע מוזען אַוועקגעהן מיט איהם דינען אין איין פּאָלק אַריין; כאָטש זיי האָבען זיך אַלע אַרומגעבּונדען די קעפּ מיט די אויערן, פערפאַקט פולע שיך מיט וואַטע, און זיך פערזעצט פולע מיילער ציין--וועט עס זיי נישט העלפען ביז אין טויט אַריין...

שמחת-תורה איז ער מיט זיין גאַנצע חברה נאָכאַמאָל געקומען אין שוהל אַריין, אַלע—טויט-שכור; בעריל האָט זיך קוים אַרויפגעדראַפּעט אויפ'ן בעלעמער, אַרויפגעקראָכען אויף אַלע פיער, אַ קלאַפּ געטהון אין שטענדער מיט זיין לאַפּע, און געהאַלטען אַ לאַנגע דרשה:

— אַז, היות ווי ער מיט זיין גאַנצער חברה געהט אַוועק דינען, און דאָס איז שוין אַ דבר ידוע—לכן, איז דער גבאי מחויב זיי צו געבען הקפות...

מילא, וואָס ס'קומט זיי—קומט! האָט מען זיי אַלע מכבד געווען מיט די ספרי-תורות, און דער חזן האָט זיך געלאָזט מיט מיט זיי אַרום'ן בעלעמער, און גענומען אויף זיין קוויטשיגען קול'כעל אַנ'עוזר-דלים—אַז די גאַנצע שוהל האָט געקייכט פאַר געלעכטער..

דיִ יונגען זענען געוואָרען רויט, אָנגעצונדען, אַזאַ חרפּה—אַז ס'האָט וועניִג געפֶעהלט וואָלטען זייַ אַוועקגעוואָרפען דיִ ספרי תּורות—בייַ אַזעלכע יונגען איִז זיִך עפּיִס צו ריִכטען?—און גוט אָנגעבראָכען נאָך דיִ בייִנער דעם גבאי מיִט'ן חזן איִנאייַנעם...

און אויף דער נאַכט האָבען זייַ זיִך ערשט רעכט אָבגע-רעכענט מיִט'ן שטעדטעל, פאַר דער עולה; פון אַלע בעלי-הבת'ישע סוכות געמאַכט אַ תּל, אַראָבגעבראָכען דיִ פליִגעל און צושלעפּט דאָס מיִט דיִ ווענד, מיִט'ן סכך איִבער שבעה ימים...



אַ גאַנצע נאַכט זענען די רעקרוטען געפאָהרען אין שטעדטעל אַריין. נאָך מיט אַ טאָג צופריהער האָט איטליכער „וואָיט" אין זיין דאָרף געלאָזט צוזאַמענרופען די יונגען, וועלכע ער האָט געהאַט אויפ'ן צעטעל פאַר היי-יאָהר, און אויך אָבגעהיטען ווי אַנ'אויג אין קאָפ פאַר'ן לעצטען זומער—און זיי געמאַכט וויסען:

— אַז, מ'פאָהרט צום נעהמונג...

אַ גאַנצע נאַכט האָבען די דאָרפישע פוהרען אַוועקגעפיהרט די יונגען פון זייערע היימישע ערטער, כאַטקעס און פעלדער, אַוועק אין שטאָדט, וואו זיי האָבען, אַפנים, זיך געהאַט אָבצושטעלען אויף אַ קליינע צייט, ווי מעסטען, וועגען, איבערקוקען, בעטאַפען, און—ווייטער אַוועק; וועהר מיט'ן באַהן, ווער—מיט'ן ים, און אַזויערנאָך אויף יאָהרען-לאַנג ווערען אויסגעריסען פון דער היים, אויסגעשאָקעלט און אויסגעוואָרפען איבער אַלע פוסטע שטעדט און דערפער, וואָס ליגען אַזוי ווייט איינע פון דער אַנדערער אין דעם ברייטען און טיעפען רוסלאַנד.

אין-דערפריה איז דאָס שטעדטעל נישט געווען צו דערקענען. איבער אַלע געסלעך—ווי גרויס און אַלט זיי זענען, שטעהען געדיכט די פויערשע וועגעלעך, פול דער מאַרק, די איינפאָהר-הייזער—געפאַקט... די פערד—פון אַ גוטע מינוט אויסגעשפאַנט, טראָגען זעקלעך מיט „אָבראָק" אויף די העלזער, אַ שטייגער: ווי קליינע קינדער—גאַוער-שערצעלעך, וועלכע זענען אָבגעטהון איבער די אויערן אַריבער, און זענען דאָרטען שטאַרק פערטהון מיט די

קאָפּ, פאָרען זיך שטאַרק, אַ געדיכטע פאַרע זעצט זיי פון מויל...
די אָרימערע שקאַפּעס טראָגען אויף זעקלעך, אָבער, ווייזט אויס:
ליידיגע. שטעהען גלאַט, מיט דער לונג־און־לעבער פון פאָרענט
ביים נאָז, און ציטערן פון דער פריה־מאָרגען־קעלט, כאַפּען אַ
ציטער מיט די זשעברעס, פוילענדיש און לאַנגווייליגקייט. זיך נישט
צו פערשעמען די לייטישע שכנים, די שקאַפּסקע פערד, וואָס
שטעהען און בריקען־זיך, רייסען שטיקער ערד מיט די פּאָדקאָ־
וועס פאַר אונגעדולד,—רוקט מען אויף אַמאָל אַריין דעם פּיסק
אין וואָגען היי, מ׳„זלאָבעט" דאָרטען אויף אַ רעכטען־אמת, אַז
די שכנים זאָלען מיינען: „גאָט דער לעבעדיגער ווייסט, וואָס פאַר
אַ צימעס מען האָט פאַר זייערטוועגען דאָרטען צוגעגרייט"... אַזוי
מאַלט מען זיך קוראַזש, וואָרום פערד, זאָגט מען, האָבען אויך
אַמאָל אויסצושטעהן די אייגענע חרפות און בזיונות פון מענשען,
און נישט איין שקאַפּע האָט שוין אויך דאָס היטעל פון קאָפּ
זיך אַראָבגע׳גנב׳עט, און אין זיך געהאַט:

— חתן, מאַך דיר אַ לבנ קנייפּ די באַקען—די פאַרב זאָל
שטעהן...

אויף איטליכע פוהר כמעט ליגט אַ פריש־צונויפגעשלאָגען
קעסטעל; אויף וועלכע—עטליכע קעסטלעך אויף־אַמאָל. און אין זיי,
אין די קעסטלעך, האָבען עס די רעקרוטען זיך מיטגעבראַכט
אַלע זייערע נויטיגע זאַכען צום אַוועקגעהן, וואָס אָהן דעם
איז נישט מעגליך אויסצוקומען: העמדער... הויזען... בערשט־
לעך... וכדומה... און עס זיצען די פויערטעס, וואָס האָבען
דאָס געניים איבער די לאַנגע זומער־טעג, געפּיאַסטעוועט,
און היטען מיטביידע אויגען: מען זאָל, חלילה, קיין
קעסטעל נישט אַראָב׳לקח׳נען... זיצען ווי די קוואָקעס, די קעפּ
אַרומגעהילט אין די פאַרביגע געבלומטע טיכער מיט רויטע בייט־
שען קרעלען און שוואַרצע צלמים׳לעך—אויף די העלזער; און ביי
יענע וועגען, וואו עס זענען קיין פויערטעס נישט פאַראַן, זענען

ביים „פּאָשלאַדעק" צוגעבונדען שוואַרצע „קודלאַטע" דאָרפישע הינד, וועלכע האָבען זיך איינגעדרעהט ווי די ביינגעל הינטער די וועגען, אַריינגענומען די ווידלען און בעהאַלטען די נאַסע געפּרוירענע נעז און לייב-און-לעבען, און זאָל גאָט וועמען געבען אין זין אַריין: זיך צו-צוריהרען צו אַ וואָגען, אָדער ס'זאָל וועמען איינפאַלען די חכמה: אהין ווארפען אַ שטיין אין זייער מחנה — איז יענעם, אָסור, נישטאָ וואָס מקנא צו זיין, אויב אַזעלכער וועט אַרויס אַ גאַנצער פון זייערע מיילער... און אַחוץ דעם: דאָס געבילעריי, דער ליאַרם, וואָס זיי אַלע הויבען-אויף, איז גראָד ווי איהר וואָלט געגאַנגען אויף זייער לעבען...

מיט'ן טאָג צוגלייך, אַזוי ווי ס'איז נור אויסגעפאַלען דאָס ערשטע שטיקעל ליכטיגקייט, און מענשען אין שטאָדט האָבען דערזעהן דאָס לעבען אויפ'ן גאַס, די בערגער שקצים, כאַמעס, וואָס זענען אַלץ אָנגעקומען אַוועקצוגעהן פאַר זעלנער, און ווי זיי האָבען זיך דאָס שוין צושפּרייט מיט אַ הווא-אַמינא איבער אַלע לעכער, מיט די שטעקעלעך אין די הענד — אַזוי האָבען זיי אַ שווערען זיפץ געטהון, ווי איינער זאָגט:

— ווער ווייסט וועמענס בייטעל ס'וועט דאָ היינט בלוטען ביי זיי, און וועמענס ביינער ס'וועלען קנאַקען אונטער זייערע שטעקעלעך?..

אויפ'ן גאַס איז אַנ'ענגשאַפט, זיך נישט אויסצודרעהען. מענשען האַלטען זיך דערווייל אָב פון אַרויסצוגעהן אין דרויסען, — ווי פאַר אַ שלעכט וועטער; און ווער ס'בעדאַרף געניייטיג, הויבט זיך אָן צו פּלאָנטערן צווישען די וועגען און רעדער, ביז ער קומט אַריבער ערגעץ, — מעג ער דריי מאָל גומל-בענשען, אויב ער איז אַרויס מיט גאַנצע אברים פון די שקצים'ס הענד, און מיט אַ גאַנצע קאַפּאָטע פון די הינד'ס מיילער...

עס קומען-אָן די „וואָיטעס", קלויבט איטליכער אויף זיינע

חברה, מוסטערט זיי אויס מחנות-ווייז אין לאנגע שורות, צעהלט זיי איבער: אויב ס'איז נישט וועלכער פון זיי אויסגערונען איבער נאכט, און מ'לאזט זיך גיין אויפ'ן מארק ארויף, צום „פאוויאט". די וואָיטעס טראָגען אלע נייע שטיוועל, פרישע סוקמאנעס,— מ'געהט זיך דאך עפּיס ווייזען פאר „נאטשאלסטווע", פאסט דאך עפּיס נישט צו קומען אין די וואָכעדיגע בגדים, מ'געהט דאָך עפּיס פון אויבען-אָן, מראש למחנה, מיט די קייטען אויף די העלזער... די שקצים געהען וואוילעריש, ארויפגערוקט די היטלען, מיט די שטעקעלעך אין די הענד, און גיבען דערוויל צו פאר־זוכען דעם טעם זייערען די יודען, וועלכע זיי טרעפען-אָן אויפ'ן וועג, לערנען זיך צו פערמעסטען אין די פּלייצעס פון אלטע יודען...

ס'איז אין-דער-פריה נאך, די קרעמלעך מאכען זיך ערשט איינציגווייז אויף, און וואו מ'שטעלט ארויס קערבלעך מיט פרי־שע ווארימע זעמעל, וואס נור פון אויווען-ארויס, ווערען זיי אראָבגעכאפּט דורך די שקצים, כאמעס מיט א געלעכטערל פון די שטעלען, ווי עפּיס א הפקר-זאך, און מ'טיילט זיך איין מיט דעם אויפ'ן מיטען גאס, מ'פרעסט אויפזעצענדיג... וואו און פון וועל־כען קרעמעל פליהט נאכדעם ארויס, ווי אנ'אונטערגעשאָסענער פוי־געל, א קרעמערקע, א יודענע—ווי א מויז, און שעלט נאך די שקצים פאר איהר פראצע, פאר איהר בלוט—מיט טויטע קללות אין זייערע ביינער אריין; און פאר א יודענע א שכנ'טע, וואס קומט איהר גראָד צו דער האנד, טענה'ט זי זיך אויס מיט טרע־רען, גיסט אויס איהר ביטער הארץ:

— נו?.. מ'שטיינס געזאָגט, וואָס מ'פערגינט נישט אנ'אייגען קינד, קומט דער שווארצער יאָהר און נעהמט-צו...

אנדערע קרעמערינס, וואס זעהען דאָס צו—שטעלען באלד נישט די שטעלען ארויס. נאך אנדערע, וואס האָבען זיך, אפנים, שוין געלערענט ביי יענעמס באָרד שערען, נעהמען שווייגענדיג

צו די שטעהערס מיט'ן געבעקס פון שוועל, טיעפער אין קראם אריין...

אין דער אייגענער נאכט איז בעריל שייגעץ כמעט נישט געשלאפען. ער האט אויפגעמונטערט זיין חברה וואוילע יונגען, געגאנגען פון איינעם צום אנדערען, אויפגעפרישט אויך דעם יד-אחת מיט די קיילער-שקצים, וועלכען מ'האט בעגאסען מיט א פאר פעס-לעך ביער,—און זיי אלעמען געוועקט ווי צו סליחות:

— געדענקט, מ'טאר נישט שלאפען... ס'געהט א טאג... ס'וועט זיין אנ'ארענטליך שטיקעל ארבייט... געדענקט, קינדער, מארגען הויבען-זיך-אן די ליאסען, מארגען וועלען קומען די כאמעס אין שטאדט, און זיי וועלען נישט שאנעווען פון קינדער ביז גראהע בערד...

באלד אין-דער-פריה האט מען זיך גענומען ארויסקריכען פון די לעכער, און איינציגוויז זיך צוזאמענגענומען פאר'ן הויז פון „פאוויאט", וואס איז געווען אויפ'ן מארק. און די יודישע רעק-רוטען, חברה וואוילערס מיט זייערע שקצים האבען פערנומען דעם אויבען-אן, דעם טראטואר וואס פאר'ן טויער, דאך עפיס: שטאדטישע... אלץ איז זייער: פאליציי... וואס מ'וויל נור הערען... עס האבען נישט געפעהלט: בעריל שייגעץ, ברוך'ל דער קליינער, שמואל דער לאנגער, וואס איז בעזונדער געווען אויסגעקאכט מיט די שקצים, און אציגד געגעבען צו פערשטעהן דאס עסק מיט די „כאמעס", צולעגט אויף דראבנע, און זיי אליין געמאכט פאר די שופטים, זאלען זיי משפט'ן:

— אדרבא, וואס פאר א זין דאס האט צו שלאגען ווייב-לעך מיט אלטע יודען, און כאפען עפעל פון די קוישען?..

פֿון צופֿריהער נאָך האָט דער סטראַזשניק, דער ממונה— ס'זאָלען נישט זײַן קײַן געשלעגען—אַראָבגעטריבען אַלע פֿוהרען פֿון מאַרק, וועלכע האָבען זיך אײַנציגווײַז אַרויסגעשלעפּט מיט זײערע קעסטלעך, פֿויערטעס און הינד—אונטער'ן שטאָדט, אויפ'ן פֿעלד אַרויס... און דאָס אָרט, דער גרויסער מאַרק איז באַלד פֿערפֿולט געוואָרען מיט די דאָרפֿישע שקצים; די פֿויער-שקצים זענען אַ סך, מעהר ווי צעהן גמינעס האָבען זיך געקליבען אַרום שטאָדט, און איטליכע גמינע בעזונדער פֿאַר זיך האָט אויסגעשאָקעלט, ווי נישט איטליכעס יאָהר, אַנ'ערך פֿון אַ צוויי הונדערט יונגען, און נאָך מעהר; די שטאָדטישע זענען געווען ווייניג, בלויז יודען כמעט, עטליכע געצעהלטע גוים, נור פֿאַר דאָס—גוים פֿון דער נאָל אַוועק, פֿון שעכט-הויז אַרויס, און פֿאַר די דאָזיגע לײַט האָט מען פֿון תמיד דרך-אֶרץ געהאַט אין שטעדטעל...

אויבען, אין נעמינג'ס-שטוב האָבען זיך שוין אַלע צוזאַמענגעקליבען. אַלע היטלען פֿון די גרויסע הענגען שוין אויף דער וואַנד, און מענשען מיט גאָלע און בעוואַקסענע קעפּ, מיט ליסינעס, דרעהען זיך אַהין און אַהער, מישען ביכער, מאַכען הכנות, און דער עיקר: מ'וואַרט אויפ'ן דאָקטאָר, וואָס נישט בלויז די יודישע רעקרוטען ווילען איהם זעהן, נור זײערע מאַמעס מיט די טאַטעס האָבען פֿאַר'ן גאַנצען נעכטיגען טאָג איהם אָבגעוואַרט אויך, און... געוואָלט זעהן.

ער קומט-אָן דער לעצטער. ווי עפּיס אַ שטיקעל מיוחס, צי גלאַט געווען פֿערנומען מיט אַנ'עסק'ל אין שטאָדט נאָך; אַ הויכער גוי, אָהן שליפּעס, מיט ברילען און אַנ'אָבגעטראָגענעם פּאַלטען. עולם מאַכט איהם אַ וואַרע, און דער לאַנגער שמואל ברענגט זיך באַלד אויס אַ ווערטעל:

— אַ פּריץ?... ס'איז כדאַי געווען אַראָבצוברענגען אַזאַ גוי'-שטשאָק אַזש פֿון די מרחקים, אין שטאָדט וואָלט מען אַודאַי גאָר נישט בעקומען די מציאה, האַ?.. דאָס זאָל שוין זײַן אַ גאַנצער „יש"—אָסור, אויב ער וואָלט זיך געוואָלט טוישען מיט זײַן פּאַל-

טען!.. אַ גרויסער קבצן דער יאָלד, מ'דערקענט עס אין איהם. אַ קערבעל מוז אַודאַי זיין אין גאָלד אַריין...

— אַ פערקעהרטער שכל—דרינגט דער קליינער כרוך'ל,— זיכער, אַ גרויסער נקי־כפים'ניק; ווען נישט, וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד... אָנגעטהון ווי אַ גראַף...

די פויערים־שקצים, וואָס קומען אַלץ אָן אין די גרעסערע מחנות, ווערען אַלץ מעהר „וואוילער" ביי זיך... זיי דרעהען זיך איבערן מאַרק מיט גאוה, פינקלען מיט די וואַסערדיגע אויגלעך, און פערטשעפען אַלע ווייבלעך אַנ'אַנדערען פון די יונגע־לייטלעך, קוים געהט ער נור אָב אויף אַ טריט פון יודישען רעדעל...

בעריל שייגעץ שטעהט ווי אַ הונד אויף דער קייט, וואָס וויל זיך אָט אָט יוואָס נור וואַרפען, נאָר האַלט זיך נאָך עפּיס איין אונבעוואוסט פאַר זיך אַליין, ס'זאָל נישט קומען צו קיין געשלעג...

— וואָס וועט דאָ זיין פון דעם שטעהן?—פרעגט אַ רעק־רוט, אַ גרינער בילעט, וואָס שטעהט שוין צום דריטען מאָל— מ'קאָן נאָך דרייסט אַהיימגעהן און זיך געשמאַק אויסשלאָפען... ביז מ'וועט שאַצען... און די גמינעס ווערען ציהען ליאָסען צווי־שען זיך, ס'איז אַנ'איי אויף מיטוואָך!..

— אַזוי?—און צו וועלכע גוטע יאָהר שטעהט מען דאָ ווי־דער?..—פרעגט בעריל שייגעץ, שוין זייענדיג אין כעס—קומט צו לייזער'ן!.. מ'האָט נאָך היינט נישט גאָר אין מויל געהאַט!..

נוס... דער עולם ריהרט זיך עפּיס נישט; צו־לאַנג האָט מען געוואַרט אויף דעם טאָג, ביז מ'וועט ברוכען אָנקומען דאָ; שטעהען מיט אַזאַ גדלות, און בעזונדער פיהלט זיך שטאַרק דער חשק זיך אָבצורעכענען מיט די שקצים, כאַמעס, וועלכע האָבען זיך איבער'ן טאָג שוין צופיעל ערלויבט, ווי, אַ שטייגער: אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקען איבער אַ פּליצע, אונטערגעשטעלט אַ פיסעל אַ רעק־רוט, יענער זאָל אַריבערפאַלען, אַראָבגעוואָרפען ביי וועמען אַ היי־טעל פון קאָפּ, חברה האָט געברענגט צו אַ געשלעג, וועלכעס

האָט געהאַנגען אין לופטען, איז שוין געווען גוט אונטערגעלעגט, בור, אַפּנים, ס'איז נאָך אַלץ די צייט נישט געקומען...

אַרויסגעגאַנגען איז אין יענער צייט אַנ'אַלטער יוד פון בית-המדרש, אַ זקן, קוים וואָס ער האָט זיך געקאָנט דערהאַלטען אויף די פיס, איינגעבויגען, מיט טריבע אויגען, זיך געשלעפּט, אָנגעקלאַפּט אַלצאיינאיינעם מיט'ן שטעקען אין די ווענד, אַפּנים בלינד געווען און געשאַפּט נ'וועג; געוואָלט האָט ער אויף אַפּנים אַרויסגעהן צום „פּאָוויאַט", געוואָהר-ווערען פון זיינס אַנ'איניקעל, וואָס ער האָט געהאַט שטעהן... און ווי דער יוד איז נור אויפ'ן מאַרק אַרויפגעקומען—האָט אַ יונגער שייגעץ ביי איהם דעם שטעקען אַרויסגעריסען מיט עזות, איהם דערלאַנגט אַ שטורך, פון וואָס דער אַלטער איז אומגעפאַלען צו דער ערד, און דאָס בלוט האָט זיך איהם גענומען גיסען פון מויל — — — — — — — — — — — האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי אויף די שוועלען פון די יודישע קראָמען:

— גוואַלד, מ'האָט אַ יוד דער'הרג'עט!..

און יודען האָבען פאַר פחד גענומען לויפען אין די טויערן מיט אַ געשריי, מיט אַ געפּילדער, ווי די איבערגעשראָקענע האָזען, די קעפּ אַראָבגעבויגען, אַחוץ עטליכע געצעהלטע, וואָס האָבען זיך מפקיר-געווען און אַריין אין רעדעל, געכאַפּט דעם זקן אויף די הענד, איהם אַרויסצוטראָגען, אַ האָגעל פון שטעקענעס איז געפאַלען איבער זייערע קעפּ, און נאָך נישט אָנגעגאַנגען אַ טריט זענען שוין אַלע געווען אָנגעגאָסען אין בלוט...

געשטאַנען איז דער עולם „וואוילע" יונגען, וואָס האָט פון אַ ווייליע אַהער געטראַכט פון אַוועקגעהן, אַזוי ווי אַ מחנה

אויפגערייצטע וועלף, וואָס האָבען נור־וואָס אויסגעבראָכען די קראַטען, און פאַר גרויס ענטציקונג, האָבענדיג פאַר זיך אַ שלאָפענדיגע סטאַדע אָקסען—נור וואָס זיי שטעהען נאָך, האַלב אונבעוואוסט פאַר זיך, צוזאַמענגערוקט, די אויערן אָנגעצויגען, ווי אַ ביינער שרעקענדיגער ווינד וואָלט דורכגעלאָפען... בערלען האָבען זיך די האָר אויפגעשטעלט ווי אויפ'ן רוקען פון אַ ווילדען הונד, אַ שוויינגענדיגער איז ער אַריינגעפאַלען צווישען די שקצים, איינער אַליין, נישט־קוקענדיג, ווער ס'איז מיט איהם,—האָט ער זיך געוואָרפען אין דעם קנויל פון מענשען, אָנגעטאַפּט דעם שיינגעץ, וואָס האָט אָבגעטהון די מעשה, פלינק אַרויסגענומען דעם שטעקען פון זיין האַנד, איהם פערמאָסטען אַ פראַסק איבער'ן פרצוף, פון וועלכען יענער האָט זיך אַ טאָטשע געטהון ווי אַ שיכּור און זיך איבערגעקוילערט צו דער ערד...

— אַנ'אַלטען יוד וועסטו שלאָגען!—האָט ער געקיילט, געטרעטען איהם מיט די פיס, און געוואָרגען מיט זיינע הענד, דאָס דעם שייגעץ ועגען ארויסגעקראָכען די אויגען פון קאָפּ...

די איבריגע שקצים האָבען זיך לכתחילה צוריקגעהאַלטען, עפּיס ווי צומישט, פערטומעלט, פון דעם ווידערשטאַנד, וואָס איז פאַר זיי געקומען אַזוי אומגעריכט, און האָבען זיך פון דער ערשטער רגע נישט געקאָנט אָבגעבען קיין רעכענונג, וואָס ס'איז געשעהן; נור, געזעהן האָבען זיי, ווי אַ זייעריגער ליגט אויף דער ערד און אַ יוד טרעט איהם מיט די פיס, האָבען זיך אַלע געוואָרפען אויף איהם, מיט די שטעקעלעך איבער'ן קאָפּ, און דענסטמאָל האָבען זיך די יונגען צוזאַמען מיט די קיילער־שקצים אַ לאָז־געטהון צווישען די כאַמעס און גענומען אַרבייטען מיט די הענד; קצבים־יונגען האָבען אַרויסגעצויגען שטאָהלען פון די כאָלעוועס און געשניטען ווי אין קרויט... דער מאַרק מענשען איז באַלד פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לעבעדיגען פלאָנטער פון יונגען מיט שקצים, וועלכע זענען אַלץ איינאיינעם געפאַלען צו דער ערד, אויפגעהויבען זיך, מיט עקשנות אַרומגענומען, געבי־

כּען מיִט די בּייִן, גערײסען פּאַסען פון די קורטקעס... שטעקעלעך זענען געפּלויגען, זיך געדרעהט איִן לופטען ווי די לעערע זאַנגען בּיים דרעשען... דאָ און דאָרטען האָט מען געקאָנט זעהן, ווי עס ליִעגט אויף דער ערד אַ יונג מיִט אַ שייגעץ, בּיידע האָבען זיך ברודערליִך צרומגענומען, זיך געקוילערט, געקוילערט; אַמאָל — איִז דער יונג געבּליִבּען ליִעגען פון אונטען, בּאַלד — דער שייגעץ, בּיִז, ענדליִך, דער יונג בּלײַבּט פון אויבּען, די אויגען — פערלאָפען, די ציין — צוגעדריִקט, און רעוועט ווי אַנ'אָקס:

— צלמ'טע יודען וועט איִהר שלאָגען?..

אַרום האָט זיך אויפגעהויבּען אַ טומעל, אַ געפּילדער, אַזוי גוט יודען ווי פויערלעך, וועלכע זענען זיך אָנגעלאָפען אויף די געשרייען און פערבּראָכען די הענד, רײַסען זיך די האָר פון די קעפּ. פויערטעס מאַכען קוויטשען, אַז זיי פּאַרגליִשען, און דאָ שלאָגט מען זיך, מ'ליִעגט אויף דער ערד און מ'רײַסט זיך ווילד, מיִט רציחה, און ס'איִז צו זעהן: ווי אַלע ווײַלע לויפט אַרויס אַנ'אַנדערער שייגעץ פון קליִמפּער, דאָס בּלוט גיִסט זיך איִהם פון קאָפּ, און ער שרײַט:

— אָ, יעזוס... יעזוס...

אַזוי איינער נאָכ'ן אַנדערען לויפען-אַרויס די שקצים, צו-בּלוטיִגטע, צו'הרג'עטע, צושפּאָלטענע קעפּ, אויפגעשווילטע ליִפּען, זיי צולויפען-זיך, דער מאַרק ווערט מיִט דער מיִנוט שיִטערער, און ליידיִגט זיך בּאַלד אויס פון די אַלע פויערים-שקצים... עס קלײַבּען זיך שוין די יודען מיִט די קײַלער-שקצים איִנאיינעם אויבּען-אָן, אויך בּײַ זיי זעהט מען עפּיס אָב; בּײַ וועלכען איִז דער קאָפּ צוקײַלט, אַ שטערן אויפגעלאָפען, אַ בּאַק אָבגעשווילט, ניִשטאָ קיין איינער וואָס זאָל ניִשט האָבּען קיין בּלאָהע פרענגעס, בּראָן און בּלאָהע אונטער די אויגען...

בּעריל שייגעץ ווישט זיך מיִט'ן אַרבּעל די ליִפּ, וועלכע איִז צושפּאָלטען, און ס'טריִפּט בּלוט; ער שעלט פאַר כּעס אויף וואָס די וועלט שטעהט:

— גאַנצע „וואָילערס" די כאַמעס, צו שלאָגען ווייבער מיט אַלטע יודען, אַ בראַנד מעג זיי קומען אין די בייכער אַריין, אַ פלאַם אין די אויגען, מיט אונז זאָלען זיי זיך קאָנען פערהערען?...

— אַ קטאָ טשי טאָ זראָביל?—פרעגט ביי איהם אַ קיילער-שייגעץ.

— ווער ס'האָט מיר דאָס געטהון, וועט שוין אַצינד אַוועק-געהן אין דער ערד אַריין, נישט צו די זעלנער...—ווייזט בע-ריל מיט אַ פויסט צו די דאָרפישע שקצים, וואָס האָבען זיך גע-נומען עפיס דרעהען ווי די אָנגעשלאָגענע כפרות אין די ווינק-לען פון מאַרק...

— די גאַנצע גבורה זייערע ליעגט נור אין די שטעקע-לעך,—טהוט-אויף דער קליינער ברוך'ל, וועלכער איז אַליין גע-לעגען פאַר דער גאַנצער צייט בעהאַלטען ערגעץ אין אַ לאָך, געקלאַפט אַ צאָהן אין אַ צאָהן, און ערשט אַרויסגעקראָכען, מאַ-כענדיג זיך פאַר אַ גברן, אַ העלד, וואָס פון זיינס אַ פלאַטק האָבען זיך אַודאַי צעהן שקצים איבערגעקוילערט,—נעהמט-מען צו ביי זיי די שטעקעלעך, אַזוי נעהמט מען צו ביי דעם די הענד...

— כי-כי-כי!..—לאַכט הייזעריגליך דער לאַנגער שמואל, וועלכען מ'זעהט כמעט נישט אַרויס די אויגען פון קאָפ, און האָט אַ פנים וואָס איז בראָן און בלאָה.—מ'וועט זיי נאָך די הענטע-לעך אויך אַראָבנעהמען, נישט בלויז די שטעקעלעך...

— אָבער, ווער האָט דיך אַזוי איינגעריסט?—קייכט פאַר געלעכטער בעריל שייגעץ.—קוק דיך נור אָן, וואָלסט דיך, כ'לע-בען, נישט דערקענט!..

דער לאַנגער טהוט אַ פיהר מיט ביידע הענד איבער'ן פנים, און, אַפנים, ער פיהלט זיך גוט,—שעלט ער, ווערט בייז, און וואַרפט זיך...

— און וואָס זאָל זיין?.. אַז מ'ברויך זיך געהן שלאָגען אויפ'ן ניכטערן!.. דאָס האַרץ חלש'ט, און דאָ געה האָב צו טהון מיט אַזאַ געהינטעכץ...

און דער גאַנצער עולם שיט זיך אַראָב צופריעדען, לאַכענ-דיג, צו ליזער'ן אין שיינקעל, צורעכט-מאַכען דאָס ערשטע אָנ-בייסען נאָכ'ן ערשטען געשלעג פון טאָג...

אין דער איינענער נאַכט האָט זיך ליזער שיינקער נישט אויסגעשהון; אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען על התורה ועל עבודה, געריייניגט די טישען, געוואַשען די פּאָדלאָגעס, געשאָבען, געפליקט דעם שמאָדער מיט די ציין... ער האָט אויסגעליידיגט אויף זיין שטיבעל, וואָס ער האָט פאַר אַ גאַנץ יאָהר געהאַט פאַר אַ מקום-מנוחה פאר זיין ווייב און קינדער, איבערגעטראָגען דאָס ביסעל בעבּיכעס זיינס ערגעץ אויף אַ בוידעם, פערשטופּט אין אַ לאָך, גראָד ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף צו-מאָרגענס אויף עפּיס אַ וואַזשנע רעוויזיע; די גראַטעס זענען אויסגעליידיגט, דאָס ווייב— פערקאַטשעט די אַרבעל, דאָס קלייד ביז'ן גאַרטעל, שוועַנקט, פּרישט-אויף דעם קאַסע-טיש: אַלץ זאָל בלאַנקען, לייכטען. און די אמת'ע סבה פון דעם אויפריכטען, ווען מ'זאָל איהם פרעגען, וועט ער איהם גלייך דערצעהלען:

— אַז מאָרגען הויבט-זיך-אָן דער פריזיוו, און דאָס איז זיין סעזאָן, אויף איהם קוקט ער אַרויס ס'גאַנצע יאָהר; אין די טעג וועלען ביי איהם זיין אַלע רעקרוטען, סיי אַזעלכע וואָס וועלען אַוועקגעהן דינען, און סיי אַזעלכע וואָס וועלען זיך אויסדרעהען—וועלען אַלץ מוזען אָנקומען צו איהם, פערזוכען זיינס אַ גלעזעל בראָנפען, אַ קופּעל ביער אַראָבלאָזען, און אַ פּריש געבראָטען שטיקעל געגנזענס פערבייסען...

שוין קעגען טאָג האָט ער אַוועקגעשיקט ס'ווייב מיט אַ שטיק דערין געגנזלעך צום שוחט, אַליין זיי געהאָלפען פליקען און

אָבמאַכֿען; נאָכֿן עם זיך אַרומגעזעהן, אַז ס'איז אין דער אַנדערער שטוב נישטאָ וואו צו זיצען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויפ'ן בית-המדרש-הויף, וואו ס'ליעגען אָנגעגרייט בענק, אויף די ימים-נוראים'דיגע טעג, און וועלכע אויך דער שמש בענוצט פאַר אַ גאַנץ יאָהר צו אַלע שמחות אין שטאָדט, ווי ביי חתונות און ברית'ן,—און ביי די בענק האָט ער זיך שיער נישט איבערגעריסען, ביז ער האָט זיי געבראַנגט צו שלעפּען אַהיים, צו זיך אין שטוב, און אַרומגעשטעלט אַרום די ווענד.

אַצינד, ווען דער עולם האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו איהם אין שיינקעל און דערזעהן די אָדערקעס מיט די פּופּקעס, ווי זיי ליעגען אויסגע'סדר'ט אויפ'ן קאַסטע-טיש, אַזוי האָט עס זיי אַ ציפּגעטהון פאַר די לעבער, און די שלונגע איז יעדען געקומען אין מויל אַריין; דאָס גלאַנצען פון די מעשענע קראַנען פערבלענדט די אויגען—און דער עולם, ווי די הייזשעריקען, האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסען, און איידער וואָס-און-ווען איז דער טיש געווען גוֹל, אָבגעליידיגט, כלהוך השור—אָבגעלעקט מיט די ביינער...

נאָכדעם צוזעצט מען זיך אַרום די טישען און בענק. ליי-זער שטעלט-אויף אַ פּאָר פרישע פעסלען ביער, און די גלעזער הויבען-אָן שוימען, אויסליידיגען זיך איינס נאָכ'ן אַנדערען אין די טוצען-אַריין... און אַז דער עולם איז שוין באַלד מלא, אָנגעפּרע-סען און אָנגעזויפען, פערשאַרצט זיך לייזער די פּאָלעס, און מיט פינקלענדיגע אויגעלעך דערלאַנגט ער אַ חשבון:

— כך וכך קומט איהם פאַר פּופּקעס... כך וכך פאַר גענז-לעך... כך וכך פאַר ביער...

און מאַכֿט זיך נאָך אַנ'אויסריי:

— דאָס ער וואָלט גאָרנישט גערעדט, נור מחמת ער פער-שטעהט, דאָס מיט דעם ביסען געהט נאָך נישט דער עולם שלאָ-פען דעם טאָג... און איבער דעם ברויך ער תיכף בעשטעלען פרישע ביער, און ס'„ברויז" שיקט נישט אָהן געלד, די געזונלערקע

גיט אודאי נישט, פונדעסטוועגען, טרײַבט ער חלילה זײַ נישט אַרויס, זײַ מעגען זיך נאָכדעם זיצען אַ גאַנצען טאָג אויך...

בעריל בעלײַדיגט-זיך נישט; ער פערדרײַסט דעם קאָפּ מיט אַ מינע פון אַ גדול און ווײַזט-אָן אויפ'ן פרישען עולם, וועלכער צאָהלט; צווישען דער חברה וואוילערס געפינען זיך דאָסמאָל אַ סך פון די „ווײַכע" מענשלעך, וועלכע האָבען אַ גאַנצען זומער זיך געקענט ווי-נישט-ס'איז אויסדרעהען, אָבער ווײַטער געהט עס נישט, און מ'מוז מיט-טאַנצען... די דאָזיגע שטעהען פעררוקט אין אַ ווינקעלע, דרעהען די געקרײַזעלטע פאות'לעך עפיס אַזוי פער-טיעפט, און פיהלען זיך ווי אַ סטאַדע פערבלאָנדזשעטע שאָף, וואָס אין פלוג פרעגט זיך טאַקי:

— ווי קומען די ריבען אין דעם זאַק אַרײַן?..

נור-וואָס פון זײַערע געזיכטער קאָן מען אַראָבלײַענען אַ טיעפע קרענקליכע מינע, ווי אײַנער זאָגט:

— אמת, מיר קומען טאַקי נישט, נור אַ ברירה האָט מען?.. פון די זעלבער קען מען זיך טאַקי ווי-ס'איז-נישט אַרויסהעלפען, אָבער פון אַ רעקרוט זײַן — נישט; דאָ געהט עס נישט!..

און — צווישען די וואוילע יונגען געפינען זיך אַ סך פרישע, וואָס זענען צוגעקומען פון די שטעדטלעך: געזעלען-יונגען, די האָבען זיך גלײַך ווי די פויערים-שקצים זיך מיטגעבראַכט די זאַ-כען מיט די קעסטלעך, און כאָטש — אַ פנים חדשות, איז עס גאָר-נישט קײַן מניעה מ'זאָל זיך געבען גלײַך די הענד אין דעמזעל-בען טאָג, ווי די אַלטע גוטע ברידער, און צוזאַמען לעבען אַ טאָג...

· צו דער צײַט האָבען זיך געדרעהט די שקצים אויפ'ן מאַ־ק, זיך געקליבען מתנות-ווײַז און געזוכט אַנ'עצה: מיט וואָס זיך אָבּ-

בורעכענען פאַר די קלעפּ, וואָס זיי האָבען בעקומען?.. און יענע וואָס מיט די געשוואָלענע קעפּ, האָט מען אַריינגעפיהרט צווישען די פרישע שקצים, בעוויזען זייערע צורות, און אויפגערייצט:

— זעהט... זעהט, וואָס די יודען האָבען אונז געטהון... זעהט ווי זיי האָבען אונז צוקײלט... צובײלט... וועט מען זיי דאָס אַזוי שענקען?..

און פון אַלע גמינעס האָבען זיך די שקצים געקליבען און געגרייט. און איינער, וואָס האָט גאָר נישט געקאָנט ריהרען מיט׳ן קאָפּ, און זיין פנים האָט אויסגעזעהן ווי אַ פריש-בלאָהע צופּרע-סען הייפּטעל קרויט—האָט זיך געשוואָרען:

— אַז דאָס האָט איהם גאָר אַנ׳איינגענער געטהון!.. אַ קרושעשציאַנין!..

מאַכט זיך אַ מעשה: ס׳ברויכען גראָד אָנקומען איניגע יונגע-לייטלען, אויסגע׳דבר׳טע, וואָס האָבען גאָרנישט געוואוסט פון קיין פותר און קיין חלום, און געוואָלט, פּשוט: אַריינגעהן אין הויף פון „פּאָוויאַט”. דאָ האָבען זיי פערשטעלט דעם וועג עט-ליכע שקצים, ביי וועלכע דער כעס פון פריהער האָט ערשט גוט געברענט, און ס׳האָבען זיך שוין געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען געשוואָרען מיט ראיות, מיט אותות ומופתים:

— אַז זיי האָבען פריהער געשלאָגען!...

האָבען זיך די שקצים געוואָרפען אויף די יונגע-לייט, און גענו-מען זיי שלאָגען מיט שטעקעלעך איבער די קעפּ, דאָס די יודי-שע יונגע-לייט זענען תיכף געפאַלען צו דער ערד און זיך בע-גאָסען מיט בלוט; האָבען די טאַטע-מאַמעס, וואָס זענען געווען מיט זיי—זיך געוואָרפען איבער זיי מיט זייערע לייבער, אָבוואָה-רען די קינדער און אויפגעהויבען אַ האַרץ-רייסענדיג געשריי:

— יודען, ראַטעוועט אונזערע קינדער!.. בעשירמט אונז פון די גוים׳ס הענד!..

די איבריגע שקצים, האָבענדיג נחת פון דעם שפּיעל, האָ-בען זיך געוואָרפען איבער די שטעלען פון מאַרק, אָנגעפּאַקט

זיך פולע קעשענעס מיט עפעל, פלוימען, באַרנעס, און מיט דער רעשט זיך געמאַכט פאַר אַ שפּילעכעל: געוואָרפען מיט פערגע-ניגען איבער'ן מאַרק—האָבען יודען, קרעמער, געגומען פערהאַקען די טהירען פון די קראָמען, און ווייבער—זיך צו פליקען אויף זייערע קוויטשיגע קולות:

— יודען, מ'ראַבעוועט אונז... מ'נעהמט אונז צו דאָס לע-בען מיט'ן פערמעגען!..

אין די אַנדערע גאַסען, וואו עס האָבען דערגרייכט די קולות מיט די געשרייען, האָט מען געמיינט: מ'שעכט דאָרטען אויס גאַנצע געזינדען, און אַלץ האָט זיך איבער איין רגע אָבגעטהון פון גאַס, די הויפען זענען געוואָרען ליידיג, טהיר און טויער פערהעמערט, מ'איז געלאָפען זיך בעהאַלטען: ווער אויף אַ בוידעם, ווער אין קעלער, וואו נור איינער קאָן...

דענסטמאָל איז אויך אַ יוד מיט אַ געשפּאַלטענעם קאָפּ און אַ צוריסענעם פנים, פון וועלכען דאָס בלוט האָט געיאָרושעט, או-זיך קוים מיט'ן לעבען געראַטעוועט פון דער בראַנד—אַריינגעפאַ-לען אַ פערצאַפּעלטער צו לייזער'ן אין שיינקעל.

— גוואַלד, יודען, איהר זיצט דאָ און עסט בנעימות, און אין דרויסען ווערט חרוב אַ שטאָדט, אַ ישוב געהט אַוועק פון דער וועלט, מ'שעכט קינדער אין די וויגען...

איז דער חברה דאָס בלוט פערקיהלט געוואָרען אין די אָדע-רען; דאָס פלייש געבליבען שטעקען אין די העלזער, אַ טריט ווייטער ניט צו געהן, די גלעזער הייער האָבען זיך אַרויסגע-גליטשט פון זייערע הענד, און אַ רגע געקוקט סתם אין דער וועלט-אַריין, ווי אַ שטייגער זיך געוואָלט איינהערען צו דער גאַס אין דרויסען—וואָס אַזעלכעס ס'קומט פאָר דאָרטען, געוועגדט זיך צום יוד, ווי ער וואָלט זיי עפּיס ניט געווען בעגלויבט, און די גאַנצע געשיכטע ניט מעהר ווי אויסגעטראַכט—האָט אָבער גע-רעדט זיין צובלוטיגטער קאָפּ:

— שענקען אַזאַ זאַך?.. נבלה עשה בישראל — און זײַ שווײַגען!..

— קינדער, אויף קידוש-השם! — האָט נאָך עמיץ געלאָזט פאַלען אַ וואָרט.

און ווי די אמת'ע גבורי ישראל האָבען זײ זיך געגעבען אַ שטעל-אויף, און מיט אָנגעדראָלטע פויסטען, מיט פולע אויגען בלוט זיך געלאָזען איבער'ן גאַס; און ס'איז געווען, ווי זײ האָבען דערזעהן דעם חורבן, דערהערט די געוויינען פון די מוטערס, דערזעהן די קאַלוזעס בלוט אויף די שטײנער, זענען זײ געוואָרען ווילד פאַר כעס און רציחה, אַרויסגעכאַפּט קלאָניצעס, נאָרציקעס פון די וועגען, פון די איינענע פויערשע וועגען, און גענומען פאַכען מיט זײ צווישען די קעפּ פון די שקצים, וואָס האָבען גע-ווילדעוועט אויפ'ן מאַרק... די שקצים האָבען דאָסמאָל אויך נישט געשוויגען, זײ האָבען זיך, אַפּנים, פון פריהער געהאַט גוט אונ-טערגעאַרטעלט צו דער מלחמה, און עס האָט זיך צושפּיעלט אַ בלוטיג געשלעג... די יונגען מיט די קײַלער-שקצים האָבען שוין בעקומען גוט אָנגעשלאָגען, נור וואָס ...הר זײ האָבען בעקומען, מעהר ווילדער זענען זײ געוואָרען; די פויערים-שקצים זענען געווען אַ סך, צעהן אַודאַי אויף איינעם, און אפשר — הונדערט אויף איינעם, נור די יונגען האָבען זיך נישט פערלוירען, ווי עכטע גענוטע און אַלטע שלעגערס איז קיין איינציגער קלאַפּ פון זייערס אַ האַנד נישט געגאַנגען לאיבוד; עס האָט זיך צושפּיעלט בײַ זײ דער כח-הדם און זײ האָבען גאָר נישט געשפּירט די שטעקענעס וועלכע פאַלען אַלץ-איינאיינעם איבער זייערע לײַבער, האָבען אַפילו נישט געפיהלט ווי זײ ווערען אָבגעגאָסען מיט בלוט, נור-וואָס אַ רגע געוואָרען מעהר ווילדער, צוריצטער, און האָבען געשניטען פון אַלע זײַטען... עס איז נור געווען צו זעהן: ווי עס פאַלען די שקצים, פאַלען פון די פיס, גליטשען זיך אויס, ווער איבער אַ וואַנד, וועלכער אויף דער ערד, שטעלען זיך צודיק אויף די פיס און פאַלען נאָכאַמאָל, ווער — צווישען די פענסטער, צווישען די

וועגען... עס גיסט זיך בלוט פון די קעפ, וואס זענען ביי פיעל אנגעלאפען, געשוואלען, און די יעניגע לויפען ארויס פון דעם קלימפער, פלאנטערען זיך אויף די פיס עפיס ווי האלב-שכור און צומישט, אזוי איינער נאכ׳ן אנדערען, ביז זיי ווערען פערפאלען ערגעץ אין אנ׳אנדער גאס אריין...

און אזוי האבען זיי צוטריבען און פונאנדערגעיאגט די אלע פויערים-שקצים איבער אלע וועגען פון שטאדט ארויס...

געבליבען איז חברה „וואוילער״ אין א מעמד—איז געווען א חורבן צו זייערע יאהר; אהן נעז, אהן אויגען, מיט צוקיילטע פנים׳ער, און איידער וואס נאך, זיי האבען צייט געהאט זיך ארומצוזעהן: ווענען מ׳ברויך פערבינדען א לאך אין קאפ, וועמען—גלאט אבוואשען דאס בלוט, וואס גיסט זיך ווי פון אנ׳אבגעשפענסטען צאפען—איז אנגעקומען צולויפען א רעקרוט, און אויסגעשריגען מיט איין אטעם:

— קינדער, ליאסעווען, אונזער גמינע איז די ערשטע!..



דרײַ טעג האָבען זיך געצויגען די ליאָסען. און איבער די דרײַ טעג דאָבען זיך די געשלעגען אײַנגעשטילט, די מלחמות— אויפגעהערט; וועלכע פֿון די שקצים האָט מען אויף אַ פשוט׳ען אופן אַרויסגעהאַקט די חוצפה, געלערנט שׂכל, און וועלכע ס׳זענען גלאַט צוליעב די הויכע נומערן, וואָס זיי האָבען אַרויסגעצויגען— צוריק אַהיים געפאָהרען אין די דערפער, און אין שטאָדט האָט זיך דער פריזיוו צוריק אַרויסגערוקט פֿון די געסלעך און מאַר־קען, וועלכע זענען געבליבען צוריק ליידיג און וואָכעדיג ווי אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר. אַחוץ דאָרטען, אויפ׳ן הויף פֿון „פּאָוויאַט”, בײַ וועלכען ס׳האָט זיך עפּיס אָבגעשטעלט, און געקלי־בען אַ הײַפעלע מענשען, נור דאָס איז שוין געווען אַ פּריוואַט־זאַך מעהר, און ס׳האָט געטראָגען אַ פּראָסטען, וואָכעדיגען כאַ־ראַקטער.

אין ערשטען טאָג פֿון אָבנעהמען האָט זיך שוין דאָס שטעדטעל געוויינט; און אַ האַלבער עולם איז געלעגען אויפ׳ן פּעלד, געוויינט, געריסען, געבעטען רחמים:

— אויף דעם, וואָס דער דאָקטאָר איז אַנ׳אמת׳ער שוחט; אויגען, אויערן, און פינגער—אַלץ ווערט בײַ איהם גע׳כשר׳ט און צוגעשניטען מיט איין מאָס: יאַנקעלע פינטשע׳ס, ברוך זלמנ׳ס, מאיר שרה־גיטעלע׳ס.

— אַלץ קאַליקעס פֿון דער מוטערס בויך, און אַלע— צוגעהאַקט...

און מ׳זאָל צוקומען צו איהם איז נישטאָ קיין אויסזיכט
פאַר כל הון דעלמא...

פאַרנאַכט-צו איז שוין דער גאַנצער יודישער עולם געווען
אין בית-המדרש. אָבגעדאַווענט געוועהנליך אַ הייסען מנחה ווי צו
ערב יום-כפור, האָט מען זיך נאָך מעריב געזעצט לערנען אויפ׳ן
הויכען קול. גרויסע מענשען, וואָס זענען אין פלוג פערבליבען אין
בית-המדרש און געהאַט גרויס שברת-הלב, האָבען אויפגעמונטערט
דעם עולם מיט אַ ווארים וואָרט:

— בעט... בעט... ביי גאָט איז קיינמאָל נישט שפּעט...

מ׳האָט אָנגעצונדען אַלע לאָמפּען, אין אַלע רעהרלעך פון
די הענגעל-לייכטער ברענען ליכט, דער גרויסער עולם זיצט שוין
אַרום די טישען און לערנט... שטאַרק גיט-אָב די ליכטיגקייט
אויף די מידע, אויסגעמאָגערטע און קרענקליכע געזיכטער, וועל-
כע זענען פאַר דער לעצטער צייט געוואָרען נאָך בלייכער, קרענק-
ליכער, און וואָס פון זייערע אויגען נור שיינט-אַרויס אַ הייס
שוואַרץ-גליהענדיג פייער, וואָס וויל זיך ווי דורך עפּיס אַנ׳עקשנות
נישט פערלעשען; מיט אַ ברען צושאָקלען זיך די יונגע-לייטלעך
איבער די אָפענע גמרא׳ס, צושרייען זיך אויף זייערע קול׳עכלעך,
וואָס זענען מעהר עהנליך צו עפּיס האַרץ-רייסענדיגע נגונים, און
ס׳זעהט אויס: גאַר נישט ווי ס׳וואָלט זיי עפּיס דאָרטען אַזוי קשה
געווען, נור ווי איטליכער בעזונדער וואָלט געפּיהלט אַ שרעקלי-
כען אינערליכען וועהטאָג, און מיט דעם „אָמר אַביי" זיינע אייגע-
נע יסורים געוואָלט פערשרייען...

— זאָלען קלאָגען און וויינען די אַלע, וואָס ווילען איבער-
בלייבען אין-דער-היים,—האָט זיך געזאָגט מיט גדלות בעריל שיי-
געץ,—און דער, וואָס געהט-אַוועק דינען מיט׳ן גוטען ווילען, דער
האָט נישט פאַר וואָס קיין פחד צו האָבען!...

און פול איז אויך ביי לייזער׳ן אין שיינק; דער עולם
„וואוילע" יונגען האָט זיך צולעגט איבער טיש און בענק. אין
ביידע שטובען ביי איהם שטעהט אַ רויך פון די אויסגערויכערטע

פּאַפּיראָסען, און ס'זעהט-אויס ווי אין אַ קאַזאַרמע. די לאָמפּען, וואָס ברענען טונקעל, שטעהען אין אַ געדיכטען נעבעל, אַז עס זעהט זיך נישט שאַרף דער פלאַם, נור עפּיס ווי אַ מאָנטנע ליכ-טיגקייט, וואָס וואָלט אַזוי אָהנאויפהער געררויכערט פון זיך זעלבסט; און אָט דער נעבעל לעגט זיך געדיכט און שווער אויף די הער-צער פון די יונגען, ביי וועלכע ער רייסט-אַרויס אַ הוסט נאָך אַ הוסט...

ס'איז הייס... די אויגען פינקלען מאַט, לעשען זיך. נישט ביי אַלעמען נאָך האָבען זיך פערהיילט די לעכער, האָבען יענע אַרומגעבונדען די קעפּ, פערקלעבט שטיקער פּנים'ער; צווישען עולם געפינט זיך אויך חברה יד-אַחת'ניקעס, די קיילער-שקצים, מיט די דאָזיגע הויבט-שוין דאָס ליעבשאַפט אָן צו ווערען קעלטער, און די אייגענע האָבען אויך פראַנק-און-פריי אַראָבגעוואָרפען די היטלען פון די קעפּ און שפּיעלען מיט די יונגען אין קאָרטען...

— וואָס וועט זיין מיט ביער?—פרעגט זיך מיט-אַמאָל דער לאַנגער.

— נאָך וועניג געזויפען?—רייסט זיך אַרויס אַ קול פון דער אַנדערער שטוב...

— סטאָל פּיסק!—שרייט-אָן אויף איהם אַ שייגעץ.

שמואל לאָזט זיך נישט בענוגען מיט דעם, און ער קריכט-אַרויף אויפ'ן טיש, נעהמט טאָפּען מיט די פּיס איבער דעם היל-צערנעם בלאַט, אַז אויפ'ן קאַסע-טיש הויבען-אָן צו טאַנצען די גלעזער, און אין די פענסטער—די שויבען צו ציטערן...

— וואָס וועט זיין מיט ביער?.. וואָס וועט זיין מיט ביער?..—שרייט ער.

— קריך אַראָב פון טיש,—שרייט בעריל, שוין זייענדיג אין כעס,—אַנישט וועל איך דיך הייסען אַראָבשלעפּען ביים קאָפּ.

— כ'וועל נישט אַראָבגעהן, ביז ס'וועט נישט זיין קיין ביערו—עקשנ'ט זיך דער לאַנגער.

— משוגע'נער, ווער וועט דיר געבען? דו האָסט דאָך נישט

קיין גראָשען ביי דער נשמה?..—שטעהט שוין אויף דער לאַנגער.

— זאָל זיין שטיל, וועל איך אייך זאָגען: ווער ס'האָט צו געבען!..—און ער הויבט-אויף די האַנד, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט מיט עפּיס צו איבּערראַשען דעם עולם.

עס ווערט אַ געקאָכעריי, אַ טומעל, אַ געשרייעריי, וועל-כעס געהט-איבּער פון איין שטוב אין דער אַנדערער, און וועלכעס שטילט זיך אויף איין; חברה וואַרפט די קאָרטען, און אַלע שטע-לען זיך נייגעריגע אויף, הערען וואָס דער לאַנגער וועט דאָ אויפטהון?

— היים,—ווענדעט זיך דער לאַנגער צו אַ רעקרוט,— חיים, דו ביסט איינער אויסגענומען פון אַלע, וואָס האָסט בעקו-מען אַ ווייסען בילעט, און אַ ווייסער בילעט קאָסט אַ פעסעל ביער...

אין שטוב שטעהט אַ טומעל, אַ געלעכטער, מ'הויבט זיך פון אַלע זייטען אונטער אויף די שפּיץ נעגעל, און מ'זוכט מיט די אויגען חיים'ען דעם רעקרוט.

און חיים דער רעקרוט, וואָס מיט'ן ווייסען בילעט, אַפּנים נישט קיין מפיל-קינד פון דערהיים-אַרויס, ענטפערט איהם גלייך אין טאַטען-אַריין:

— און אַנישט, ווערסטו נישט אַהיים-געהן די נאַכט שלאָפען? מעגסטו פערבלייבען אַ מת דאָ אין שיינק...

חברה ווערט אויפגעקאָכט פון דעם תירוץ, אַ שטילער מור-מעל לויפט צווישען זיי אַדורך, די זאַך האָט זיי שוין גוט גע-קרענקט אויף...

— וואָס? אַנ'אייגענעם חברה-מאַן אַזוי געבען אין טאַטען-אַריין? און ווער? עפּיס, דער רוח ווייס: אַ רעקרוט, אַנ'אויס-וואורף, פון אַלדי שוואַרץ יאָהר!...

דער לאַנגער האָט קאַלטבלוטיג אַראָבגעשלונגען די פּיל, קיין איין קרים זיך נישט געטהון, און גאָר נישט ווי קיין שכור זיך גאַנץ געמיטליך גערעדט:

— חברה! וואָס קומט דעם רעקרוט חיים, וואָס ער האָט מכבד געווען מיט אַן׳עליה אַן׳איינגענעם גוטען ברודער?

און חברה פלאַצט-אַרויס:

— אויספּראַסקען איהם אַ צורה!..

— אונטערהאַקען די זייטען!..

אייגער טהוט-אויף:

— אויסגעהן די גאַנצע גאַס אויף די הענד!..

עולם איז אַרויס פון די כלים, און דאָס געשריי ווערט גרויס; דער לאַנגער וויל עפּיס זאָגען, מוז ער צופריהער טאַפּען מיט די פיס, מאַכען מיט די הענד, ביז ס׳זאָל זיך איינשטילען, און מ׳זאָל איהם ווייטער הערען...

— חברה,—לעגט-פאָר דער לאַנגער,—מ׳ברויך מאַכען אַ סאָנד!..

דער עולם כאַפּט-זיך-אָן אין אויפטהו מיט ביידע הענד; דעם רעקרוט חיים געהט דאָס עסק עפּיס אין נאָז-אַריין, עס הילכט איהם שוין אין די אויערן דאָס געלעכטער פון דעם צורייצטען פּעבעל, פיהלט די אַלע אויגען, וואָס נעהמען איהם אַדורך מיט חוזק, די אַלע הענד, וואָס הויבען-זיך פאַר זיינעטוועגען, די ציין, וואָס שאַרפען זיך, פערשטעהט ער: דאָס אין דעם מקום, וואו ער איז אַריינגעפאַלען, ווערט איהם דאָס וואוילערישקייט זיינס קנאַפּ גאָר העלפען, אויסער ער זאָל בעקומען גוט די ביינער אויסגע-בראָכען,—ווערט ער תיכף שוין ווייכער, איבערגעקעהרט צום גוּ-טען, און פּרובט זיך נאָך בעטען מיט אַ האַלב מויל, שטאַמלען:

— וואָס ווילט איהר פון מיר?.. איך האָב דאָך אַ מאַמע אין-דער-היים... כ׳האַלט-אויס אַן׳אָרימע שטוב, אַ גאַנץ הויז-געזינד... אַ שוועסטער... צוויי ברידער... וואָס ווילט איהר פון מיר?..

— איך וועל מיר נישט מאַכען פון דעם, וואָס דו רעדסט, נור ווילסטו זיין אַ נאַש-בראַט, אַ בראַט פון די ברעטער, לעג אַוועק דיין וואוילערישקייט און בינד-אויף דעם בייטעל—אַ ווייסער בילעט איז אַ פּעסעל ביער... און צו דעם וועט דיר נישט העל-

פּען, נישט קיין גאָט און נישט קיין טאַטער; און ווילסטו אָבשניי־
דען שלא בכבוד—זאָלסטו נאָך רעדען אַ וואָרט...

און דער גאַנצער עולם פאַלט־אָן אויף חיים'ען דעם רעק־
רוט, אַ ביסעל העגד גיבען איהם אַ נעהם אין־דער־לופטען און
ער פליהט גלייך ווי אַ שפּענדעל איבער די קעפּ; זיין פּנים ווערט
בלייך ווי אַ קרייד, און ער שרייט־אויס מיט אַלע כחות:

— האַלט!.. וואָס ווילט איהר?.. ביער—נאַט אייך ביער...
נאַט אייך נ'ביישטעל מיט'ן געלד...

און באַלד דערנאָך ליעגט שוין חברה בייזאַמען איבער די
טישען און בענק, און טרינקען; גיסען אין זיך אַריין דאָס ביער
ווי אין די ליידיגע פעסער; די אויגען ווערען ביי זיי נאַס, וואַ־
סערדיג, די שליפען—פערדרעהט, און ס'דוכט זיך: ווי זיי וועלען
דאָ באַלד נעהמען פאַלען צו דער ערד, פאַלען ווי די אויסגע־
פליקטע בוימער אין וואַלד נאָך אַ שרעקליכען שטורם, און בליי־
בען ליעגען, ווי די מתים, איבער אַ גאַנצע נאַכט...

און דאָ טרעט־אַרויס דער לאַנגער שמואל און רופט:

— קינדער, מ'ברויך גיהן אויף תהלים!

איהם ענטפערן - אָב אַ סך הייזעריגע קולות אויף אַמאָל,
פון מענשען וואָס שאָקלען זיך מיעד, האַלב שכור, און מאַכען
מיט די הענד:

— אויף תהלים...

— תהלים...

דער גאַנצער עולם פּאַקט זיך אויף־אַמאָל אַרויס אין גאַס.
דער זייגער איז שוין נאָך צעהן. אַ האַלבע שטאָדט קראָמען זע־
נען שוין פערמאַכט, און פון יענע, וואָס זענען נאָך אָפען, שפּאַרט

זיך אַרויס אַ קאַרגע ליכטיגקייט איבער די קליינע ענגע געסלעך: עס זיצען די יודען קרעמער טיעף אין די קראָמען, איינגעהילט אין די כאַלאַטעלעך, כאַפּען אַ ציטער פאַר קעלט, דרימלען־איין און וועקען זיך איבער, און די מחשבה ביי זיי אַלע אפנים איז:

— וואָס דער רעגען לאַבערט כסדר אַ גאַנצען געהענדיגען טאָג. פון שטויב איז געוואָרען אַ בלאָטע, אַ שיטערע בלאָטע, אַ טאָפּיעלע, און דאָס איז שוין געווען אַ בשורה, אַז דער פדיון וועט זיך אויף אַ העלפט פערקלענערן; און וואָס אַ טאָג, פערשטעהט זיך, וועלען דאָך די רעגענס ווערען גרעסער, און די בלאָטעס אין שטעדטעל—געדיכטער, וויכער, און במילא אויך דער פדיון—שוואַכער און קלענער...

דעם עולם האָט די אָסיענדיגע נאַכט אַ ביסעל אויפגעפרישט; אַזוי־צו־זאָגען: אַרויסגעצויגען דעם סוואָנד פון די קעפּ, און מ'האָט זיך אָוועקגעלאָזען איבער'ן גאַס פרעהליך, מיט געזאַנג...

— יודעל, גיב אַהער אַ פּעקעל פּאַפּיראָסען!—שטעלט זיך אָב בעריל שייגעץ, און שרייט־אַריין צו אַ יוד אין קראָם, און אַלע הינטער איהם בלייבען שטעהן און וואַרטען...

יודעל דער קרעמער, אַ נידריג־ריהרעוודיג יודעל מיט אַ שוואַרץ בערדעל, געהט־אַפּער צו איהם מיט אַ פּעקעל פּאַפּיראָסען, און די הענד ציטערן ביי איהם:

— זאָל ער אָבגעבען די פּאַפּיראָסען צופריהער—זענען זיי יבש; בעטען צופריהער פאַר זיי געלד—קאָן מען וויטער שלעכט אָבשניידען; און מאַכען זיך כלא־יודע—אַ שאָד דער פדיון, אפשר וועלען זיי דאָך בעצאָהלען?..

בעריל נעהמט דערוויל אַרויס דאָס פּעקעל פון זיין האַנד, צוטיילט עס צווישען דעם גאַנצען עולם, און בעט שוין נאָך:

— יודעל, גיב אַהער נאָך איינס... גיב נאָך צוויי... נאָך דריי...

— און פאַר־דעם געלד?—שטעלט־זיך יודעל כמעט איין, און הענד און פיס וואַרפען זיך הינטער איהם...

— מאָרגען, ווי כ'בין אַ יוד, מאָרגען—שווערט זיך בעריל מיט כל השבועות,—ווי איך וועל דיר אַריינגעבען... ווי דו זעהסט מיך אַ לעבעדיגען!..

יודעל קרעמער שטעהט איינגעטונקט אין בלוט:

— איך בעט אייך, וואָס ווילט איהר גראָד פון מיר?.. וואָס האָט איהר זיך צוגעקלעבט צו מיר—ס'זענען דאָך נאָך דאָ אַנדערע קרעמער אויך, געהט'ס צו זיי אויך!..

דער עולם פּלאַצט פאַר געלעכטער; בעריל האַלט זיך אין איין שווערען:

— בנאמנות, יודעל, ווי איך וועל דיר אַריינגעבען דאָפּעלט געלד פאַר זיי; נו?.. דו ביסט דאָך עפּיס אַ פאַרך, אַ ליידאַק! אַ סוף—האַלט נישט אויף דאָס גלות... גיב וואָס דו האָסט צו געבען!..

יודלען קומען טרעהרען אין די אויגען.

— ר'זענט דאָך ערגער פאַר די גוים!.. זיי שלאָגען—מילא, טהוט וועה, און איהר ווילט דאָך מיך בדיל-הדל שטעלען, אויסטהון ביז צום העמד!.. וואָס בין איך ראָטשילד?.. וואָס, האָט איהר דאָ אָנגעטראָפען אַ גרודע גאָלד?.. אַ שמאַלץ-גרוב?..

און ווער ווייס, מיט וואָס ס'וואָלט זיך אַזוי געענדיגט, ווען ס'זאָל איהם נישט קומען צוהילף זיין ווייב, אַ נידריגע יודענע, וועלכע האָט עפּיס אין שלאָף דערהערט פון דעם וואָס ס'געהט דאָ פאָר אין דרויסען, און כאַפּענדיג ביידע וויינענדיגע קינדער אויף די הענד, מיט די פּופּקעס אין דרויסען, איז זי אַריינגעפאַלען מיט זיי אין קראָם, ווי אַ גזלן מיט זיין רויב, זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ תקיפות פון אַ לייב.

— וואָס?.. צוטראָגען וועט איהר מיך?.. אַנו, וועלען מיר טאַקי זעהן!..

און זי שטופּט דערביי אַרויס איהרע קליינע צוויי עופּ'עלעך, ווי איינער זאָגט:

— נעהמט אייך און—הרג'עט...

און דער גאַנצער עולם שטעהט מיט פולע מײַלער צונג:

— נאַ דיר גאָר אַ יודענע און גײה מיט איהר אין מלחמת צײַן...

און נישט-לאַנג געזוימט און דער עולם האָט זיך פון דאָר-טען אָבגעטראָגען; אָנגעקומען זענען זיי פאַר'ן גרויסען בית-המדרש און געבליבען שטעהן ווי געפלעפט. אַ שטאַרקע ליכטיגקײַט שפּאַרט זיך אַרויס דורך אַלע פענסטער וואָס איבער'ן הויף, און איבער דער גאַנצער גאַס... און דאָס ברענען פון די ליכט אינוועניג זאָגט-אָן עפּיס פון אַ גרויסען יום-הדין, און אַז אינוועניג ברויכען ליג-גען יודען אויף דער ערד, אַ גאַנצע עדה יודען, וועלכע האָבען צוריסען זייערע קליידער, אָנגעטהון זעק מיט אַש אויף די קעפּ, און אַלע צוזאַמען וואַרטען זיי, די יודען, ביז מ'וועט קומען און זיי אַוועקפיהרען אויף אַזאַ אָרט, וואו זיי וועלען באַלד אומקומען על קדוש-השם — — — — — — — — — —

— — שרעקליכע, ווײַנענדיגע קולות טראָגען זיך פון אינווע-ניג, הײַזעריגע ניגונים פלײַצען, אין וועלכע עס שטעקען אַזוי פיעל נישט-אַרויסגערעדטע בקשות... און דאָס אַלץ שפּאַרט זיך אַרויף צו די פינסטערע הימלען, וועלכע שטימען מיט זייער געדיכ-טע פינסטערניש, און איבער אַלעם דאָרטען, וואו ס'איז אײַביג ליכטיג, און מ'ווייס נישט מעהר פון קיין טאָג און קיין נאַכט— פליהען די מלאכים, רוישען מיט זייערע פליגעל, זיי כאַפּען-אויף די תפילות און שנײַדען מיט זיי אַדורך אַלע זיבען הימלען...

חברה שטעהט אַ ווײַלע פערגאַפט.

— אַרײַנגעהן אינוועניג ברויך מען שוין עפּיס האָבען, אַ בעזונדערע חוצפּה!.. עפּיס, עפּיס פאָרט אַ גאָט'ס הויז... אַ מקום-קדוש... די קולות זענען צו-גרויס... דער רעש—צו-שטאַרק, און גײה בעוויַיז זיך אין אַ מקום-קדוש מיט אַזעלכע שכור'ע צורות!..

און זיי גיבען-זיך אַ לאָז צוריק איבער'ן שטעדטעל:

— קינדער, מ'גײהט אַ געזונזען-מאַרש!—קאָמאַנדעוועט בעריל שײַגעץ.

און דער גאַנצער עולם שטעלט-זיך-אויס אין איין ליניע, איינער הינטער׳ן צווייטן, אין אַ גאַנצע לענג, אַ קייט; בעריל שטייגט שטעלט-זיך פון אַ זייט, און פיהרט-אָן מיט אַלעמען; איינס—און די גאַנצע ליניע הויבט-אויף אַ פוס; צוויי—זי רוקט זיך-אָב אויף אַ טריט; איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי—און אַזוי נאָכ׳ן טאַקט-נאָך ריהרט די לעבעדיגע קייט, שלענגעלט זיך אויף אַ משונה׳דיגען אופן איבער אַלע גאַסען פון שטאָדט... טרעפט מען אָן אַ סלופ אין וועג—געהט-מען איהם אַרום, אַ הויז—ווערט עס אַרומגענומען, פאָהרט אַ דראָזשקע מוז זי בלייבען שטעהן, און זי ווערט אַרומגענומען; איז וואו נאָך אָפען אַ טויער פון אַ הויז, וואָס ס׳האָט אויך אַ צווייטען דורכגאַנג—ווערט עס נישט אויסגעמיידט; און מאַכט וואו אַ בעקער אויף די טהיר, האָט עס בעריל שוין אויפ׳ן אויג, און די גאַנצע קייט ציהט שוין אַדורך דורך זיבענע שטובען...

און אַזוי דרעהט זיך די חברה, דרעהט זיך, ווי זי וואָלט פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לעבעדיגע שלאַנג, אין דער צייט ווען זי איז זאַט, און מאַכט פון זיך אַ בייגעל; זיי קומען אויך אַראָב צום באַהן, דאָרטען געהט-מען אַזוי אַרום דעם וואָקזאַל, בעזונדער דורך אַלע טהירען אַדורך, מ׳מאַכט הקפות, און בעריל זאָגט-אָן נ׳פסוק אויפ׳ן קול:

— בני אָדם יושבי חשך וצלמות...

אויפ׳ן גאַס און אומעטום וואו ס׳געפינט זיך נור אַ מענש, פעררוקט ער זיך אין אַ ווינקעל, ביז די חברה ציהט פאַרביי, און טראַכט זיך:

— עס וועט פיעל געזינטער זיין זיך נישט צו טרעפען מיט די לייט...

און אַז זיי זענען שוין אַזוי איבערגעגאַנגען שעה׳ן לאַנג, אויסגעצעהלט אַלע טעלעגראַפען-סלופעס און געסלעך, און דאָס

שפּיעל וועט זײַ נמאָס, קומט מען סוף-כּל-סוף צוריק צום בית-המדרש.

— תהלים כּוז מען דאָך זאָגען!...

דאָס בית-המדרש איז שוין פערשלאָסען. פון אינווענינ שווארצט-זיך-ארויס אַ פינסטערניש און עס זעהט-אויס ווי פער-לוירען אין דעם גאַנץ גרויסען הויף... אַ פינסטערע נאַכט, עס בעוועגט זיך אַפילו נישט קיין שאָטען אויפ'ן אָבגעוויסטען פאַר-קאַן, און די פאַנטאַזיע שלעפּט באַלד אַרויס מתים פאַר די אויגער'ן, מתים, וועלכע זענען געקומען מתקן-זיין אַבינד וואָס זיי האָ-בען ביים לעבען נישט מתקן-געווען...

— וואָס וועט זיין פון דעם שטעהן?—פרעגט בעריל, ווען ער זעהט: דער עולם שטעהט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנד, מיט אַ שווערקייט אויף די הערצער.

דער עולם ריהרט-זיך נישט פון די ערטער; דער פלאָנטער פון די מתים טרעט-אַרויס בולט אין יעדענס געדאַנקען, ווי זיי שטעהען אויפ'ן בעלעמער, און ווער וועט זיין צום יעניגען, וואָס וועט דערהערען זיין נאָמען, ווי מען רופט איהם אויף צו דער תורה: „יעמוד ר' אַברהם בן זאב"... ווער דעם יעניגען, וואָס וועט בע-קומען פון זיי אַנ'עליה, און אויסהערען די פינסטערע תוכחה, וואָס מ'וועט פאַר איהם פערלייענען... אָ, דער וועט שוין בע-שטימט דאָס יאָהר קיין גוטען סוף נישט האָבען!...

בעריל קלאַפּט אונטערדעטען-אָן אין דער מהיר פון בית-המדרש. שטיל. קיינער ענטפערט נישט.

דער עולם ציטערט פאַר שרעק, און ס'וואַרפט זיי פון קדחת:

— אָט, מאַכֿען זיך שוין אויף די פֿענסטער, און מ׳הייסט אַריינגעהן; און דענסטמאָל וועט שוין קיין ברירה אויך נישט זיין, און צוריק וועט מען אויך נישט קאָנען געהן...

בעריל געהט־אַרונטער אָנקלאַפּען ביים שמש, נור דאָ פֿאַלט איהם שיער נישט אַרויס דאָס האַרץ פֿאַר שרעק, ווען ער דער־זעהט די עגלה, (אין אַ קליין שטעדטעל, וואו ס׳איז נישטאָ קיין פֿאַרקאַן אַרום׳ן בית־עולם, און זאָגאַר וואו ס׳איז יאָ פֿאַראַן— שטעהט אַלץ די עגלה אויפ׳ן בית־המדרש־הויף), וועלכֿע האָט שוין אַוועקגעפֿיהרט אַזוי פֿיעל מענשען הינטער׳ן שטאָדט־אַרויס, בעקאַנטע מענשען און אונבעקאַנטע... און אין דער ערשטער רגע דוכֿט־זיך איהם אויס: ווי דאָס טהירעל פֿון דער עגלה מאַכֿט־זיך־אויף, און עס הויבען מיט־אַמאָל אָן אַרויסצושפּרינגען פֿון קאַס־טען די אַלע מענשען, איינער נאָכ׳ן אַנדערען, שטעלען־זיך־אויס אין אַזאַ לאַנגע, לאַנגע ריי, דאָס זיין אויג דערכֿאַפּט נישט דעם סוף פֿון דער לענג, און איינער, גאָר אַ בעקאַנטער, אויך וואָס איז ערשט דאָ נישט־לאַנג געשטאָרבען, זאָגט צו איהם מיט אַ דראָבנע שמייכֿעלע:

— אַנו, בערעלע, פֿיהר מיט אונז אויך אָן אַזוי!..

נאָך אַ ווײַלע קומט ער צו־זיך, בעריל שווייגט, דער שרעק געהט־אָב, ווײַבאַלד ער דערזעהט נור דורך אַ שפּאַלט פֿון לאָ־דען, ווי איננוועניג ביים שמש לייכֿט זיך, און ער אַליין, דער שמש, ליעגט זיך רוהיג, ווי קיינמאָל גאָרנישט, און שלאָפֿט, נעהמט ער נאָכֿדעם קלאַפּען צו איהם אין לאָדען־אַריין, וועקען שטיל, מיט הכנעה:

— ר׳ קלמן!.. ר׳ קלמן!.. מאַכֿט־אויף פֿאַר אונז דעם בית־המדרש...

אין אַ ווײַלע אַרום:

— ר׳ קלמן, וואָס, זעהט איהר, מיר קיין יודען נישט?.. אונז קומט דער בית־המדרש נישט?.. מיר ווילען אויך עפּיס אָבגעבען

פֿאַר'ן רבונו של עולם... גײט-אַראָב און מאַכט-אויף דעם בית-המדרש...

ס'איז שטיל. קײנער ענטפֿערט נישט. און דאָ פֿאַלט ער פּלוצלונג אויף אַ המצאה, פֿון װעלכער עס טהוט איהם שטאַרק הנאה: ער נעהמט-אָפּער די עגלה פֿון איהר אָרט. אַלײן שטעלט ער זיך אַרונטער פֿון הינטען, און שטופּט זי אַזױ אַרױס פֿון פֿאָרענט, צום הויף-צו, װאו די חברה שטעהט; און װי די חברה דערזעהט: די עגלה קומט אַלײן אַפּער צו שפּאַצירען—רײסט-זיך בײ זײ אַרױס אַ געשרײ פֿון שרעק און פֿערצװײפֿלונג, און בלײבען אַלע שטעהן פֿערגליװערט מיט פֿערצאַפּעלטע הערצער, די האָר אױפגעשטעלט װי די שפּיזלען...

קריכט בעריל אַפּער און קײכט פֿאַר געלעכטער:

— אַי, חברה, ר'זענט דאָך גאָר ערגער פֿאַר די װײבער...

— גאָר נישט קײן געלעכטער.—הערט-זיך פֿון ערגעץ אַ מידע שטימע,—די דמים קאָנען אײנפֿאַלען...

— און פֿערקיהלט װערען אין די אָדערן—ברומט דער לאַנגער שמואל.

— װײסט איהר װאָס?—זאָגט בעריל שײגעץ—זאָל מען מאַכען אַ לויה... איך װעל אָװעקפֿיהרען די עגלה איבער'ן שטאָדט, און איהר אַלע װעט נאָכגעהן, מאַכען קולות... און ברוך'ל... װאו איז ערגעץ ברוך'ל?.. דו װעסט שרײען: „צדקה תציל ממות!"...

אָבער קײנער ריהרט זיך נישט פֿון אָרט. איטליכער שװײגט. און דער לאַנגער זאָגט:

— נײן... מיט אַזעלכע זאַכען חוזק'ט מען נישט... הײנט קאָן עס זײן אַ געלעכטער, און מאָרגען — אַ רעכט-נ'אמת... יודען זענען מיר—מוזען מיר נעהמען אַמאָל אַ יודיש װאָרט אין מויל אַרײן אויך...

און ער, שמואל, געהט אַלײן אַרונטער צום שמש, שטעלט איהם אויף די פֿיס, יענער בײזערט זיך לכתחילה, נאָר באַלד װערט ער צוריק גוט, נור צו אַ געשװיר צוצולעגען, װאָרום דער

לאַנגער האָט איהם שוין אַרײַנגערוקט עפּיס אַ מטבע: אויך אַ גליק—אַנ'אַנדערס מאָל וואָלט ער געלייזט אַ שטורך אין זייט, און אַצינד האָט אין איהם גובר געווען דאָס געפּיהל פון יראה און פחד.

— נ'וואָס?.. יודען זענען מיר דאָך!..

און באַלד איז געוואָרען ליכטיג אינ'ם גרויסען בית-המדרש, דער עולם האָט זיך אַ שפּאַר-אַרײַנגעטהון אינוועניג, און ציטער-דיג פאַר קעלט פון דער אָסיענדיגער נאַכט איז מען דאָ, אין דער וואַרימקייט, געוואָרען עטוואָס הײַטערער, מונטערער...

בעריל נעהמט זיך שפּיעלען מיט זײַנס גלייכען אין „אָכטבראָש" און דערלאַנגט אַזעלכע פּעטש אין די הענד אַרײַן, דאָס זיי הילכען-אָב אין דער טיפּעניש פון דער פינסטערער נאַכט, און ס'דוכט זיך: ווי נאָך איטליכען פּראַסק בעזונדער, גיט זיך אַזש די עגלה אַ ריהר אין דרויסען הינטער'ן פּענסטער, און טהוט ראַפּטום אַ פּאָהר הין-און-צוריק...

— ניין... בעריל...—שטעהט-צו צו איהם דער לאַנגער—אַצינד ביסטו אין אַ בית-המדרש, און אויף דעם איז פאַראַן אַנ'אָרט און אַ זמן בײַ לייזער'ן אין שיינק; אַ יוד ביסטו—טאָ זײַ כאָטש איינמאָל אַ יוד ווי דו ברויכסט צו זײַן...

חברה שטעלט-אויף די אויערן, און הערט-זיך-צו, ווי מאָדנע דער לאַנגער רעדט:

— עברי, בעריל, האָט מען דיך געלערנט, נעהם-זשע אַ סדור'ל אין האַנד, און זאָג גלייך מיט—מיט אַלעמען...

און דער גאַנצער עולם האָרכט איהם; זיי זעצען זיך אַרום די טישען, און דער לאַנגער, וואָס קען יאָ אַ שטיקעל עברי, הויבט-אָן מיט אַ נגון:

— אַשרי האיש, אשר לא הלך בעצת רשעים...

און דער גאַנצער עולם כאַפּט-אונטער.

אין פּאָליש שטעהט נאָך האַלב-נאַקעט דער שמש, קראַצט

זיך אין קאָפּ, ציטערט פאַר קעלט, און דאָס ביינער וואונדער עסט איהם גאָר אויף:

— נו? איז עפּיס צו וויסען?... אַ יודישע קישקע איז נישט צו שאַצען—איז זיך געוועזן אויף עפּיס-וואָס אַזעלכעס צו ריכטען?... אין אַנ׳עת-צרה קומט עס דאָך אַהיים צום טאַטען...

נור לאַנג האָט שוין די חברה קיין תהלים נישט געזאָגט; אין דרויסען אויפ׳ן הימעל הויבט-שוין אָן צו גראָהען, די שוואַרצקייט רינט-אויס, און די ליכטיגקייט פון די לאָמפען ווערט מיט יעדע רגע בלאַסער; די עגלה נעהמט-זיך אויסשיילען פון דער פינסטערניש און בלייבט שטעהן שוואַרץ און שרעקענדיג; און פונקט ווי מ׳וואָלט פון איהר אַרויסגערוקט די מיטה, און אַ גרויסער ריזיגער בר-מנין וואָלט זיך אויפגעזעצט, אויסגעשפרייט זיינע תכריכים און אַיינגעהילט די גאַנצע וועלט,—אַזוי קומט-אָן דער ווייסער טאָג...

דער עולם האָט איינציגווייז אַראָבגעלאָזען די קעפּ איבער די טישען, און איינגעשלאָפען מיעד, ווי דער׳הרג׳עט...



ס׳געהען טעג ווי געשמירט. קליינע, פינסטערע טעג, פער׳־חושכ׳טע, וועלכע לעגען־זיך מיט אַ בעזונדערען אומעט אויף די קליינע אײַנגעבויגטע הײַזלעך פֿון שטעדטעל. די זון איז כמעט אינגאַנצען ווי אַוועקגעקומען, זעלטען זי בעווײַזט זיך נאָך ווען אויף אַ רגע; נאָר וואָס פֿאַר אַ טעם, מ׳שטײנס־געזאָגט, קאָן שוין האָבען אַזאַ ווײַזען־זיך!.. פֿון פריהמאָרגען־אָן רעגענט, נישט אַזוי ווײַט דער רעגען, ווי—ס׳קאַפּעט, די הימלען טריפֿען, פֿײַכט, און אין די געסלעך איז בלאָטיג, שטעל אַ פוס—געזעגען זיך מיט׳ן לעבען! אַלץ זינקט אין דער בלאָטיגער פײַכטקײַט, ווערט פֿערפֿאַלען צוזאַמען מיט די טעג, וואָס ווערען קלענער, ציהען־זיך־אײַן און ווערען אײַנגעשרומפען ווי די זשאַבעס; פֿאַר־דאָס ווערען לענגער די נעכט, אויף יענעמ׳ס חשבון, פֿערשטעהט זיך—ציהען זיי זיך אויס ווי די שלאַנגען, ווערען גרויס און גרעסער, אַזוי, ס׳קומט פֿאַרנאַכט, נישט עס טונקעלט—טונקעל איז אַ גאַנצען טאָג, דוכט־זיך: ס׳ווערט נאַכט אויף אײביג, און אַז ס׳וועט שוין קײנמאָל נישט ליכטיגער ווערען...

ס׳האָט זיך געצויגען דאָס אָבנעהמען פֿון די רעקרוטען. פֿון אָנהויב, מיט׳ן ערשטען טאָג־אָן, אַזוי ווי די ליניע יונגען האָט זיך אַוועקגעשטעלט אָהן מלבושים, און געהט אַלץ אַרײַן אין „אָבנעהמונגס“־שטוב—אַזוי האָט זי זיך נאָך נישט אויסגעלאָזען; טעג מײַדען,—די ליניע ציהט־זיך. דוכט־זיך: די אייגענע נאַקעטע יונגען נאָך וואָס אינ׳ם ערשטען טאָג, אָבער יענע זענען אין

גרונד שוין לאַנג נישטאָ. פֿונ׳ם ערשטען נומער האָט זיך שוין
אַראָבגעוויקעלט אַ היבש ביסעל נומערן. טעג ציהען, און די לי־
ניע מיט יונגען ציהט־זיך נאָך—זי איז נאָך נישט פֿערענדיגט...
יעדען פריהמאָרגען, פֿון ניין אַזייגער, שטעהט שוין די ליניע, בע־
וועגט זיך מעכאַניש, ווי אָנגעשרויפט, ווי אַ לעבעדיגער פּאַס אויף
אַ ראָד, און דאָך פֿאַלען־אַראָב שטיקער פון דער קייט, איינצעלנע
רינגען—יונגען, רינגלען־זיך־אויס, אַנדערע פֿאַר־דאָס רינגלען־זיך
תיכף אַריין, און ליניע בלייבט ליניע, און אַלע טאָג: פֿון אַנדערע
מענשען, פֿון אַנדערע מענשען און פֿון אַנדער מאַטעריאַל...

דער קליינער ברוך׳ל, דער לאַנגער שמואל, די קיילער־
שקצים, די איינענע דאָרפישע שקצים, אַלע אינאיינעם אויסגעמישט
און בעזונדער, וועלכע האָבען זיך פֿון צופֿריהער געריסען נעז,
געביסען שטיקער, געשיילט פנים׳ער, אָבגעריסען אויערן, און האָ־
בען פון זיך דאָס געלאָזט אַזוי געהאָרכזאַם און אונטערטעניג
אויספלעכטען די זאָנדערבאַרע קייט—איז שוין בשלום כמעט אַדורכ־
געגאַנגען, זיך פֿאַרבייגעוויקעלט; און וועמען מ׳האָט צוגענומען,
וועמען—אָבגעשיקט אין שפיטאָל, וועמען—מ׳האָט אָבגעלאָזען אַהיים,
די רונג בלייבט אַלץ רונג, און דאָס איז דערפֿאַר, ווייל נישט
אַלע זענען שוין אַדורכגעגאַנגען, דאָס מאַטעריאַל האָט זיך נאָך
נישט אויסגעשעפּט; און דאָס ווענדט־זיך אויך אַ סך אין דעם, ווי־
וועל ס׳האָט געשלעפּט אַ נומער, איינער—העכער, דער אַנדע־
רער—נידריגער, אַזוי האָט זיך יענער פריהער אויסגעפלאָכטען,
דער—שפּעטער, פלאַנמעסיג...

בעריל שייגעץ האָט אַרויסגעצויגען אַ הויכען נומער, און
האָט נאָך צייט געהאַט צו טרייבען זיינע שטיק צו גאַנצע טעג
און נעכט ווי פֿון אָנפֿאַנג; אָבער אויך דאָ האָט געמוזט קומען
אַנ׳עק, די טעג האָבען זיך געצויגען, די נעכט האָבען זיך לאַנגי
ווייליג געקורטשעט און געלענגערט, און די קייט, די זאָנדערבאַרע
רונג, וואָס איז בעשטאַנען פֿון יונגען, שקצים, יודען, פּאָליאַקען,
טאַטאַרען, ציגיינער, אַרמיאַנער, רוסען, דייטשען,—האָט זיך געווי־

קאָלט מעָסיִג, נאַריִשעֵל, מיִט אַ געָנוֹיעָ פאָרם און אויסגעָהאַלטעָנ־קייִט, אָהן אַ ברעָג, מיִט אַ בעָזונדערעָ אויסגעָרעָכעָנטקייַט און אַ גראַדעָ דורכגעָנומעָנעָ טעָמפּעָראַטור, וועָלכעָ האָט זיִך אויך צוּי־טעָנווייַז געָוואַקעָלט אַהיִן און אַהעָר, געָשטיִגעָן און געָפאַלעָן; און וואָס אַ טאָג, וואָס אַ טאָג, האָט עָר, בעָריִל, אַלץ מעָהר געָשפּיִרט ווי ס'ציִהט איִהם, ס'ציִהט איִהם די קייִט אַלץ נעָהעָנ־טעָר צו זיִך, און גוט געָוואוּסט: דאָס ס'וועָט אויך קומעָן דער טאָג, וואָס עָר וועָט זיִך אייַנפלעָכטעָן איִן איִהר; וויִין אַפילוּ עָס וואָלט איִהם אַלעָ ווייַלעָ ניִשט געָקומעָן אָנזאָגעָן עָמיִץ פון די גוטעָ בריִדעָר: „ווי ס'האַלט", האָט עָר אויך איִנסטיִנקטיִוו געָ־שפּיִרט ווי עָר וועָרט אַלץ נעָהעָנטעָר צו איִהר, דאָסזעָלבעָ ריִנגעָלעָ וואָס וועָרט געָצויגעָן צו איִהר, און אַז ס'וועָט באַלד קומעָן אויך די מיִנוט ווען עָר וועָט שטעָהן גלייַך מיִט אַלעָ, איִן דעָר ליִניעָ אַ רונג—ווי איִטליִכעָר יונג, קוקעָן איִן דעָר „אָבנעָה־מונגס"־שטוּב, שווייַגעָנדיִג, דעָם קאָפּ אַראָבגעָלאָזעָן, נאַקעָט ווי די מוטעָר האָט איִהם געָהאַט; פּאַר איִהם—אַ שייַגעָץ, וועָלכעָן עָר איז אָפשר נעָכטעָן צי אייִעָר־נעָכטעָן אַליִין אַרײַנגעָפּאָהרעָן מיִט די ידים צוויִשעָן די אויגעָן; היִנטעָר איִהם—אַ קלייִנעָר שייִגעָץ, מיִט וועָלכעָן מ'האָט זיִך צוזאַמעָן געָקושט און געָהאַלזט בייַ לייִזעָר'ן איִן שייִנקעָל; דאָס אַלץ מאַכט דאָך ניִשט קייִן צוויִשעָנ־שייִד, קייִן אונטערשייִד, פאַר'ן גריִנעָם טיִש עָרשייַנעָן אַלעָ גלייַך, און צו דעָר מיִנוט, ניִשטאָ קייִן מורה־מורנו'ס, ווי אויבעָן פאַר'ן היִמעָל...

זוּן אַזוי וויִקעָלט־זיִך די קייִט: פון פאָרעָנט קומט אייִנעָר אָב, פון היִנטעָן קיִמט אייִנעָר צו, מיִט דעָר מיִנוט וועָרט אויך די ליִניעָ פעָרפולט. אייִן ריִנגעָל ריִנגעָלט זיִך אַרויס, דאָס אַנ־דעָרעָ האָט זיִך שוין אָנגעָקניִפּט; און איִנוועָניִג, דאָרטעָן איִן שטוב, דורך וועָלכעָר ס'קומט־אָב פון דעָר ריִנג—זיִצעָן מעָנשעָן, שרייַבעָר, ס'זיִצעָן גרויסעָ קעָפּ, אַ דאָקטאָר, וואָס זאָגט מבינות, און אַ שרייַבעָר, וואָס שרייַבט... און איִטליִכעָן יונג פון דעָר קייִט

בעטאַפּט מען פון קליין ביז גרויס, מ׳קוקט איהם אדורך, און וועלכען מ׳לעגט אַוועק אויף אַ באַנק, מ׳הייסט איהם געהן הין-און-צוריק, וועלכען מ׳קוקט איהם אין מויל אַריין, מ׳צעהלט די ציין, און ווען איינער זאָגט: גוט... זאָגט דער אַנדערער: פערקעהרט... יאָ, צופריהער נאָך שטעלט מען איהם אַוועק הינטער אַ ברעטעל, מ׳מעסט איהם אין דער הויך, אין דער לענג און אין דער ברייט, אַלץ ווערט אַפּערגעזאָגט צום טיש, וואו ס׳וועוט אַלץ פערשריבען; און דער בעל-דבר גופא — איהם פרעגט מען קנאַפּ, מ׳האָרכט נור אויס די ארומיגע, און נאָכדעם הייסט מען איהם געהן — — — — — — — — —

— — — — און ווער ס׳געהט צוריק אַרויס מיט אַ גדולה אין בויך, מיט אַ פרייד, און ווער — מיט אַ גרויסע בראָך, אָבל וחפוי-ראש, אָהן אַ קאָפּ!.

לאַנג האָט זיך געצויגען די נאַכט, וואָס אויף צומאָרגענס האָט בעריל שייגעץ זיך געברויכט שטעלען צום אָבנעהמען; לאַנג האָט זי זיך געצויגען, די נאַכט צו־אַמען מיט אַנ׳אָסיענדיגען רעגען, וואָס האָט געטריפּט פון די הימלען, איז ער אַרומגעקראָכען, בעריל, פון איין שטוב אין דער אַנדערער, צווישען די טאַטעס פון די „ווייכע" מענשלעך, און ביי זיי געבעטעלט, ווי אַ גרויסער הונד, וואָס האָט נישט קיין שכל צו בייסען מיט די ציין, לעבט פון חנופה, און לעקט מיט דער צונג די הענד פון איטליכען גביר בעזונדער, ביי וועלכען ער שפּרט נור, דאָס אָנשטאָט אַ שטיין ווערט מען איהם צו-וואַרפען אַ שטיק ברויט, בעט ער:

— מאָרגען איז זיין יום-הדין .. און דעם פסק-דין ווייס ער שוין אזוי גוט ווי אצינד... וואָרום, ס׳איז דאָך אַ פראָסטע

זאַך: ווי מ'לעגט אַריין—נעהמט מען אַרויס; ווי אַזוי מ'בעט זיך— ליגט מען; און אויב ער האָט אַריינגעלעגט מכּות—וועט ער אַרויסנעהמען בכורות; און איבער־דעם זאָל מען אין איהם, חלילה, נישט פערגעסען... זאָל מען איהם געבען... ווייל ער איז א גרויסער נצרך...

און די „ווייבלע" מענשלעך האָבען איהם געגעבען, מיט וואָס נור איינער האָט געקאָנט האָט ער געגעבען; וואָרום מיט אַ רעקרוט טאָר מען נישט אָנהויבען, ווייל אַחוץ דעם, וואָס אַזעלכער קאָן צולעגען אַז ס'זאָל איהם זיין שווער אַוועקצוטראָגען, גיט ער, דער רעקרוט, נאָך איבער צוויי טעמים: ראשית, ווענדט זיך, אויב דער רעקרוקט איז שוין אַ בעפרייטער, גיט ער—ווייל ר'האָט מורא פאַר אַ מסירה... והשנית, גיט ער: ווייל ער איז בעפרייט געוואָרען און יענער ברויך גאָהן דינען... און אַמאָל— נאָך אֶפּשר פאַר איהם... זיין יענעמ'ס כּפּרה... און וועלכער רעקרוט, פרעגט זיך, וועט ווערט דאָ פריי אויף גלאַט כּשר?... איז ער נאָך נישט געשטאַנען—על אַחת כּמה וכמה, גיט אַזעלכער, מ'זאָל איהם פראָסט לאָזען צורוה, ער זאָל בשלום איבערקומען...

נאָך האַלבע נאַכט, ווען די לאָדענס מיט די טהירען ביי יענע אַלע מענשלעך האָבען זיך שוין געהאַט צוגעמאַכט פון אַ גוטע מינוט, האָט זיך בעריל אַוועקגעשטעלט אין גאַס, מיט אַ ליידיגע קעשענע, מיט אַנ'אויסגענייכטערטען מאָגען און מיט אַ טרוקענעם האַלז,—נישט ער האָט שוין געהאַט וואו צו גאָהן, און נישט ער האָט שוין עפּיס געהאַט פון יענע, וואָס ר'איז ביי זיי געווען, ווייל די אַלע האָבען איהם געגעבען בתנאי, אויף אַ צוזאָג:

— באַם מ'וועט איהם שוין האָבען צוגענומען; באַם ער וועט שוין זיין אַ זעלנער, זאָל ער חלילה, נישט אַוועקגעהן מיט'ן ליידיגען...

און אַצינד איז ער געשטאַנען, אין דער פינסטערער נאַכט, איינגעטונקט אין בלאָטע, דער רעגען האָט איבער איהם געקאַ־

פּעָט, און די גליִעדער זײַנע האָבען געציטערט פֿאַר פּײַכטקײַט און קעלט; אַליין, אָהן חברה, איז ער ווי עפּיס בייז געווען אויף זיך אַליין, און מיט פערדרוס אַ שפּײַ געטהון אויף דעם גוטס־קייט פון די אַלע ווײַכע מענשלעך, מיט זייערע גוטע רייִדעלעך...

— טפו זאָלען זיי ווערען מיט זייער געבען... וואָס איהם איז דאָ צוגעקומען אויפ'ן לײַב, זאָל עס זיי צוקומען אויף דער נשמה... זיי וואָלטען איהם דאָס געגעבען אויפ'ן ערשטען טרונק בראָנפען!..

און ער לאָזט זיך מיט זײַנע לאַנגע פיס לעגען לעפעל איבער די ברייטע און שמאָלע פערבלאָטיגטע געסלעך פון שטעד־טעל, מאַכט אַזעלכע שפּרײַז, דאָס איבער איין רגע איז ער שוין בײַ לייזער'ן אין שיינקעל.

— נישטאָ געווען דער לאַנגער!.. נישטאָ געווען דער קליי־נער!..

שטיל איז בײַ לייזער'ן; ער אַליין זיצט און קיפּיעט הינ־טער'ן קאַסע־טיש, דער לאָמפּ איז גוט אַראָבגעדרעהט, קוים ס'כאַפּט אַ בלישצעל, אין די ווינקלען איז טונקעל, אין דער אַנ־דערער שטוב איז שטאָק־פינסטער. אויפ'ן טיש שטעהען טעלער מיט געבראָטענע אָדערקעלעך, וואָס בעטען זיך נור: מ'זאָל איבער זיי אַ ברכה מאַכען... ס'האַרץ איז איהם אפילו אויך גוט אַוועק, עפּיס אַזוי קאַלעמוטנע, ס'צופּט, דאָך גלוסט זיך נישט נעהמען צום מויל... אַזוי שפּעט... און דאָ איז קיינער נישטאָ!..

און ער געהט צוריק אַרויס, פערלעגט די הענד, און שטעהט אַזוי אַ ווײַלע און טראַכט:

— וואו זיי האָבען דאָס געקענט אַהינקומען די חברה זײַנע?..

און לאָזט זיך גלײַך מיט דעם אייגענעם טריט צום בית־המדרש:

— אויב זיי זאָלען דאָרטען אויך נישט זײַן—איז שוין עק וועלט!.. האָט ער זיי שוין נישט וואו צו זוכען מעהר..

קומט עֶר אָן צום בית־המדרש—אינווענינ איז פינסטעֶר; עֶר שטויסט־זיך־אָן אין דעֶר עגלה, וועֶלכעֶ מ׳האָט, קעֶנטיג, אָבגעֶשטעֶלט דאָ נאָך אַ פעֶרשפעֶטיגטעֶר לויה, צי דעֶר פורמאַן האָט זיך גאָר שטאַרק געֶאײַלט,—שטעֶהט זי אַזוי ווי אַ הפקר־זאַך אין מיטעֶן הויף, ווי אַ כטראַשידלעֶ—און די נשמה איז איהם שיער נישט אויסגעֶגאַנגעֶן, ווען זײַן נאָז האָט זיך אָנגעֶשלאָגעֶן אין איהר; נור באַלד האָט עֶר זיך גענומען שעֶלטעֶן, זידעֶנדיג, אַפּנים, שטאַרק אין כעס, זיך זידלעֶן צוזאַמעֶן מיט אַלעֶ גוטעֶ ברידעֶר אינאײנעֶם:

— אַז, זיי זאָלעֶן דאָרטעֶן צוברעֶכעֶן העֶנד און פיס, וואו זיי זעֶנעֶן, אויב זיי ווילעֶן איהם אויף צו להכעיס צורעֶכט־מאַכעֶן אַזאַ נאַכט: עֶר זאָל זיך ברויכעֶן אַרומדרעֶהעֶן הינטעֶר די ווענד, אײנעֶר־אַלײן, און נאָך־וואָס פאַר אַ נאַכט—זײַן נאַכט, ווען מאָרגעֶן־פריה ברויך עֶר שטעֶהן!.. און אַזוי אַדורכלאָזעֶן די גוטעֶ מינוט, די אײנציגעֶ געֶלעֶגעֶנהײַט, וואָס עֶר וואַרט אויף איהר גאַנצעֶ אײן־און־צוואַנציג יאָהר,—מיט אַ טרוקעֶנעֶם האַלז, אַפילו דעֶם גאָרגעֶל נישט בענעֶצעֶן, הײסט ריכטיג: אַ גאַנץ יאָהר זײַן שכור און פורים ניכטעֶר!..

און עֶר געֶהט צוריק אויך פון דאָרטעֶן, געֶהט גיך, שפרײַזט. און וואו אַ לאָדעֶן, דעֶרלאַנגט עֶר, מעשה עֶשו—אַ בריקעֶ מיט דעֶר פויסט, אַזש די שויבעֶן קלינגעֶן... עֶר שלעֶפט די פיס פון דעֶר בלאָטעֶ אַרויס, דאָס היטעֶל איבעֶר די אויגעֶן אַראָבגעֶצויגעֶן—ווי אַ נאַכט־גנב, און—עֶר געֶהט... געֶהט עֶפיס ווי פעֶרטהון מיט זיך, פעֶרקריכט זיך אין הוריות, און מיט־אַמאָל: ווי עֶס דעֶרלאַנגט איהם עֶמיץ אַ בריקעֶ מיט אַ האַנד איבעֶר׳ן פלײצעֶ, אַ האַנד—אַ לאַפּעֶ, און אַ געֶלעֶכטעֶר הילכט־אָב נעֶבעֶן איהם אין דעֶר פינסטעֶר:

— אַ כאָליערעֶ!.. מ׳האָט דאָך געֶמײנט: די הינד האָבעֶן דיך עֶרגעֶץ פעֶרשלעֶפט!..

עֶר קוקט זיך אום און זעֶהט: דעֶם לאַנגעֶן שמואל... אַרום

איהם שטעהט—ריכטיגער: האַלט־זיך ערשט אין אָבשטעלען די גאַנצע חברה־יונגען, וואָס שלעפּען זיך אין דער בלאָטע, לאָזען־אַראָב פּיס און ציהען־אַרויס. און וועלכע אויך ס׳האַלטען די פּאָלעס אין די הענד— אויב אין לאַנגע קאַפּאָטעס, פערשטעהט זיך—דאָס זיי זאָלען זיך נישט פערשמירען; און ס׳האָט אויסגעזעהן: ווי דער עולם וואָלט עפּיס צוריקגעקעהרט פון אַ פערשפּעטיגטע לויה, וועלכע האָט זיי אויפגעהאַלטען ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט־אַריין, און פון וועלכע ער אַליין, בעריל, האָט זיך פערלוירען אויף אַ לענגערע צייט, צוליעב דעם וואָס ר׳האָט געהאַט אָבצושטעלען די עגלה אויף אַ בעשטימטען אָרט, און אַצינד זיך ערשט צוזאַמענגעקומען מיט׳ן עולם.

בעריל האַלט׳ס נישט אויס:

— וואו ליעגט איהר ערגעץ אין דער ערד?... אַזאַ נאַכט ווילט איהר מיר צורעכט - מאַכען פאַר׳ן לעגען - פיהרען?... שענע כלי־זמרים האָב איך מיר דאָס איינגעהאַנדעלט...

דער לאַנגער לאָזט איהם נישט אויסרעדען:

— שווייג—נור רעד נישט; דו רעד נישט... מיר האָבען דיך שוין אַרומגעשיקט זוכען וואו די וועלט האָט אַן עק... דער קליינער ברוך׳ל איז נאָך נישטאָ איבער דיר!.. שען נחת האָבען מיר דערלעבט... אַ... אַ יונג הויבט־זיך־אויף און געהט איבער די הייזער בעטען... שען נחת, יאָ... נישטאָ וואָס צו רעדען...

בערלען האָט דאָס גוט פערקרענקט; אָבער ער האָט זיך נישט פערגלוסט צורעכט צו מאַכען קיין חתונה מיט זיי, פאַר׳ן שטאָך, און ער פרעגט:

— הייסט?.. איהר זענט דאָך פּאָרט געלעגען אין דער ערד?... דער קליינער ברוך׳ל זוכט מיך,—און איך בין שוין געוועזען ביי לייזער׳ן, אין בית־המדרש... וואו די וועלט האָט נור אַן עק...

— זאָגט איהם, זאָגט איהם שוין, וואו מ׳איז געוועזען,—

רופט עמיץ פון דער חברה—נעהמט׳ס איהם נישט ארויס די נשמה!..
זאגט׳ס איהם: ביי דער בלינדער צעלקע...

און מעהרערע שטימען:

— זאגט׳ס איהם...

— זאגט׳ס איהם...

— אהא! אויסגעזוכט זיך א מקום!.. א וועה-בראך אין אייערע לייבער... און ביי אזא לעז פערזעהט מען עס אין א גוטען ברודער?..

חברה ריהרט נאכדעם פון דער בלאטע, מ׳שלעפט זיך ווי די ציגיינער, ביז מ׳שלעפט זיך ענדליך ארויס און מ׳קומט-אן צו לייזער׳ן, וואס האט דאס שינקעל.

שטיל איז ביי לייזער׳ן. די שינק איז פערמאכט. די טהיר-לעך זענען צוגעלייגט אויף דער קייטעל. אינווענדיג איז פינסטער. פון ארום איז פינסטער, כאטש—טאפ א וואנד!.. עמיץ קלאפט-אן— מ׳ענטפערט נישט... פון אויבען קאפעט אהן אויפהער, און דער פוס הינטען—איז נישט זיכער... ס׳דוכט-זיך: ווי ער זינקט... קריכט אלץ טיעפער אריין אין דער בלאטע... אין דער ערד... און א מחשבה לויפט-אדורך: מ׳וועט אזוי שטעהענדיג דא אריינקריכען צוערשט ביז איבער די קני, נאכדעם — ביז׳ן גארטעל, ביז שפעט פארטאג׳ס-צו—ביז איבער די אויערן; אז ס׳וועט שוין אינ-גאנצען האבען טאג-געווארען—וועט מען האבען פערגאנגען אין בלאטע, און ס׳וועט שוין פון אויבען גארנישט בלייבען מעהר ווי שיטערע בלאטע, די אייגענע, וואס נעכטען און איינערנעכטען, און קיינער וועט נישט,—ווען, זאגאר, שפעטער שוין, ווען ס׳וועט כאַ-

פען אַ פּרעסטעל און איהר איינפּריהרען, פערהאַרטעװען—נאָכ־קלעהרען: אַז ס׳װענען געבליבען מענשען הינטער איהר...

אַ מאוס׳ע געשיכטע...

— װאָס װעט דאָ זיין פון שטעהן?..—פרעגט עמיץ, און ס׳הערט זיך: װי דער קלאַפּט שוין מיט די ציין פון קעלט און נער־ציגקייט,—אויפהאַקען די טהירלעך און—אַנ׳עק זאָל׳ס נעהמען!...

— אַודאַי אויפרייסען די טהירלעך!.. לאָזען זיך בעטען?..

דער שלים־מזל ליעגט דאָרטען און שלאָפט זיך, אַ מכה אויף זיינע יאָהרען—ער װעט נישט בעציימטענס זיין צו שלאָפען, װען קיינער פון די חברה װעט שוין נישט האָבען פערבליבען אין שטאָדט?..

און חברה נעהמט פויקען צו איהם אין טהיר. נור — פויק היינט, פויק מאָרגען, די טהירלעך עפענען זיך נישט; נישט אַנ־דערש, װי ליזער איז איינגעשלאָפען אין אַנ׳אייביגען שלאָף... מ׳ציטבעלט איהם אין די טהירלעך... מ׳צימבעלט איהם אין די פענסטער אַריין...

— אַ רוח אין זיין געפגר׳טען פגר אַריין, ער זאָל שוין מעהר נישט דערלעבען אַרויסצוקריכען פון בעט; אַז דאָס האָט נישט קיין יודיש אָדער אין זיך, ס׳זאָל בערעכענען: מ׳שטעהט אויף אַזאַ פּאַסקודנע װעטער!.. לאָזען שעה׳ן לאַנג קלאַפּען און דאָס ליעגט זיך אין בעט, אין קישענס איינגעדעקט גאָר װי אַ קראַנקע, קרענקען זאָל ער! אַ העזה, אייגענע מענשען!.. אַ רוח אין זיין געפגר׳טען טאַטען אַריין...

און אַלץ קלאַפּט... אַלץ צימבעלט... פינסטער איז אַרום, דאָס גאַנצע געסעל ליעגט װי אין אַ היהנער־פּלעט; מ׳הערט נישט פון ערגעץ קיין שאָרך, קיין גערויש, ס׳דערגעהט נור דאָס קלאַ־פּען פון רעגען, ס׳קאַפּען װי אַ דראָבנע סמאָקען מיט די ליפּען פון שלימאַקעס, זשאַבעס און פיש...

אַז בעריל קומט אין כעס אַריין, פערמעסט זיך צו די טהירלעך מיט׳ן גאַנצען כח, פערלעגט די עלענבויגענס, אונטער־

שפּאַרענדיג, אַ פּאָר צעהנדליג אַקסלען פון יונגען,—מאַכט ער שטיל, אויפ׳ן קינדערשען אופן נאָך:

— טהירעלע, טהירעלע, מאַך-זיך-אויף!..

און—טר-אַ-אַ-ך! די טהירלעך שפּרינגען ביידע אַוועק. די בעשלעגען האָבען נאָכגעלאָזט, זיי האָבען נישט אויסגעהאַלטען דעם דראַנג פון די יונגען, און אַצינד שטעהען זיי ביידע אויפגע-פּראַלט, גראָד ווי צוויי טהירלעך פון אַנ׳עגלה, פון וועלכער מ׳האָט נור-וואָס אַרויסגערוקט די מטה,—און ס׳קוקט פון דאָרטען אַרויס אַ פינסטער לאָך ווי פון אַ קעלער אַרויס... און פון גרויס איבער-ראַשונג, ווי דאָס וואָלט געקומען פאַר זיי אומגעריכט, ווי זיי וואָלטען זיך לכתחילה גאָר נישט פאָרגעזעהן: ס׳קאָן אַרויסקומען אַזאַ זאַך—שטעהען זיי צוריקגעהאַלטען און דערשראָקען, אָבער נור פאַר איין רגע, און זיי פּאַקען זיך אַריין אינווענייג, און דאָס שיינקעל ווערט מיט זיי פול...

צו גלייכער צייט, ווי דער קראַך איז פאָרגעקומען, און אַזוי שטאַרק, אַז ס׳האָט אָבגעהילכט אין דער טיעפקייט ווי אַ ביקס וואָלט אויסגעשאָסען, האָט זיך גלייך בעוויזען אין פענסטער, וואָס ביי לייזער׳ן אין שטוב, עפּיס אַ שיינדעל פון אַ ליכטיגקייט, גראָד אַזוי ווי ס׳וואָלט עמיץ דאָרטען אין דער מינוט אַ שוועבעלע אָנגעצונדען; און באַלד אויף דעם, בעווייזט זיך לייזער אין די נאַכט-מלבושים, מיט אַ צוקנייטשט פּרצוף; נור אַפּנים ער האָט שוין פון פריהער נאָך געמוזט אויפזיין, וויל ס׳האָט איהם נישט געגלוסט זיך צו חבר׳ן מיט דער באַנדע נאָך האַלבער נאַכט, און געמיינט: ס׳וועט איהם אָבגעהן... די חברה וועט זיך אָבטראָגען... שטעהט ער אַצינד אין אַ פערלעגענהייט, מיט אַ ליכט אין האַנד, בעטראַכט נור אַזוי גוט די בעלי-בתים פון זיין שיינקעל, און וואונדערט זיך:

— האַ?.. אויף דעם האָט ער זיך בנאמנות נישט געריכט!..

דאָס זיינע מענשען זאָלען איהם קומען נאָך דער האַלבער נאַכט אויפרייסען די טהירלעך פון דער שיינק—איז דאָך שוין אויס וועלט!..

שפּרינגט בּערעלע אַרויס, און מאַכט איהם נאָך אויפ׳ן אייגענעם קול, מיט דער אייגענער תנועה:

— האַ?.. אויף דעם האָט ער זיך בּנאמנות נישט גערינכט!.. אַז זייערס אַ מענש, וואָס זיי האָבּען אויפגעהויבּען ממש פון דער ערד, ווי מ׳הויבּט-אויף אַ שפּענדעל, זאָל זיי לאָזען שטעהן אַ שעה-צייט און קלאַפּען, און זיך נישט מאַכען הערען, נאָך דער האַלבּער נאַכט—איז דאָך שוין אויס וועלט!..

שטעהט חברה אָנגע׳ברוגז׳ט, שטעהט לייזער אָנגע׳ברוגז׳ט, אָנגעכמורעט, צוויי ברוגז׳ע מחותנים, בּיידע זענען נישט צופרידען; און חברה זעצט זיך אַזוי אונצופרידען אַוועק צום טיש, לייזער דערלאַנגט אונצופרידען די געגזלען, דאָס בּיער, חברה פרעסט מיט אונצופרידענהייט אויף די געגזלען, פערשלינגט דאָס בּיער, לאָזט-אַראָב אַלץ, וואָס ס׳שטעהט אויפ׳ן בּופעט, מיט אונצופרידענ-קייט... אַזוי הין-און-צוריק, חתן-כלה-בּרוגז, פונ׳ם דערלאַנגען בּיז׳ן עסען וואַרפט מען זיך צפער איינס ס׳אַנדערע, ווי אַ פּאָר-פּאָלק אין בּרוגז׳ן:

— פע, לייזער... אַ גאַנצע צייט געווען געטריי; ווען ס׳איז נישט געווען, בּיים ערשטען קלאַפּ, פאַר חצות, נאָך חצות, קעגען טאָג. געעומען פון אונז ס׳געלד, געשאַרט מיט בּיידע הענד, ווי כּשר׳ע בּהמה׳לעך אונז געמאָלקען, און אַצינד אַ בּיסעל אויף זיך אַ הויט געעומען, נתעשר געוואָרען,—שוין!.. וויל מען שוין מעהר נישט קוקען אויף אונז, אויס שדוך—צוריק מויד... איז דאָס גלייך אַזוי?..

און לייזער:

— פע, חברה... פאַר גאַנצע צייט זיך אַזוי ליטיש געפיהרט, זיך געהאַלטען סטאַטעטשנע, נישט געסקאַנדאַלעוועט, און אין מי-טען-דרינען אַ זאַוואָד—איהם אויפבּרעכען די טהירלעך פון דער שיינק נאָך האַלבּע-נאַכט!..

שפּרינגט שוין בּערעלע אַרויס פון די כּלים:

— וואָס, דו בּיסט שוין קראַנק געווען צו-צוואַרטען, בּיז דו וועסט האָבּען די חברה פון דער לינקער זייט?.. אַוועקגעשיקט צו

אַלדי רוחות, און נאָכדעם זיך לעגען שלאָפען, און אַפילו שוין מעהר נישט אויפשטעהן!.. מיינסט: ס'וואָלט עמיצען אַודאַי געאַרט?.. פגירה איינע?..

נו... אָבגעקריגט זיך, אָבגעגעסען—יעקב משלם; איז דער טייטש: נעהם אַרויס נ'ביטעל און—צעהל!.. און דאָ הויבט-זיך-אָן די ריכטיגע חתונה... וועך מיר בעצאָהלען!.. וואָס מיר בעצאָהלען!.. האָבען זיי שוין אָנגעהויבען מיט ביזען—זאָל עס שוין אַזוי אַוועק מיט דעם וועג... וואָס פרעגען זיי דען אייגענטליך נאָך איהם!.. און טאַקי אַזוי!.. דער אייגענער נישט-אָרענטליכער מענש, וואָס מ'בלייבט בלויז ביי די טהירלעך אויפברעכען—קאָן מען דאָך שוין זיין צוזאַמען: ווען מ'וועט נישט בעצאָהלען אויך!.. אַודאַי: דער אייגענער גנב אין מען ביי אַ נאָדעל, ווי מ'לאָזט אַראָב אַ גאַנצען טויזענדער!.. און חברה לאָזט אַראָב די קעפּ, מיעד... דער'הרג'עט... נישט נור מ'הערט נישט פון קיין בעצאָהלען, נאָר מ'ריהרט זיך באַלד נישט פון אָרט!.. ס'האָט גאָר קיינער נישט אין זין: אַוועק-צוגעהן... און מ'שלאָפט, צי מ'מאַכט זיך שלאָפען, דער טייוועל ווייס זיי, נור איין זאַך איז יאָ קענטיג: לייזער שטעהט איינגע-טונקט אין בלוט... ער ציטערט שוין אָרענטליך פאַר קעלט און קלאַפּט אַ צאָהן אין אַ צאָהן...

— גוואַלד, וואָס ווילען זיי דאָ היינט האָבען פון איהם?.. זיך פערלעגט אויף זיינע יאָהרען? אָבגעגעסען איהם ביז'ן ביין, און לאַ-די וואָס מ'גיט איהם נישט קיין גראָשען,—צולעגט מען זיך נאָך ווי די כראַבריעס איבער די טישען און בענק, און אַציגד קומט איהם נישט-אַנדערש אויס, ווי צו שטעהן מיט זיי אַזוי אַ גאַנצע נאַכט און זיי היטען—אַ קלאָג דאָס איז!.. זיין זייער שומר: ס'זאָל נישט געשעהן דאָ קיין גנבה! ס'זאָל אַזוי אַרויכריגען אַ יונג, איז ער גוט בעקליידט... פון וואַנעט וועט ער נעהמען דערנאָך אַנ'אַנדערען יונג אָבצוגעבען נ'קייזער?..

און ער בעט זיך רחמים:

—געהט'ס אַהיים... געהט'ס אין גאָט'ס ד'ערד אַריין... וואָס

ווילט איהר נאָך?.. אָנגעפּרעסען זיך... אָנגעזאָפּען... פעהלט מיר נישט מעהר, ווי דער וואַכמיש זאָל אַדורכגעהן און דאָס זעהן: מאַכט ער מיר מאָרגען צו ביידע טהירלעך—איז אויס לייזער, אויס שיינקו..

חברה האָרכט איהם ווי נ׳גראָהען קאָטער... מ׳שנאָרכט מיט די נעז... מ׳מאַכט זיך שנאָרכען... און ווען לייזער זעהט: ס׳וועט דאָ נישט זיין פאָרטצוקומען מיט זיי, געהט ער אַריין נאָכ׳ן וויבּ, וועלכע איז זיך מטריח גלייך פון בעט-אַרויס אַהער-צו, הויבט-אָן צו וויינען ווי אַ ביהן, גיסען טייכען פון די אויגען...

— זיי זאָלען זי נישט אומגליקליך מאַכען... צינעהמען ס׳לעצטע שטיקעל ברויט איהרס... און וואָס גיכער אַוועקגעהן... ס׳הייסט: אָבטראָגען זיך מיט די ביינער... זי איז זיי שוין אויך מוחל ס׳עסען מיט׳ן ביער, נור—זיי זאָלען אַוועקגעהן!... נעהמען נ׳וועג!...

שטעהט דענסטמאָל אויף בעריל, שטעלט-זיך אַוועק אין אַ לעכערליכע פּאָזע, ווי אַ שכור, און מיט אַ שנאָפּעלדיגע נאָז, סטראַשענדיג דערביי מיט אַ פינגער—פרעגט ער:

— זאָג: דו ווע׳סט נאָך לאָזען שטעהן און קלאַפּען צו דיר אין לאָדען-אַריין, און זיך נישט אָברופען?..

און ווען ער שווערט זיך, לייזער, מיט כל השבועות שבעולם: נישט... געהט ערשט חברה אַרויס. פאַר׳ן עסען העלפען זיי איהם צושפאַרען צוריק די טהירלעך... און ווען ס׳געהט פאַר-ביי אַ רעכטע ווייל, ס׳איז שוין צוריק פינסטער אויך, שטעהט מען נאָך אַזוי פאַר׳ן שיינקעל, און מ׳קלעהרט: וואָס מ׳זאָל דאָ אָבטהון לייזער׳ן פאַר אַ שטיקעל, פאַר דער עולה וואָס ער האָט געטהון צו דער חברה?..

— אויפהערען געהן צו איהם אין שיינק אַריין?.. ניין... ער וועט זיך גאָר נישט נעהמען דאָס צום האַרצען; ווייל, ס׳איז שוין באַלד נאָכ׳ן פּריזיוו, דאָס יאָהר איז שוין ביי איהם אין

קעשענע, און וואס ס׳וועט ווידער זײַן מיט׳ן צווייטען ונתנה-תוקף— וועלען זיי שוין באַלד האָבען אָבגעקומען די שווערע העלפט פון דער „סלוזשבע”...

און בעריל פאַלט אויף אַנ׳אויפטהו:

— נישט ווײַט פון דאַנעט, אין סקווער, הינטען, מויערט בייניש גאַרבער אַ הײַזעל, שטעהען ציגעל, איז דאָ ליים, זאָל מען איהם פאַר דער עולה אויפמויערן פאַר די טהיר אַ וואַנד פון די ציגעל, און אַזוי ווי זיי האָבען נישט בײַנאַכט געקאָנט אַרײַן, זאָל ער בײַטאָג נישט קאָנען אַרויס...

אַ וועט פאַר אַ וועט...

חברה שפּרינגט פשוט פון דער הויט, מ׳צוטיילט-זיך גלײַך אונטער אַ קאָמאַנדע: ווער ס׳זאָל טראָגען ליים... ווער: ציגעל... און דער עיקר: ווער ס׳זאָל מויערן...

און חברה טראָגט, מויערט פלײַסיג. אַ פינסטערע נאַכט איז, כאָטש ס׳איז שווער אָנצוטרעפען עפּיס און מ׳האָט נישט די גע- העריגע כלים, פונדעסטוועגען האָט זיך געאַרבײַט, און וואָס קעל- טער ס׳איז געווען, האָט די אַרבײַט מעהר געצויגען און געוואַ- רימט, געגאַנגען לעבעדיגער... און ווען ס׳איז געקומען טאָג, ס׳האָט אָנגעהויבען צו טאָגען אויף די שווערע אָנגעכמורעטע הימלען, איז אויף דעם אָרט פון פאַר די טהירלעך פון שיינקעל געווען אַ פאַרטיגע וואַנד, אַ פרישע וואַנד אויסגעמויערט פון די ציגעל...

געצויגען האָט זיך די קייט אויף אין דעם טאָג פון יענעם פריהמאָרגען-אָן, ווען בעריל שייגעץ איז געווען אײַנגעפלאָכטען אין איהר... באַלד פון דערפריה איז ער שוין געשטאַנען פון הינטען

ביים סאַמע פענסטער און איז אויסגעקומען ווי דאָס לעצטע ריינ-געל פון דער קייט; נאָך איהם, אַרויפצוצוהער, און אַלץ נעהנטער צו דער טהיר, וואו מ׳געהט אַריין זיך פערשרייבען, וואו מ׳רופט-אָן—זענען געשטאַנען עטליכע שקצים, יונגען, עפּיס פרעמדע מענש-לען, ווייבע, אויסגעווייקטע, וועלכע האָבען אויסגעזעהן, אין זייער נאַקעטקייט, נור איינגעהילט אין די שווארצע כאַלאַטעלעך, בלויזע קעפּ, ברילעכלעך אויף די אויגען, איינגעפאַלענע צורות און באָרי-וויסע פיס—ווי עפּיס שאָטענס פון מענשען, אויסגעווייקטע אין עסיג, זויערע לימענעס...

און די קייט האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבען צו בעוועגען; דאָרטען אין יענער שטוב האָט נאָך עפּיס אויסגעפעהלט עמיץ פון די מענשען, און ער, בעריל, איז אויך ווי אַלע געשטאַנען רוהיג, איינגעהילט אין כאַלאַטעל, רוהיג, גלייכגילטיג, האַלב אָנגעשפאַרט אין פענסטער, און אַרויסגעקוקט צום הויף פון „פּאָוויאַט“...

הינטען, אין הויף פון „פּאָוויאַט“ שטעהען עטליכע רעדלעך יודען, ווייבער, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענגעדרעהט אַזוי ווי אין קופּקעלעך; ווייטער שטעהען האַלב-צעוואָרפען אַ ביסעל יונגעליינ-לעך, עטליכע שקצים, די אַודאי, וואָס ברויכען זיך, מסתמא, באַלד אָנשליסען אין דער קייט, ווען זי וועט זיך אָנהויבען וויקלען, וויקלען אויף אַ גאַנצען געהענדיגען טאָג...

צווישען די יודען מיט די ווייבער, זעהט ער, ווי ס׳איז אַוועקגעקראָכען איין יודענע, און ווי זי שטעהט אין אַ ווינקעל פון גרויסען הויף, אין אַ זייט, שאָקעלט-זיך בתמימות צו דער וואַנד, ווי זי וואָלט פרום געדאַווענט די שמונה-עשרה צו מנחה, און רעדט-זיך נאָכדעם אויס מיט׳ן רבונו של עולם, אויפ׳ן קול:

— יושב בשמים, דו, וואָס זיצסט אין הימעל, געדענק אין דיין שפּחה, וועלכע איז נישט ווערטה צו מעלדען דיין נאָמען, און נעהם ביי איהר נישט-צו איהר איין-איינציגען בן-יחיד... איהר שפּייזער... און זאָל ער זיך לאָזען לויפען און מיהען פאַר דיר, זיין פּאָטער, וועלכער איז אַוועקגעגאַנגען נאָך מיט צוויי יאָהר

צוריק פון דער וועלט, און מען געלאָזען אַ וויסטע אלמנה... גע-
דענק אַצינד, ווען די סכנה איז גרויס, און די שווערד ליגט
אויסגעשפּרייט פאַר זיינע פּיס...

אויפ׳ן הויף קומען דערווייל צו וואָס מעהר יודען מיט
ווייבער; מיט דער רגע קומען זיי צושווימען און איינציגע אַלטע
ווייבער, קענטיג: מוטערס, און איינציגע יונגע ווייבלעך, אפּנים—
ווייבער, וועלכע האָבען דאָ שטעהן זייערע מאַנען, צי זיהן,—און
די דאָזיגע ווייכע מענשלעך, וועלכע שטעהען מיט איהם אינאיינעם
ווי די שאָטענס; די אַלע ווייבער הויבען-זיך איינציגוויז אָן צו
שאָקלען, מיט טרערען וואָס קומען זיי אין די אויגען-אַריין, און
מיט אַ לשון, ווי זיי וואָלטען אַרויסגעזאָגט גלייך פון אַ תחינה,
צוגעהט-זיך כמעט איטליכע בעזונדער אין אַנ׳אַנדער ווינקעל, און
רעדט זיך אויס איהר ביטער הארץ צו דער וואַנד,—אַפּנים, די
צרות זענען פול, דאָס מעסטעל געהט שוין איבער...

איינע דערצעהלט:

— עפּיס פון אַ וויסטען קאַליקע, פון איהר זוהן, אַ חורבן
צו איהרע יאָהר—וואָס זיין פּאָטער איז נאָך אַ קאַליקע געוועזן
און זיין זיידע איז אַ קאַליקע געוועזן, און זאָל איהר אַצינד דער
זכות פון זיינע זיידעס, די קאַליקעס—ביישטעהן און זייער איינצי-
קעל זאָל נור ווערען פערזעהן אין די אויגען פון די גרויסע
לייט... און נישט אַמאָל נושא-חן-זיין ביי זיי!..

נאָך איינע דערצעהלט:

— פון אַ מאַן, וואָס מ׳זאָל איהם, חלילה, צונעהמען—לאָזט
ער זי איבער מיט דריי קליינע קינדערלעך, און וואו וועט זי
זיך דענסטמאָל אַהינטהון?.. וואו וועלען זיך אַהינטהון די יתומים?..
פון וואַנעט וועט זי באַלד נעהמען פאַר זייערטוועגען אויף דער
ערשטער חיי-שעה?.. און אין זכות פון די לעבעדיגע יתומים׳לעך,
זאָל ער דאָס ניצול ווערען פון די גוים׳ס הענד, און קומען גלייך
צו׳אָבצושפּרינגען און אַראָבצוטאַנצען פון אויבען מיט דער גאַנצער

ישועה אויפ'ן האַנד. אַז איהרע שונאים זאָלען ווערען צוזעצט און צושבּרונגען, און זי מיט איהרע קינדער—אויפגעריכט!..

און נאָך איינע, קענטיג: אַ מאַמע, דערצעהלט:

— עפּיס פון אַ קינד, וואָס זי האָט מיט טויטע אַנגסטען אויסגעבּעטען, און דורך זיין חסד, פון פינף—קוים דעם איינעם אַרויסגעשלעפּט פון מלאַך-המות'ס ציין, מיט וועלכען זי האָט זיך איהר גאַנץ לעבען געראַנגעלט; אַליין אַ צרה'דיגער, אַ פער'חושכ'-טער, אָהן אַ רעכטען אבר, זאָל איהר אויך בּיישטעהן דער זכות, און זי זאָל איהם מיט איהרע תפילות ובקשות אויך אַרויסרייסען פון זייערע ציין דאָ...

און דאָ איז עפּיס געשעהן. די קייט האָט זיך אומגעריכט אַ צאַפּעל געטהון, אַ ריהר, איהם אינסטינקטיוו ווי מיטגעשלעפּט, אַ רינגעל האָט זיך אָבּגעריסען דאָרטען, אויבּען פון פאָרענט ביי איהר, און די קייט האָט זיך אָבּגערוקט מיט אַ טריט; אַ מינוט— און נאָך אַ רינגעל פון דער קייט איז אַוועק, און זי האָט זיך נאָך אויף וויטער אָבּגערוקט. בּאַלד האָט ער שוין נישט געהאַט דאָס פענסטער פאַר זיך, צו זיינע אויערן קומען שוין שוואַך צו די טענות פון די ווייבּלעך, פאַר זיינע אויגען שטעהט שוין אַצינד די שטוב, די שטוב מיט מענשען וואָס בּעטאַפּען און בּעהאָרכען איטליכעס רינגעל פון דער קייט, מעסטען, וועגען... און ער, בּע-ריל, רוקט זיך וואָס אַמאָל נעהנטער צו, אַ שווייגענדיגער, קוקט זיך רוהיג איין אין דרינען, אין אָבּנעהמונגס-שטוב, ווי מ'בּעגעהט זיך דאָס מיט די מענשען וואָס מ'רופט-אָן, קוקט גלייכגילטיג און געלאַסען, אָהן די מינדעסטע שרעק, עפּיס, אַ מחשבה... גיכער הויבּט איהם שוין-אָן צו אַרען, וואָס מ'בּעקוקט זיי עפּיס אַזוי ווי די קעלבּער אויף אַ מאַרק, און ער געהט אַרויס פון געדולד, דאָס סבלנות האַלט נישט אויס, עס פערדריסט איהם שוין בּאַלד גוט אויף די משוגע'נע קונצען, וואָס ס'ווערט געטהון צו מאַנכע פון זיי, און ער טראַכט זיך:

— נײַן... בײַ זיך וועט ער דאָס אַלץ נישט צולאָזען...
זאָגען מיט איין וואָרט: געזונד... און—געגנוג!..

און אָט שטעהט ער שוין מיט דער ברוסט אויפ'ן שוועל פון טהיר—צום שטוב; ס'ערשטע רינגעל פון דער קייט איז ער אַצינד, און, מאָדנע: אַצינד איז איהם אײַנגעפאַלען אַ קוק צו טהון פון הינטען, הינטער זיך, ווײַל, געדוכט האָט זיך איהם אין דער רגע: דאָס אַזוי ווי ער האָט זיך געררוקט, ברויך שוין אויס-קומען ער זאָל זײַן דאָס לעצטע רינגעל פון דער קייט!.. און ווי פערוואונדערט איז ער געבליבען, זעהענדיג: די אייגענע מענשען וואָס ר'האָט פון פריהער געזעהן הינטען, אין הויף, האַרט צו-געשפאַרט צו די אַלטע הויכע מויערן,—ווי זיי שטעהען שוין אַלע אַצינד, שווײַגענדיג און געהאָרכזאַם, אײנער הינטער'ן אַנדערען, נאַקעט, אין די בלויזע רעקלעך אײַנגעהילט, מאַנכע—אין די כאַ-לאַטלעך, אויך אַזוי צראָבגעלאָזען די קעפּ, מיט עפּיס אַ בעזונ-דערע אימה פאַר דער שטוב. הייסט עס: די קייט איז נאָך מיט איהם נישט צו ענדע... ער איז נישט ס'לעצטע רינגעל פון איהר, ווי ער האָט געמיינט — — — — — — — — —

— — און ער, בעריל, דערהערט נישט דאָסמאָל ווי מ'האָט איהם שוין צום צווייטען מאָל אָנגערופען בײַם טיש, און דערפיהלט זיך ערשט: ווען אַ פּאָר פעסטע אײַזערנע הענד ווי פון אַ מחבל גיבען איהם אַ שלעפּ פאַר'ן אָרעם, און ער שטעהט שוין אין שטוב... מאָדנע: דאָסמאָל האָט ער, אַפּנים, צוליעב'ן פערטראַכטען-זיך נישט געפיהלט דאָס בעוועגען-זיך פון דער קייט, און דאָס ער איז נישט מעהר ווי אַ רינגעלע פון איהר, אַ רינגע-לע, וואָס טאָר נישט אָבשטעהן אויף איין אויגענבליק פון אַלע-מען; און פאַר-דאָס האָט ער גוט געפיהלט די הענד, וואָס אַרבײַ-טען אַצינד אַרום איהם, ווי אָהן זײַן ידיעה עוסק'ן זיי זיך, לאָ-זען איהם אַראָב עפּיס אַ ברעטעל איבער'ן קאָפּ, און גיבען אַפּער אַזאַ ציפּער צום טיש, וואו אַלץ ווערט פערשריבען...

און געקומען צו-זיך. ר'זאָל וויסען: וואָס ס'טהוט-זיך מיט

איהם, איז ער, ווען דער דאָקטאָר איז־צו צו איהם, אַ ברייט־ביי־נערדיג מענשעל מיט אַ זילבערנעם שינעל און בלישצענדע קנעפּ, און אַ שמייכעלדיג פּנים, און וועלכער האָט דריי מאָל נאָכאַנאַנד איהם איבערגעפרעגט:

— דו ביסט געזונד?..

— דו ביסט געזונד?..

— דו ביסט געזונד?..

האָט ער זיך ענדליך דערכאַפּט, וואו ער האַלט אין דער וועלט, און געזאָגט הויך מיט אַ פול מויל:

— יאָ...

— און ס'פעהלט דיר גאָרנישט?..

הויבט ער מיט די אַקסלען:

— גאָרנישט...

— און ס'האָט דיר קיינמאָל גאָרנישט וועה־געטהון?—וואונדערט זיך דער דאָקטאָר.

הויבט ער מיט די אַקסלען ווי פריהער:

— קיינמאָל גאָרנישט...

קוקען זיך איבער די אַלע מענשען, וואָס זיצען אַרום טיש—שמייכלען, די זאַך ווערט זיי נייגיעריג, מאָדנע:

— אַ רעקרוט... און אַ יודישער דערצו, ווי שיקט־זיך עס, ער זאָל זיך נישט בעקלאָגען אויף עפּיס?.. אויגען?.. אויערן?.. פינגער?.. ציין?.. און וואָס נאָך אַלץ צו דעם?.. און וואָס נאָך?.. וואָס האָט ער נישט די אייגענע גלידער, וואָס אַלע איבריגע יודישע רעקרוטען?..

לעגט־צו דער דאָקטאָר דאָס רעהרעל צו זיין האַרץ, נעהמט עס גלייך צוריק אַוועק, קוקט איהם אָן אַ רגע, ווי איינעם וואָס לייקענט מיט אַ כיוון, עפּיס מיט אַ זאַך פאַר איהם, און חדוש'ט זיך... חדוש'ט זיך:

— מנע... טאַקי גאָר אַ וואונדערליכער רעקרוט... אָבער גאָר אַ וואונדערליכער...

און ער, דער רוסישער דאָקטאָר פערבעט זיין געהילף, גיט איהם דאָס אייגענע רעהרעל, ער זאָל מיט דעם האָרכען; און יענער לעגט עס אויף־צו צו זיין האַרץ, האָרכט, האָרכט, שאָקעלט־צו מיט'ן קאָפּ, ווי ער שטימט־איין מיט זיין קאָללעגע: ריכטיג... ריכטיג... לאָזט נאָך עפּיס פאַלען אַזאַ וואָרט, וואָס ער, בעריל, פערשטעהט נישט, און גיט נאָכדעם ראַפּטום אַ זאָג צום טיש, הויך, אויפ'ן קול, וואו די אַלע גרויסע לייט האָבען פון אַ ווײַלע נור געקוקט אויף איהם, בעטראַכט, נישט אַראָבגענומען קיין אויג, אַפּנים: די זאַך איז זיי געווען גאַנץ אינטערעסאַנט...

— נאַ איספּיטאַניאַ!

— — — — — — — — — — — —

· און ער, בעריל, איז שוין נישטאָ מעהר; די ליניע בעוועגט זיך ווייטער, די קייט וויקעלט זיך אויפסניי אָהן אויפהער, ווי זי האָט זיך געוויקעלט פון נעכטען און אייערנעכטען...



ס׳געהט אײַנ׳עטאַפּ; ס׳שלעפּט זיך אַ מחנה יונגען מיט שקצים, שלעפּט-זיך ווער מיט אַ נייגיריגען בליק אַרום זיך, אויף די הייווער, מויערן, און ס׳רוב אײַנגעשלאָפען, מיעד, קוים וואָס מ׳שלעפּט נאָך זיך די פיס. ס׳געהט דער עטאַפּ איבער די לאַנגע גאַסען פֿון דער גובערניע-שטאָדט,—דאָס איז די ערשטע פּאַרטיע רעקרוטען, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעשיקט פֿון שטעדטעל, און צוו.ש.ן וועלכע עס געפינט זיך אויך בעריל שײַגעץ.

עפּיס פֿיהלט זיך אַ מידקײַט, אַנ׳אָבהענדיגקײַט אין געהן; ערשט וואָס אַרײַנגעקראָכען אין וואַגאָן, דוכט-זיך, אין וועלכען מ׳איז געזעסען צוזאַמענגעקוועטשט אַ גאַנצע נאַכט, געשטיקט זיך אין רויך, און נאָכדעם ווי ס׳איז געוואָרען טאָג, און דער צוג האָט זיך נאָך אַוועקגעקוילערט מיט זיי אַנ׳ערך פֿון אַ האַלבע שעה אויפ׳ן פרי-המאָרגען, האָט איטליכער פֿון זיי גענומען זײַן פּעקעל, ווײַל דער צוג האָט זיך דענסטמאָל אָבגעשטעלט מיט זיי בײַ דער סטאַציע פֿון דער גובערניע-שטאָדט, זיי דאָ אויסגעשפּיגען; און אַזוי געהט מען שוין פֿון אַ היבשע צײַט, גאַס-אויס גאַס-אײַן, די טהירען פֿון אַלע קראָמען זענען נאָך פֿערמאַכט, בלויז די שילדען קוקען אַראָב פֿון איבער די געזעמסען, מיט גראָבע בעשלאָגענע אותיות, און מאַכען מעהר וועניגער בעקאַנט מיט דעם רײַכקײַט פֿון די געשעפטען, וועגען די אַלע אוצרות, וואָס ליגען דאָרטען, אינווענדיג, אין זיי בעגראָבען...

וואוהין געהט מען? באַלד אַ שעה ווי מ׳דרעהט זיך, פֿון

אײַן גאַס אַרונטער אויף דער אַנדערער אַרויף, און ס׳זעהט-אויס: ווי מ׳וואָלט זיך עפּיס מיט אַ כּיוון געדרעהט אַרום אײַן זאַך, און געוואָלט זי אינסטינקטיוו אויסמײַדען, נישט אָנקומען צו איהר... ס׳איז נאָך פריה. דער הימעל האָט אויך גאָר נישט אַזאַ שען פּנים—וואָלקענס צוריסענע און צופליקטע, אַ בלײַכער דורכלויף איז עפּיס ווי אַ זעלטענהײַט; ס׳איז נישט קײן ווינד, אָבער דאָך איז נישט וואַרים, אַ סמוטנע קעלט פרעסט, אַנ׳אונהיימליכע, דאָס איז אַ הערבסט-קעלט, וואָס ברויך מיט זיך, אַזוי צו זאָגען: אַרויסטראָגען דעם ווינטער; די דעכער קוקען אַלע אַראָב אַזוי מוטנע, קיהל, און טרוקען... דער „סטרוזש” פון דער חברה, וואָס איז מיטגעשיקט געוואָרען און האָט די פּאַפּירען—איז טויט-מיעד, אַ גאַנצע נאַכט קײן אויג נישט צוגעטהון,—ער ציהט דורכאויס אין שפּיטאָל, וויל אָבגעבען די חברה, זײַן עסק דאָרטען,—און זיך געהן זײַן וועג׳ס... אויסשלאָפען-זיך, עפּיס עסען, און—אַהײמפאָהרען, וואָס האָט ער נאָך דאָ פערשוואַרצט צו ווערען?..

חברה׳ן גלוסט-זיך אָבער נאָך נישט געהן אין שפּיטאָל; אַ סך רעקרוטען פון פאַר-אַ-יאָהרען, וואָס האָבען שוין די זכיה נאָכאַמאָל דאָ אָנצוקומען—ווײסען צו דערצעהלען:

— אַז קוים געהט מען דאָרטען אַהין אַרײַן,—איז מען אין דרינען; דאָס שפּיטאָל איז ווי אַ חוקת, נישט קײן אופן פון דאָרטען אַרויסצובעקומען זיך, און ביז מ׳שיקט נישט פון דאָרטען אַרויס מיט׳ן גוטען ווילען צוריק—זיצט מען תפוס... אַלזאָ, וואָס איז-זשע זיך דאָ ווידער צו אײַלען?..

די וואוילע-יונגען האָבען אויך געוואָלט געהן אין שפּיטאָל, נור דאָס האָבען די „ווײַכע” מענשלעך דוקא נישט דערלאָזט, כאָטש זיי זענען געווען מעהר מיעד ווי אַלע אַנדערע, אויסגעמאָגערט פון פאַר דער לעצטער צײַט, ערשט: נאָכ׳ן פערשוואַרצט ווערען אַ גאַנצע נאַכט אינ׳ם וואַגאָן, האָבען זײערע צורות אויסגעזעהן אַזוי טויט... אַזוי חרוב׳דיג... גראָד ווי ביי מענשען, וואָס ריכטען-זיך אַלע ווײַלע, מ׳וועט זיי אַרײַנלעגען אין גרוב-אַרײַן,

צוּשׁיטען מיט ערד... און דערצו האָבען זיי נאָך גענומען קלאַפּען מיט די ציין פאַר קעלט. און אַלץ נישט געוואָלט זיך אַראָבּרוקען פון דער גאַס, זיי האָט עס נישט געטויגט צום עסק:

— באשר בכן, זיי מוזען זיך פריהער אַרומקוקען וואָס עס הערט זיך! גלאַט זיך איבערגעבען דעם מלאַך־המות אין די הענד אַריין מיט׳ן גוטען ווילען—ברויך מען דאָך זיין אַ וועלט׳ס־נאַר!.. וואָרום מיט וועלכען פון די אַלע רעקרוטען פון די ווייכע מענשלעך איז באַלד אויף דעם אייגענעם צוג נישט מיטגעפאָהרען אין דער גובערניע־שטאָדט־אַריין: אַ טאַטע, אַ מאַמע, אַ ברודער, אַ קרוב, אַ גואל, און וואָס די דאָזיגע האָבען זיך דאָס אַצינד תיכף אַוועקגעלאָזען איבער׳ן שטאָדט: אַ שמעק־טהון, אַ לעק־טהון, ווי ס׳האַלט?.. ס׳אַראַ דאָקטוירים ס׳זענען דאָ היי־יאָהר?.. און צי מ׳שעכט נישט חלילה ווי אין־דערהיים, אָהן אַ מעסער?..

ערשט וואָס די חברה קומט־אָן אויף אַ ראָג־גאַס, וואו ס׳ווערט האַרט פאַר איהר נאָז אויפגעמאַכט אַ פּאָר טהירלעך פון אַ „טשיינע״; אַ יודעל, איינגעקאָבעלט אין אַ פאַרטשיילע, מאַכט אַוועק די לאָ־דענס פון פענסטער, נעהמט אויסקעהרען די שטוב פון נעכטיגען מושב,—און די חברה מאַכט איהר פול; זיי צוזעצען זיך אַרום די טישען, אַזוי די יונגען ווי די שקצים, זופען אַלע טהיי מיט ברען, אַזוי הויך, אַז ס׳גיט אָב, ווי אין אַ שכנות׳דיגער שטוב דאָ ערגעץ וואָלטען צעהנדליגער מענשען שווער געשלאָפען, און געכראָ־פּעט מיט די העלזער... אָנגעטרונקען זיך, דערוואַרימט,—לעגט מען אַראָב די קעפ אויף די טישען, ווילט זיך ערשט רעכט אַ דרימעל־טהון, אָבער דאָ קומען־אָן די יודען, די טאַטעס פון די „ווייכע״ מענשלעך, מיט אַ גדולה, מיט אַ שמחה:

— מ׳מעג געהן... ס׳איז אַל־דאָס־גוט׳ס... מ׳מעג געהן...

און דער עולם ריהרט. געהט אַוועק צופרידען און פרעהליך אין שפּיטאָל. אָבגענומען די פּאַפּירען פון גוי, איבערגעצעהלט די יונגען אויפ׳ן שטיק, נאָך אַ מאָל איבערגעצעהלט, און זיי אַריינגעלאָזט אין אַ גרויסע פּאַלאַטע, און ס׳האָט אַזוי גוט ווי

געהייסען: מ'איז אין שפּיטאָל... דאָ האָט פֿרשט בעריל אויפגע־מאַכט די אויגען... דאָ האָט זיך פאַר איהם אויפגעעפֿענט אַ נייע וועלט... אַ וועלט מיט מענשען...

— עפּיס אַזוי פיעל וועגען!.. אַזאַ טומעל!.. אַזאַ געריש... ווי אויף אַ יריד... ס'איז מיט נסים דער קאָפּ האַלט'ס־אויס... די געדאַנקען מישען־זיך נישט אויס...

און מעהר ברויך בעריל נישט; ער האָט דאָ אָנגעטראָפען בערילען פון אַ סך שטעדטלעך, אַזעלכע מענשלעך פון זיינס גלייכען, און כאָטש עס האָט איהם זייט נעכטען און אייערנעכטען גאַנץ גוט פערדראָסען:

— צו־וואָס מ'שיקט איהם דאָ אַהער?.. וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם ערשט געבּרויכט איבערצוטראַנספּאָרטירען דאָ אַהער אויף אַ קאָנסוליום, צו־גלייך מיט די אַלע אַנדערע יונגע־לייטלעך, וועל־כע האָבען אודאַי צוליעב דעם אויפגעגעסען גאַנצע פונטען ענגע־ליש זאַלץ, געשלונגען גאַנצע לימענעס, און בעזונדער: זיך אָנגע־טהון אַרבע מיתות בית־דין...

האָט איהם אַציינד שטאַרק הנאָה־געטהון:

— וואָס ער איז דאָ אָנגעקומען! פאָרט אַ מקום, וואו ס'איז פרעהליך, און לכתחילה, דוקא גאָר־נישט געמאַכט פאַר די „וויילכע" מענשלעך, נור פאַר אַזעלכע בערילעך פון זיינס־גלייכען.

און בעריל שווייגט פיהלט־זיך, ריכטיג, ווי אַ פיש אין וואַ־סער; דורך איין האַלבע שעה איז מען שוין אויסגעקאָכט מיט אַלעמען, אַזוי ווי מ'וואָלט־זיך שוין געקענט פון יאָהרען אַהער, און מ'פרעגט־זיך־אויס איינער ביים אַנדערען:

— אויף וואָס געהסטו?..

— אויף וואָס געהסטו?..

און איטליכער גיט־איבער דעם אַנדערען בסוד פון זיין פּע־קעל; און פּעקלען פעהלען נישט. עס זענען דאָ מכל המינים, צום

אויסוועהלען זיך: ווער מיט אַ האַנד, אַ פוס, אַ ווינקעל, מרידען, אַ סקאַלקע אויפ'ן אויג, און נאָך פון אַזעלכע גוטע זאַכען, פינ־גער, ציין... אַלץ פריש-געבאַקענע קאַליקעס, פון הינטער דער באָדעל־אַוועק, נור־וואָס אויסגעפיקטע פון איי, אַזש זיי צאַפּלען זיך, פונדעסטוועגען בעהאַלט עס קיינער גאָר נישט פאַר'ן אַנדערען...

— און אויף וואָס, אַשטייגער, געהט אַזוי בערילע?..

— ער זאָל אַזוי וויסען פון אַ בייזע קרענק, ווי ער ווייס אויף וואָס!.. נישט אַנדערש: עפּיס אַ משוגעת פון דאָקטאָר, וואָס האָט איהם אָבגעטהון אַ שפּיצעל אויף צו להכעיס, און ב'קיין אופן נישט געוואָלט צונעהמען...

גלויבט נישט חברה: מ'האַלט איהם פאַר אַ פאַלשען...

דערווייל גיט־מען מיטאָג אין שפּיטאָל. חברה: יודען, גוים, ציגיינער, דער רוח ווייס זיי: וויפיל פעלקער, שטעלען־זיך אַלע אויס אין איין לענג, האַלטען די בלעכענע שיסעלען אין די הענד, און צוויי זעלנער געהען פאַר זיי אַדורך, איינער האַלט אַ ציבער מיט עסען, און דער צווייטער שעפּט־אָן מיט אַ לעפעל פון ציבער און טיילט־אויס איטליכען צו ביסלעך אין די שיסעלען אַריין; די גוים עסען, פרעסען, זיי האָבען אין־דערהיים אַוודאי דאָס פאַר די אויגען נישט אָנגעזעהן, אָבער די יודען—נעהמט'ס אַפילו אַזאַ בערילע, אַזאַ קאַליע־געמאַכטע נשמה, צי נאָך עפּיס ערגערס—גיבען זיי אויך אַוועק זייערע חלקים די שקצים, נעהמען נישט צום מויל, נישט ווייל זיי „בזשידזשען"־זיך, און קאָנען, חלילה, נישט פערטראָגען דעם ריח, ווי ס'קאָן עמיץ מיינען, נור, פשוט:

— נאָך צייט צו עסען פון קעסעל; די טרפה'נע „יושקע" ווערט נאָך אַרויסקריכען פון האַלז, וואָס־זשע האָט מען זיך דאָ אַזוי צו איילען מיט איהר?..

און מ'טראַכט־זיך:

— ווילאַנג מ'איז נאָך נישט קיין זעלנער, מ'האָט נישט

נאָך אָבגעשמירט מיט שאַרע-זייף און אַרייַנגערוקט אין די סאָלדאַטסקע הויזען—ברוך-מען זיך נישט טרפה מאַכען...

ס'איז געוואָרען פאַרנאַכט אין שפּיטאָל. די גרויסע און לאַנגע „פאַלאַטע” מיט די ווייַסע אָבגעקאַלעכטע ווענד האָט בעקומען אַ מאָדנעם אויסזעהן; די מערב-וואַנד ווערט אָפטמאָל בעפאַלען מיט איינינגע קרענקליכע שטראַהלען פון דער זון, וועלכע ברייך אַפּנים אויסגעהן אויפ'ן מזרח... פון ביידע זייטען שטעהען איבער דער גאַנצער לענג פון דער מאָדנער שטוב, אין אַ לאַנגע רייהע, אויסגעשטעלט די בעטלעך, אויף וועלכע עס ליגען די יונגען, שקצים, ווער מיט'ן פּנים אַרויף צום באַלקען, די הענד אונטערגעלעגט הינטער'ן קאָפּ, ס'רוב: מיט די פּנים'ער אַראָב, שטיל, אין זיך, ליגען זיי, איינגעגנורעט אין די קאָלדרעס, פערשטומט — —
— — — — — — — — — — — ס'איז די צייט פון טראַכטען, פאַרנאַכט, בין-השמשות, רייסט-זיך עפּיס דאָ ס'געפיהל פון בענקשאַפט אָב... מ'מאַכט נישט-ווילענדיג צו די אויגען און ס'קומט צושווימען עפּיס אַ נאָהנטע, אַ היים... אַנ'ערינערונג... אַ משפּחה... אַ הויז... און עפּיס אַ שרעק פאַר דער ווייטעניש, וואָס ווינקט און לאָקערט שוין-אָן, רופט פון דאָרטען אויף „סלוזשבע”...

ס'ווערט טונקעלער. און מיט דער טונקעלהייט—אויך שטילער. דאָס געוויש פון טאָג שטילט-זיך-איין, די יונגען פערקריכען זיך אין קופּקעלעך, זעצען-זיך-אָן אין די ווינקעלעך, מ'טוליעט-זיך צוזאַמען אינאיינעם, און מ'קוקט פער'חלום'ט, און מ'שוויַגט... פון דרויסען קומט-אָן די נאַכט, אַ פאַרנאַכט פון אַ פוילען הערבסט-טאָג, פול יאוש, לאַנגווייליגקייט, און עפּיס זיצט-מען מיט אַזוי פיעל מיעדקייט, פוילקייט... דאָס מויל שפּרייט-זיך אַלע ווייַלע אויף

און ווײַל זיך איבּערריסען אין צווײען פּונ׳ם נישט-דערגענײצען... דורך די מערב-פּענסטער קוקט דער הימעל פול מיט בּענקשאַפט ווי אין אַ תפיסה, אַ הימעל וואו די זון פאַלט-אַראָב איבּער אַ טונקעלען אויפגעוועלבּטען וואָלקען—אַ גאַנצע, אַ פיעל-פּאַליגע, אַ פּערגרעסערטע, און נאָך מעהר—אָנגעשוואָלענע פון רויטקייט, אַנ׳-אָנגעלאָפּענע...

טונקעלער ווערט. אין איין ווינקעל הויבּט-זיך מיט איין מאָל אָן אָנצוזעהן דאָס ליכטיגקייט פון אַ קליין אייל-לעמפּעל, וואָס ברענט, קאָפּטשעט, און כמורעט-זיך איבּער׳ן בּילד פון דער הײ-ליגער מוטער; אַ גאַנצען טאָג איז עס כמעט געװען ווי פּערזעהן, די טראָפּענס ליכטיגקייט זענען דערטרונקען געוואָרען אין דעם ים פון ליכטיגקייט פון טאָג. און מיט׳ן אָוונט ווערט דער פלאַם שאַרפער, דײַטליכער, בּולט׳ער, און גיסט-אויס אַרום-זיך אַזוי פיעל היימליכקייט און מונטערקייט...

און עס זיצען שוין דאָרטען, אין יענעם ווינקעל, די פויערים-שקצים, אײַנגעהילט אין זײערע פּויערישע דעליעס, איינער נעבּען אַנדערען, אויף די קניע, און הויבּען-אויף זייער אָוונד-געבּעט, וואָס איז אַזוי מאָנאָטאָן און קלאָגעדיג... און דאָס גראָהע אומעטיגע געזאַנג צוגיסט-זיך איבּער דער לאַנגער און פּוסטער פּאַלאַטע, ווערט וואָס אַמאָל ווארימער, הייסער, מיט׳ן אָנקומען פון דער גאָט—אַלעס מעהר סודות׳דיגער, געהיימניספּולער...

פון די איבּריגע שטובּען בּעווײַזט-זיך ווען-נישט-ווען אַ זעל-נער, אין אַ ווײַסען קראַנקען-כאַלאַט, מיט אַנ׳אויסגעמאָגערט און אײַנגעצערט געזיכט, געל ווי אַ וואַקס, דער געהט-צו צום ווינקעל וואו ס׳זיצט ס׳זײַניגע, לאָזט-זיך אַראָב אויף דער קניע פאַר׳ן פלאַם, מאַכט איבּער זיך אַ צלם, און צי ער זיצט אַזוי שטיל, פּערטראַכט, צי ער זאָגט-מיט אין דער שטיל, קניפּט-איין זײַן קול אינ׳ם כאָר פון די יונגען, און זײַן שטים ווערט בּעהאָפּטען צום אַלגעמיינעם געבּעט פון זיינע גלויבּענס-בּרידער, וועלכע זיצען שוין אויך דאָ פּערוואָרפען אין דער פרעמד, אָבּגעריסען פון דער

הײם, נור װאָס זײ האַלטען־זיך שטאַרק אין זײער גאָט, צַלץ אײנס צי זײ זענען ערשט צװאַנציג מײל װײט פון דער הײם, סײ זײ װעלען נאָכדעם זײן טױזענד מײל װײט פון דער הײם..

טונקעלער, טונקעלער װערט אין שטוב...

אויך פון די יונגען קלױבט־זיך־אָב אײנער און אײנער, ביז אײנעם, אַנטקעגען־איבער אין מזרח־זײט געװענדט, זיצען זײ אין אַ הײפעל, די יונגען, אײנגעהילט און װי פערהױלען אין אָװענד־דעמערונג פון דער אָנקומענדער נאַכט; און דאָ שטעהען זײ אַלע אויף די פיס, נעהמען־זיך שאָקלען, שטיל און אײנגעהאַלטען, פול מיט ענוות און יראה, אַרײנשאָקלען זיך װײט אין דער נאַכט־אַרײן, גראָבע יונגען, װי זײ װאָלטען ערשט אַצינד דערפיהלט דאָס גרױס־קײט פון גאָט... װער ס׳גאַרטעלט־זיך אַרום מיט אַ פאַרטשײלע און זאָגט שטיל די הױכע שמונה־עשרה פון מנחה, זאָגט שטיל, אָבער אַזױ שטאַרק, אָבשטעלענדיג זיך אױפ׳ן פירוש המלות, װי ער װאָלט מיט דעם בדעה־געהאַט צו־צוקײען די פסוקים פאַר׳ן גראָבען עולם, געבען זײ אַמאָל אַ לעקעכעל, און זאָ־לען זײ אויך פיהלען דעם טעם פון אַ װאָרט, װי זיס ס׳איז, װי גוט, װי ס׳צוגעהט־זיך אין אַלע אברים, בעזונדער נאָך: אין אַזאַ צײט... און דער עולם, װי ער װאָלט ערשט רעכט בע־נומען דעם טײטש, לעקט די פינגער, כאַפּט־נאָך איטליכער אױפ׳ן קול און מיט אַ ניגון—ברוך הוא וברוך שמו... אָמן...

און אויך פון די אַנדערע שטובען, װאו עס ליעגען די זעל־נער, קראַנקע, רײסט־זיך־אָב פון דאָרטען עפּיס אַ זעלנער אין אַ װײסען כאַלאַט, אין אַ פּאָר שטעק־שיך, מיט אַ געל־קרענקליך געזיכט, װעלכער געהט שטיל איבער װי בגנבה צו דעם װינקעל פון די יודען. אַזױ לאַנג געפינט ער זיך שױן צװישען גױם, און אַצינד דערפיהלט ער אין זיך דעם יוד, דאָס גרױסקײט פון זיך; דאָס געזאַנג, דער ניגון האָט איהם געצױגען, און ער קניפּט־זיך־אָן אין די יונגען, שאָקעלט־זיך דאָך־מיט צו מנחה...

פינסטער װערט... אין דעם גרױסען, לאַנגען צימער זעהען־

זיך קוים דאָן די בּעטלעך אַזוי ווי די פערגליווערטע שאָטענס, און די יונגען, וואָס ליגען אויסגעצויגען אויף זיי אַזוי אונבּעוועג-ליך, ווי געשטאָרבּענע, מאַכען דעם איינדרוק פון עפּיס אונבּע-שטימטע אָנגעוואָרפענע קנוילען... דורך די פענסטער לעשט-זיך-אויס דער לעצטער בּלאַסק פון הימעל, פינסטער איז אין דרויסען, און פון ערגעץ אין דער שכנות'דיגער נאָהנטקייט, וואָס ס'זעהט אויס צו זיין אַזוי וויַיט—טוקט-זיך עפּיס אַ פייערל, וועלכעס בּאַ-דעקט זיך מיט אַש, טוקט-זיך אַ פייערל, וועלכעס שיינט צו זיין פון אַ פּאַפּיראָס — — — — — — — — — —

— — — און עס ציהען-זיך די געזאַנגען אין דער פינסטער, שטילע געזאַנגען, פון בּיידע ווינקלען, וועלכע מישען-זיך-אויס אין זייער איינזאַמקייט—אינאיינעם צושווימען-זיך איבּער'ן פוסטען זאַל פון דער „פּאַלאַטע"

אָנגעצונדען אַ ליכט, איז גראָד ווי שבת פאַרנאַכט, אין אַ יודישע שטוב, צו זמירות, ווען ס'בּעוויַיזט-זיך אַ שטערן אויפ'ן הימעל, און מ'צינדט-אָן אַ ליכט צו אַ הבדלה—אַזוי ווערט די גאַנ-צע שטימונג אויסגערונען. דאָס ליכטיגקייט פונ'ם לעמפּעל, וואָס האָט-זיך צוגאָסען, כאָטש איבּער אַ גאַנץ-קנאַ ען שטח—פון צימער, און קוים דערגרייכט מיט שווערע שאָטענס אין די ווינקלען צו די ווענד, האָט דאָך אויף אַזוי פיעל געווירקט, אַז דאָס געזאַנג זאָל-זיך גלייך ווי מיט-אַמאָל איבּערייסען און אויפהערען. די ת-רה האָט-זיך גלייך אַ ריהרגעטהון פון די ערטער, זיך-צולאָזט איבּער'ן זאַל, אויסגעמישט-זיך, און מונטער, פריילעך, ווי נאָך נעילה, זיך אַרומגעכאַפּט, אַ שמייגעץ מיט אַ יונג, אַ יונג מיט אַ שמייגעץ, גוט-בּרודערשאַפט, און זיך גענומען אויסרעדען איינער דעם אַנדע-

רעֶן, אָנדעֶרצעֶהלעֶן פון דעֶר היים, ווער ס'האָט זיך נור געֶהאַט אויך אָנגעֶשטויסעֶן אין ס'זיינינגעֶ, פון אַנ'איינעֶן דאָרף, פון אַ נאָהעֶנטעֶן ישוב...

באַלד האָבעֶן זיך אָנגעֶהויבעֶן די קאָמיסיעֶס. דאָקטוירים זעֶנעֶן געֶקומעֶן, דאָקטוירים מיט העֶלעֶ שינעֶלעֶן און בלאַנקעֶנדיגעֶ קנעֶפּ, וועֶלכעֶ האָבעֶן זיך צוטיילט מיט אַ געֶוויסעֶן סדר, און איטליכער אין זיין בעֶזונדער „אויפנאַהמס"־שטוב; און פעֶלדשעֶרס מיט פּאַפּירעֶן אין די העֶנד, נעֶהמעֶן לויפעֶן, רופעֶן נאָכאַנאַנד עֶפּיס פון אַ ליסטעֶ, נעֶמעֶן, וועֶלכעֶ האָבעֶן שוין, וואַהרשיינליך, בעֶדאַרפט זיין פון פריהעֶר צוגעֶגרייט; און פאַר איטליכער טהיר בעֶזונדער, וואו די דאָקטוירים נעֶהמעֶן־זָך—האָבעֶן זיך אַוועֶקגעֶשטעֶלט חברות יונגעֶן, שקצים, סיי די פון געֶרופעֶנעֶ און סיי יעֶנעֶ וואָס מ'האָט נישט אָבגעֶרופעֶן, אָבער וועֶלכעֶ האָבעֶן זיך שוין גוט פערשטעֶנדיגט לויט זייערעֶ „פּעֶקלעֶך", צו וועֶלכעֶן דאָקטאָר זיי געֶהעֶרעֶן, און אַצינד, ביים אַריין־און־אַרויסגעֶהן פון די יונגעֶן, וועֶלכעֶ האָבעֶן זיך אַזוי גיך אָבגעֶפּעֶרטיגט, איינער נאָכ'ן אַנדערעֶן—נישט מיעד געֶוואָרעֶן איבערצופרעֶגעֶן, איינמאָל און אַ צעֶהנטען מאָל ביי יעֶדען איינציגען יונג בעֶזונדער:

— עֶפּיס אַ שלעֶכטער דער דאָקטאָר?..

— אַ שלעֶכטער?..

— אַ הונד?..

— בעֶהאַנדעֶלט שלעֶכט?..

— ווי? נעֶהמט גוט אויף?..

און אַזוי ציהט־זיך דאָס אָבנעֶהמעֶן ביז נאָך אַכט. די דאָקטוירים נעֶהמעֶן נ'וועג, דערפיהלט־זיך חברה עֶפּיס ווי פרייער, ווי מ'וואָלט פון זיי אַראָבגעֶנומעֶן די שטריק, און אָבגעֶלאָזט; איטליכער רעֶקרוט, לויט זיין השערה, וואָס איז נור געֶוועֶן אויפ'ן „וויזיט", ווייס שוין גוט, לויט די מינעֶס פון דאָקטאָר, ביים אויפנעֶהמעֶן, ביים בעֶטראַכטעֶן,—צי עֶר איז אָנגעֶשריבעֶן צום גוטעֶן, און וועֶלכער—צום שלעֶכטעֶן, זעֶגעֶן זיי ביידעֶ מינים רעֶקרוטעֶן

אַרומגעלאָפּען ווי פּער'סם'טע מייז, סיי די ערשטע מיט אַ גדולה אין בויך, סיי די לעצטע מיט אַ בראָך, און ביי די ווי ביי יענע איז אַלץ אַצינד איין קלעהר:

— ווי-אַ-נאָך מ'קריגט-זיך אַצינד אַרויס פון דאַנעט; אין דרויסען וואַרט משפחה, וואַרטען פריינד, טאַטע-מאַמע, און גלאַט קרובים, די יעניגע וואָס פון שטאָדט—איז פון שטאָדט; די יעניגע וואָס פון דער פרעמד—איז פון פרעמד... מ'ברויך גלייך אַלעמען איבערגעבען, ווי ס'איז דאָ דערגאַנגען. ביי וועלכען—גוט, און ביי וועלכען ס'איז אויך קאַליע-געוואָרען—ברויך מען זעהן: ס'זאָל צוריק אַריין אין דער שרויף, און געהן ווייטער ווי ס'ברויך צו געהן...

קומט מען צום „דניעוואַלני” וואָס זיצט ביים טהיר, און האַק אין לעדער, און טרען—מ'גיט איהם אַ גילדען, אַ פערציגער, צוויי זהובים, ס'דערגעהט שוין ביז צו האַלבע קערבלעך, און ער:

— ר'האָט אַ'אָנזאָג פון „נאַטשאַלסטוואָ” איינמאָל פאר אַלע מאָל: נישט אַרויסצולאָזען קיינעם, אַנישט וועט ער געהן אין קאַרצער...

איז דאָך בערילע דאָ אין שפּיטאָל. גנב'עט ער זיך אונטער אין בוידעם-שטיבעל, מאַכט דאָרטען אויף ס'פענסטערל און, מ'ברויך אַראָבלאָזען זיך אין הויף. עולם האָט מורא צו ריזיקירען—פאַר דער האַנד זענען דאָך פּאָרט אַלע קאַליקעס, אָהן אַ געלעכטער, חולאים, און אַגב—פון אַזאַ הויכעניש, דורכ'ן דאַך-פענסטער... לאָזט ער, בעריל, זיך אַליין אַראָב, פאַמעליך צוהאַלטענדיג-זיך ביי אַ רינע און שטיקער געזעמסען, און איידער ס'געהט נאָך פאַרביי אַ פירטעל שעה וואַקסט שוין אויס אַ לייטער הינטער'ן פענסטער, וואָס דער שוואַרצער יאָהר ווייס פון וואַנעט ער האָט זי אויסגעקראַצט...

און באַלד, גוטע ברידער, אַלע בערילעך, געהען-[illegible]ך אויף איהר אַראָב און אַרויף, ווי די מלאכים אויף יעקב אָבינו'ס לייטער; און די „ווייכע” מענשלעך—אַ מכה! ס'ברויכט—בעצאָהלט'ס! איז

וועֶר ס׳מאַכט איִהם, בעֶריִלעֶ׳ן, עֶפּיִס אַריַין איִן דעֶר יד-אַריַין,— יעֶנעֶר געֶהט אַרוּנטעֶר, פֿעֶרשטעֶהט-זיִך: אַז איִן געֶלד-געֶבעֶן איִז פוּן זיַיעֶר זיַיט קיַין מניעה ניִשט געֶוועֶן... און פאַר דעֶם איַינגעֶ-נעֶם כסף, האָט עֶר זיַי שוין אויך דיִ טובה געֶטהון,—אוּנטעֶרגעֶ-האַלטעֶן דיִ פליַיצעֶ ביַים פאַרקאַן, דיִ אַלעֶ זאָלעֶן וואָס גיִכעֶר קעֶנעֶן אַריִבעֶרקומעֶן פוּן יעֶנעֶר זיַיט פאַרקאַן, וויַיל ביַים טויעֶר שטעֶהט אַ פּריִשעֶ שמירה...

און נאָכדעֶם, ווען בעֶריִלעֶ האָט זיִך געֶלאָזט געֶהן איִן גאַס-אַריַין, מיִט זיַין עולם אויך: בעֶריִלעֶך, שמואל׳לעֶקלעֶך, ברוך׳-לעֶך, אַשטיַיגעֶר וויִ פוּן-דעֶרהיַים, נור פוּן פעֶרשיִעדעֶנעֶ שטעֶדט-לעֶך אויס דעֶר גאַנצעֶר גובעֶרניעֶ, דאָס שמאַלץ פוּן יעֶדעֶן מקום בעֶזוּנדעֶר—האָט עֶר אויך געֶהאַט אַ פּוּלעֶ קעֶשעֶנעֶ מיִט געֶלד, קוּפּעֶר, וויַיס, וועֶלכעֶס האָט איִהם שיִער ניִשט אַראָבגעֶשלעֶפּט דיִ הויזעֶן פּוּן דיִ פיִס און איִנגאַנצעֶן אויך—איִן דעֶר עֶרד אַריַין...

און מ׳זוּכט-אויף אַ שיַינקעֶל, מ׳זעֶצט-זיִך אַריַין, איִן דעֶר גרויסעֶר שטאָדט פעֶהלט דיִ סחורה ניִשט; איִז ניִשט לײַזעֶר, איִז חיים, יאָקעֶל, גרונם! אַ חיִלוּק: וויִ דעֶר בעל-דבר היַיסט, און ציִ עֶר האָט אַ געֶלעֶ בּאָרד, ציִ אַ שוואַרצעֶ, אַביִ דיִ שיַינק האָט דעֶם איַינגעֶנעֶם פּרצוּף, מ׳בעֶקוּמט איִן איִהר אַ גלעֶזעֶל ביִער, און פּוּן היִנטעֶר דיִ פּאָלעֶ אַפּעֶר—אַ גלעֶזעֶל בראָנפּעֶן אויך...

מאַכט-זיִך אָבעֶר שפּעֶט, פּוּן דיִ גרויסעֶ געֶשעֶפטעֶן וועֶרעֶן דיִ טהיִרעֶן איַינציִגוויַיז פעֶרמאַכט; איִן גאַס וועֶרט פיִנסטעֶר, חושך— כאָטש טאַפּ אַ וואַנד, און דעֶר שיַינקעֶר איִז אויך ניִשט לײַזעֶר, אֶפשר גאָר נאָך אַ גרעֶסעֶרעֶר שמעֶנדריִק, אָבעֶר וויִ ס׳קומט נאָהנט צוּ חצות, וויִל עֶר ניִשט ריִזיִקיִרעֶן מיִט זיַין פרנסה, און היַיסט זיִך פּאַקעֶן איִן וועֶג-אַריַין... אויף אַלעֶ טענות קומט עֶר אַרויס: ס׳איִז ניִשט דאָ קיַין קליַין שטעֶדטעֶל, מיִט קיַין גיִלדעֶן אַ סטראַזש-ניִק געֶהט-עֶס אויך ניִשט צוּ מאַכעֶן—און עֶר פעֶרמאַכט ביַידעֶ טהיִרלעֶך פּוּן דעֶר שיַינק! און וויַיל ר׳האָט דאָך פּאָרט צוּגעֶנומעֶן ביַי זיַי דיִ פּאָר גיִמעֶלעֶך, איִז ס׳פּאַסט דאָך עֶפּיִס ניִשט שלעֶכט

אַפּגֶערצוקומֶען, גראָב,—האַלט עֶר נאָך ווי־ס׳איז־נישט בגנבה צו־גֶעלֶענט די טהירלֶעך, נישט פֶערלֶעגט דעֶם פרעֶנט ביז נאָך חצות, נאָכדעֶם—העֶלפט שוין קיין שום טענה נישט, הברה בלייבט שטעֶהן אויפ׳ן גאַס, אָהן אַ גראָשעֶן געֶלד, פאַר־דאָס מיט פולעֶ מוחות, פּעֶרדרעֶהטעֶ, און ווי אָנגעֶשמיסעֶן און פון באָד אַרויסגעֶטריבעֶן, קוקט־זיך־אָן איינעֶר אין אַנדעֶרעֶן.

— וואו געֶהט־מעֶן?..

אַרום איז פינסטעֶר. פעֶרהאָמעֶרט און פעֶרמאַכט הינטעֶר׳ן שלאָס און ריגעֶל. איז עֶס אַזוי אין־דעֶרהיים, האָט זיך איטליכעֶר בעֶזונדעֶר, אַפילו ווי אַזאַ בעֶריל שייגעֶץ—זיין אָרטעֶל, וואו מ׳קאָן נאָך צו אַלעֶ צרות פֶערשטופעֶן אַ נאַכט; געֶה און זוך דאָס אין אַ פרעֶמדעֶ שטאָדט... זוך סתם אַ מקום־מנוחה, וואו אַוועֶקצולעֶגעֶן ס׳בינטעֶל ביינעֶר, נ׳קאָפּ... זיך אַ ביסעֶל אָברוהעֶן... נור—דאָס איז אויך בלאָטעֶ, אַ נאַש־בראַט טאָר ביינאַכט נישט שלאָפעֶן... ביינאַכט, ביינאַכט, זאָגט בעֶריל שייגעֶץ, ברויך מעֶן אויף־צו־זיין... ברויך מעֶן זעֶהן עֶפיס אַוועֶקצוטהון... און ווען־דעֶן לעֶבט־מעֶן אין די יונגעֶ יאָהרעֶן—מיינט נאָך עֶמיץ, אַודאַי אַזאַ גאון ווי בעֶרילעֶ—אויב נישט ביינאַכט?.. ווען־דעֶן לעֶבט־מעֶן?..

און אַזוי געֶהט־מעֶן, געֶהט דעֶר עולם, אַ ביסעֶל אויך פֶעֶר־קנאַקט, אָבעֶר דאָך—גלייך, שאַ, שטיל, מ׳בעֶמעֶרקט נישט לחלוטין פון קיין שכרות ביי זיי, אַ יוד האָט נישט קיין טבע צו שרייעֶן, ליאַרמעֶן, ווען עֶר איז בגלופין, נישט מעֶהר: אַ וואַקעֶל... אַ טאָטשעֶ... אָבעֶר אויך—אויסגעֶהאַלטעֶן... גלייך מיט׳ן וועֶג, איין גאַס אַריין, די אַנדעֶרעֶ אַרויס, עֶפיס זוכט מעֶן, ס׳ווילט זיך דאָך אין עֶפיס אָנכאַפּעֶן, די פיס זעֶנעֶן שוועֶר ווי די העֶלצעֶר... און דאָ דעֶרזעֶהט־מעֶן, ווי פון אַנ׳אויבעֶרשטעֶן גאָרן לייכטעֶן־זיך עֶפיס העֶל אַלעֶ פעֶנסטעֶר, אַ ליכטיגקייט — ס׳פעֶדרייסט, אַזש ס׳האַרץ הויבט־זיך־אָן צו דעֶרפרעֶהעֶן, און באַלד לאָזט־זיך העֶרעֶן פון דאָר־טעֶן עֶפיס אַ שפּילעֶן, אַ צימבלעֶן, חברה ווערט נתפעל, גאָר ווי אויפגעֶלעֶבט, און מ׳שטעֶלט פיס אַרויף, אויבעֶן..

ז'קומט אַרויף—אַ חתונה; וואוילע געסט אויך, אָנגעלעגט—אַ שמחה, מ'האַלט גראָד ביים טישען. ס'איז נאָך דער חופה. מ'גיט זיי איטליכען בענקלעך, און מ'בעט זיי צו דער סעודה, רעקרוטען, פאַרוואָס נישט?..

ווילען זיי נישט עסען.

— זיי זענען געקומען גלאַט אַ ביסעל אַהערצו-צו פערברענגען, ווייל ס'איז דאָ היימליך...

און מיט אַנ'אויסריידן; אַ ליגענד מיט אַ וואָרט-צייכען:

— זיי טאָרען נישט שלאָפען ביינאַכט... ס'קאָן זיי שאַדטען צום עסק... וועט מען אַ ביסעל דאָ זיין... נישט קיין אייגענע שמחה, דאָך—אַ שמחה! אַ טרונק בראָנפען, אַ גלעזעל ביער, אויב ס'איז פאַרהאַן—וואָלטען זיי זיך דוקא נישט געקרענקט...

נו, פעהלט דאָס אויף אַ שמחה?..

זיצט חברה ביי אַ גאַנצען שטאָף שפּירטוס באַלד, און—אַרבייט מעשים; מ'טרינקט, און מ'כאַפּט אויגען צו דער כלה; די מיידלעך וויעדער וואַרפען אויגען צו די יונגען, און אַזוי געהט-צו אַ פרעהליכער פאַנטאָמין, שמועסען-זיך-אַדורך אויף שטום-לשון:

— העער נור, דו, וואָס מיט'ן ווייסען שלייפעל, וועסטו קומען מאָרגען צוגעהן, נאָכמיטאָג, אָדער פאַרנאַכט, אין גאָרטען?.. יאָ?..

— און דו, וואָס מיט'ן גראָבען צעפּעל, מיט'ן שמאָלען נעזעל, געדענק מאָרגען: אין שמאָלען געסעל...

דערווייל רוקט-זיך אַרויס די סעודה. די פיס ווערען פערלענדט, ס'פלייש קומט אַבנים גלאַט אַוועק מ'ווייס נישט וואו, קוים דאָס צימעס וואָס מאַכט נאָך בע'טעם'ט ס'מויל, דער מאַרשאַלעק נעהמט גראַמען, און ס'כאַפּען זיך שוין אויפ'ן אָרט האָפּקעס, אַלטע ווייבער קאָנען שוין נישט איינרוהען, עס הויבט-זיי ממש אונטער, זיי בעקומען דאָס, ווי הייסט עס דאָרטען... אויפ'ן

באַלף אַלפי מחילות, און מיט די לעדיגע מײַלער, אָהן צײַן, אײַנגעשרומפּענע פּנים'ער, באַקען, נעהמט־מען־זיך דרעהען איבער'ן זאַל ווי די פּוסטע פּליגעל פון ווינד־מיהלען, פון וועלכע מ'האָט שוין פון לאַנג געבראָכט האָבען אַרויסגענומען די שטײנער אינ־וועניג, די וואַלצען...

מחותנים בעקומען שוין אויך היץ, קלאַפּען־צו מיט די הענד, כלי־זמרים האָבען שוין פּערפיקט אַלץ פון די טישען אַראָב, געזעהן צום קאָפּ, דאָס פּעסעל ביער, אָנגעלעגט זיך איטליכער אַ באָנדע—אַז יעדער פון זײ קאָן שוין שפּילען באַלד אויף זײַן אײַגענעם פּויק; דער פּידלער נעהמט שוין „סטרויען", און ווען ער ציהט־אויס דעם ערשטען געלונגענעם טאָן, פּאָהרט אַריבער מיט'ן סמיק איבער די גאַנצע לענג פון אויבען ביז אַרונטער,— כאַפּט־איהם שוין אונטער אין אַ בעגלײַט פּון דער אַנדערער שטוב דער מאַרשאַלעק מיט אַ לאַנגען און אויסגעצויגענעם „שאַ!" און בעווײַזט־זיך גלײַך מיט'ן זײַדענעם קאַפּעלע אויפ'ן קאָפּ, שי־טענדיג גראַמען ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק־אַרויס...

אַזוי ווערט אַ גראַטשקע מיט־דער מינוט... מ'זעהט גאָר נישט ווי געשיקט די טישען מיט די בענק ווערען אַרויסגעשיקט, און דער עולם מישט־זיך אויס: וואָס ס'איז פריהער געווען ביחידות אין בעזונדערע שטובען—קומט־זיך צוזאַמען אינ'ם גרויסען זאַל, דער חתן איז שוין אין אײַן שטוב מיט דער כלה, און מיט איהם—אַלע איהרע מײדלעך, ווײַבלעך, מחותנת'טעס, יודען, בחורים, יונגע־לײַט, אַלץ אינאײנעם ווערט אויפגעלעבט, פּערגעסט אין די מחיצות, וואָס האַלט זײ אײביג פּון דערווײַטענס, און ווערען אַצינד אַזוי צוגעלאָזען אײנער צום אַנדערען... אַ פרעמדע אשה כאַפּט־זיך שוין אָן אין גאַרטעל בײַ אַ פרעמדען מאַנספּערשוין, און מ'האָפּקעט נאָך, און ס'דוכט־זיך: וויבאַלד נור די כלי־זמרים שפּיע־לען נור אויף עפּיס אַ קנאַקעדיגעס—אַזוי נעהמען־זיך אַלע פּאַר

די הענד און גאַרטלען, און ס׳וועט ווערען איין ראָד, איין קלימ־
פּער: איין מענש פון די אַלע מענשען...

און דאָ שווימען מיט־אַמאָל אַרויס די יונגען און צולאָזען־
זיך איבער׳ן זאַל; אויפגעלעגט איז מען, אַ כוס׳ע אין קאָפּ האָט
מען, די בעסטע טענצער פון דערהיים—בעווייזט מען וואָס מ׳קען:
אַ קאָזאַצקע... אַ קאָמאַרעסקע... אַ האָפּ־טשיק־טשאַק... אַ ראַבּ־טשאַק־
טשאַק... געסט, מחותנים, די רוקען־זיך אָב אויף די ווענד, ווייבער,
מיידלעך קריכען אַרויף אויף די בענק... און די יונגען—אַלע מיט׳ן
אויג: שדים, דרעהען־זיך אַזוי גיך, פלינק, פאַלען צו די פיס, ווי
זיי בעטען־זיך מיט זייערע שכור׳ע צורות, און אין מיטען פון
זייער משונה׳דיגען טאַנצען—אַזוי געלאַסען, וויך, איידעל, אַז ביי
די מיידלעך צוגעהען די הערצער, און ווען זיי ווערען נאָכדעם
ווילד, פערשייט, אַז ביי די יודען פאַלען־אַרויס די הערצער פאַר
שרעק...

און אַזוי ווערט געטאַנצט... מ׳טאַנצט, ביז די יודען, ווייבער,
מיידלעך קוקען־זיך־אַרום: חתן־כלה זענען נעלם־געוואָרען, די יונ־
טערפיהרערס האָבען געמאַכט אַ גראַטש, און נישט מעהר, נישט
ווייניגער אַרויסגע׳גנב׳עט ווי נ׳חתן מיט דער כלה—הויבט מען
זיך־אָן איינציגווייז אַרויסצורוקען פון זאַל ווי די איבריגע, מיט אַ
שמייכעל אויף די ליפען, און מ׳לאָזט אַזוי די יונגען טאַנצען פאַר
די לעדיגע ווענד פון פוסטען זאַל — — — — — — —
— — — — און ווען זיי קוקען־זיך ־ אַרום, די יונגען,
טאָגט שוין אין דרויסען...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען בשעת אַזאַ געלויף, אַזאַ

געפּילדער און ליאַרם, ווי ס'מאַכט-זיך ווען די דאָקטוירים קומען אָננעהמען אויף וויזיטען, צווישען אַנדערע נעמען, ווי:

— חיים מאָפּס... איציק קלאָפּס... חײַקעל טרעפּער... צדוק שלעפּער...

אויך אָנגערופען:

— בעריל קלאַק...

און ביים גאַנצען רעדעל, וואָס פאַקט-זיך פאַר'ן טהיר, נישט ווי דאָרטען, אין-דערהיים, ביים „פּאָוויאַט" ס'האָט זיך געצויגען די שורה, נור, להבדיל, ווי אין אַ חסידים-שטיבעל, בשעת חדוה, מ'קריכט איינער דעם אַנדערען מיט די פיס אין קעשענע—איז ער אויך געקראָכען, האָט ער זיך אויך געפּאַקט...

און ענדליך, האָט זיך די טהיר אויפגעמאַכט, פון דער „אויפנאַהמס"-שטוב האָט מען אַרייַנגערופען אַ שטיק דרײַסיג יונגען, אויך בעריל שײַגעץ צווישען זײַ, און געהייסען אַלעמען אויף-אַמאָל זיך אויסטהון...

דער דאָקטאָר, שוין אין אַ ווײַסען פאַרטוך מיט אַ גלאַט אויסגעראַזירט געזיכט, זיצט ביים טיש, אויף וועלכען עס שטעהט אַ גלעזערנער סלאָי מיט וואַטע, ס'ליעגען רעהרלעך, ביינדלעך, און אַנדערע מכשירים... און באַלד געהט ער אַפּער, בעטראַכט די חברה, וואָס האָבען זיך שוין אַלע אויסגעטהון, שטעהען נאַקעט—צושטעלט ער זיי אין שרענגעס, איינע הינטער דער אַנדערער; איין שרענגע הייסט ער לויפען:

— איינס, צוויי, דרײַ...

און די שרענגע לויפט טריט ביי טריט, אַרויף ביז'ן וואַנד און—צוריק; אַנ'אַנדערער שרענגע הייסט ער זיך זעצען אַראָב און אַרויף, הויבען-זיך און אַראָבלאָזען נור גיך, אין איין אָטעם; אַ דריטער שרענגע הייסט ער: בייגען-זיך אָהן אויפהער ביז אין דער העלפט פון זייערע קערפּער, מאַכען דערביי מיט די הענד, אויס-

ציהען-זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, ווי אַ זשאַבע...

און אַזוי האָט ער צושטעלט די חברה-יונגען מיט שקצים, געהייסען זיי אַלע אַרבייטען פלייסיג נאָכ'ן טאַקט, דאָס אין פלוג האָט זיך געדוכט: ווי דאָס איז נישט קיין אויפנאַהם-צימער פון אַ דאָקטאָר, נור עפּיס אַ טורן-האַלע, וואו ער, דער דאָקטאָר, איז נישט מעהר ווי אַ געניטער לעהרער פון גימנאַסטיק, וואָס שטעהט און קוקט-זיך-צו מיט גרויס צופרידענהייט צו די יונגען, און וועלכע ער האָט פאַר שילער, ווי זיי מאַכען גענוי די איבונגען, די אַלע בעוועגונגען נאָכ'ן טאַקט אַזוי ווי אָבגעמאָסטען...

שטעהט ער, דער דאָקטאָר, מיט'ן רעהרעל אין האַנד. הינטער איהם—דער פעלדשער, אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע, מיט די פאַפּירען אין האַנד, קאָמאַנדעווע' מיט די יונגען... די שורה, וואָס איז שוין אָבגעגאַנגען אַ מאָל פופּצעהן הין-און-צוריק צום וואַנד—שטעלט ער אָב, און ס'איז צו זעהן: ווי דער דאָקטאָר געהט דענסטמאָל-צו, לעגט אַוועק צו איטליכענס האַרץ דאָס רעהרעל, טהוט אַ האָרך אויף אַ רגע, און געהט איבער צום אַנדערען, צום דריטען, אַפּנים: ער וויל אויפכאַפּען די ווירקונג פון אָנשטרענגען-זיך—אויפ'ן האַרץ, און ס'טרעפט אויך, דאָס ביי וועלכען יונג שטעלט ער זיך אָב אַ מינוט לענגער, און פרעגט איהם אויס:

— ווי לאַנג ר'ליידט?..

— ווי ר'הייסט?..

און דרעהט-זיך תיכף אויס מיט'ן פּנים צום פעלדשער, זאָגט איהם עפּיס שטיל, פון וואָס יענער זוכט גלייך אויף די פאַפּירען און פערשרייבט...

נאָכדעם ווי ער האָט שוין אַלץ בעהאָרכט, גיט ער איבער דער שורה אַ צווייטע לעקציע פון זעצען-זיך אַרויף און אַראָב, אַראָב און אַרויף; און יענע, וואָס מאַכט וויטער אַלץ אַרויף און

אַראָב, רעוויזירט ער און הייסט: געהן הין-און-צוריק, גיט-איבער די ערשטע׳ס לעקציע...

און חברה טוישט-זיך אַלע ווילע מיט די לעקציעס; די יע-ניגע, וואָס איז געגאַנגען הין-און-צוריק—ברעכט-זיך; די, וואָס ברעכט זיך—בעוועגט-זיך נאָכדעם אַרויף און אַראָב, און איטליכעס מאָל, ביים איבערטוישען די שורה צו דער אַנדערער לעקציע, געהט ער צו ווי פריהער, דער דאָקטאָר, לעגט-צו דאָס רעהרעל צו די הער-צער פון די יונגען, בעהאָרכט זיי, כאַפּט-אָב זייער אָטעם, און נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך שוין גוט איינגעמאַטערט, געהט-איבער די שרענגע פון ערשטען ביז׳ן לעצטען, און ביי וועלכען ער שטעלט-זיך-אָב אויף אַ רגע, געהט-פאָראיבער גלייכגילטיג, ביי וועלכען—עפּיס מעהר, פרעגט-זיך-אויס אַ וואָרט, מעהר-וועניגער, גיט דאָס נאַכהער איבער דעם פעלדשער צום פערשרייבען, גיט-נישט איבער, קענטיג: לויט זיין ווילען און איינזעהן...

און ווי ער, דער דאָקטאָר, שטעלט-זיך-אָב ביי בעריל׳ען, בעווייזט-זיך אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען, און ער בעטראַכט איהם צופריהער לויט׳ן אויסזעהן, קוקט איהם אַרום, אַ טאַפּ די מוסקולען, וואָס הענגען אַראָב אַזוי שווער, און פרעגט איהם אויס:

— ווי אַלט ער איז?..

— מיט-וואָס ער האָט זיך פערנומען?..

ענטפערט איהם בעריל געלאַסען פון אַלעם, וואָס יענער ווייס; נאָר ווי דער דאָקטאָר פרעגט ווייטער ביי איהם:

— צי ער איז נישט אַמאָל קראַנק געווען?

— און ווי-לאַנג ער פיהלט-זיך אַזוי קראַנק?..

הויבט ער, בעריל, מיט די אַקסלען:

— קראַנק איז ער קיינמאָל נישט געווען; סיי ס׳איז אַנ׳אופן מ׳זאָל זיין קראַנק, און גאָר נישט וויסען פון דער קרענק?..

שמייכעלט דער דאָקטאָר און פרעגט:

— אויב ער ווייס נישט, אויף וואָס מ'האָט איהם דאָ צהערגעשיקט?..

הויבט ער מיט די אַקסלען:

— ער זאָל אַזוי נישט וויסען פון קיין שלעכטע „סלוזשבע״, ווי ער הויבט-נישט-אָן פון גאָר צו וויסען...

שמייכעלט ער, דער דאָקטאָר, און זאָגט:

— ער מעג זיך שוין צוריק אָנטהון... מאָרגען וועט ער פאָהרען אַהיים... ער זאָל זיך גאָר נישט שרעקען, ווייל ער וועט זיין פריי...

און אויף צומאָרגענס איז ער שוין, בעריל, אויסגעשריבען פון שפיטאָל.



ס'איז שוין געווען שפּעט אויפ'ן הערבסט. די בלאָטעס זע־נען געוואָרען וואָס־אַמאָל טיעפער, נור דאָ האָבען שוין די ווינ־טען אָנגעהויבען צו בלאָזען שאַרפער, שנײַדענדיגער, און זיי ווי אָבגעטריקענט; בײַטאָג האָט דער הימעל אָנגענומען אַזאַ אונפּער־ענדערליכע מראה פון גראָהען שפּינוועבס, מ'קאָן זאָגען: אַנ'אײַנ־הײַטליכען קאָליער פון אַלע טעג דורכאַנאַנד: גראָה־ וואָלקענדיג, אַניִשט—גראָה בעפלעקט מיט ווײַס, וואָלקענדיג־צוריסען, און טאַקי נאָך די אײַגענע ווינטען נאָך האָט זיך אָנגעהויבען צו לאָזען שפּירען: ווי עס פערשווינדען די לעצטע שאָטענס פון זומער און הערבסט, און עס שפּרײַט־זיך־אויס אויף זײַער אָרט אַ צפון'דיג־קאַלטער ווינטער, ס'בעט־זיך אַ ווינטער גאָר אויפ'ן גרויסען אופן...

און וואָס די ערד איז שוין געבליבען נאָך איטליכע נאַכט מיט אַזאַ האַרטליכע שאָל איבערגעצויגען—דאָס האָבען די ווינטען געקענט, עס איז זײַער מלאכה געווען... צומאָרגענס, אויפ'ן טאָג, פלעגען זיי, וואָס דער אמת איז: פּלאַצען, נור פּלעגט אַ וואָגען זיך פאַרבײַשלעפּען, זענען זיי שוין געוואָרען גוט אויסגעריסען; האָבען זיי געהאַט צו שלעפּען מיט די זײַטען, געצויגען מיט אַלע כחות, די קעפּ פון די געשפּאַנען אַרויס פון דרויסען, קענטיג: ס'איז זיי ניִשט גרינג אָנגעקומען... ס'האָבען געטרעשצעט די ברעטער, געקרעכצט די רעדער, געסקריפּעט דאָס גאַנצע געשטעל, ווי ס'וואָלט געווען עפּיס אין אַ סכנה, און אין דער בלאָטע איז שוין פערבליבען אַ „קאָליע" פון צוויי לאַנגע טיעפע שניטען,

וועלכע זענען זיך שוין נאָהר נישט פערגאַנגען פון שיטערקייט. און געבליבען שוין אַזוי אויסגעשניטען ווי פון אַ האַרטע רודע, — און דאָט האָבען אַלץ די ווינטען געמאַכט, די ערשטע שוואַלבען פון אָנקומענדען ווינטער...

דער „ליאָס" פון דעם יאָהר איז שוין געווען צום סוף; לאַנג האָט שוין דער עולם געהאַט פערגעסען אין זיינע פריידען און וועהטאָגען, אַראָבגעוואָרפען פון זיך די ציטווייליגע „פעק-לעך", און ביי וועמען ס'איז שוין אויך פערבליבען אויף תמיד, דער יעניגער סטאַרעט-זיך ווי ווייט מעגליך דאָס צו פערדעקען, צו פערשאַרען, פערווישען די שפורען, וואָרום אויף וויפיעל דאָס איז פריהער געווען אַ מעלה, נאַטירליך: צום פריזיוו, — איז עס אַצינד אויסגעקומען להיפך פאַר אַ גרויסען חסרון צו אַ שדוך; און כמעט יעדער איינער פון די יונגען האָט זיך שוין אַרומגע-טראָגען זיין צעטעל אין קעשענע... און אָט די אַלע יונגע-לייט, בחורים, מיט די ווייסע און בלאָהע בילעטען אין קעשענע, האָבען זיך דאָס אויסגעשטראַנצט ווי די „פּאַנעס", נור די בחורים — יאַק די בחורים, אָבער זייערע טאַטעס און מאַמעס האָבען דאָס אָנגע-שטעלט אַ סטאָן, און זיך איינגעשאַצט דעם בילעט: מי יודע וואָס ס'קומט זיי דאָ פאַר אַ כלות מיט גילדערנע קרוינען אויף די קעפּ, און פון נדן'ס — גאָר נישט זיך אויסצוצאָהלען!..

אין שטאָדט איז צוריק איינגעטרעטען אַ נאָרמאַלע צייט, אַ שטילשטאַנד. גאַנצע פּאַרטיעס פון די צוגענומענע רעקרוטען האָט מען שוין פון לאַנג-אָן מיט איטליכען טאָג אַרויסגעשיקט ווייט, העט-ווייט איבער רוסלאַנד, צושיקט אין די פּאָלקען אַריין, איבער די מדינות: סיביר... קאַווקאַז... אַסטראַכאַן... און נאָך... און נאָך... מגולגל געוואָרען אין אַזעלכע שטעדט, וואו זייערע זיידעס האָבען בודאַי אין חלום נישט געזעהן און געהערט; צווישען אַזעלכע מאָדנע מיני מענשען, וואָס זענען גאַנץ ווי בעזונדער צווישען זיך, אָבגעטיילט לויט זייערע מנהגים און אַרט לעבען, לויט דער

פֿערשיעדענאַרטיגקייט און פֿיעל-פֿאַרביגקייט פֿון זייערע לייַדער און אומנות...

און אַזוי האָט איטליכען טאָג דער צוג בענוי אויסגעשעפּט אַ פּאַרטיע רעקרוטען. געלאָפֿען איז דער צוג יעדען טאָג פֿון מזרח אויף מערב, אַדורכגעשניטען-זיך אויף ווייטער צווישען דרום-און צפון, אַהין-און-אַהער, אַהער-און-אַהין, אין יעדער שטאָדט פֿון די אַלע שטעדט, וואָס אויפ'ן וועג, עפּיס אויסגעשפּיגען, פֿערלוירען, נאָכדעם צוריקגעקומען אויף דער אייגענעם אָרט—לעדיג, ווייטער זיך אָנגענומען מיט רעקרוטען, נאָכאַמאָל געטהון מיט זיי דאָס אייגענע וואָס פֿריהער, גראָד אַזוי ווי ס'געשיהט מיט אַ צעבער ביי אַ ברונען, וואו ס'ראָד הערט-זיך קיינמאָל נישט אויף צו דרעהען, און דער צעבער געהט אַלץ אינאיינעם אַראָב און אַרויף, געהט אַראָב און שעפּט-זיך-אָן מיט וואַסער און געהט אַרויף, לעדיגט-זיך-אויס פֿון אויבען און געהט נאָכאַמאָל אַראָב צום אָנ-נעהמען-זיך... אַזוי אָהן אויפֿהער...

נאָר אויב אַ ברונען נעהמט-זיך-אויס, מכל-שכן: די רעקרו-טען, האָט זיך דאָך דער קוואַל פֿון זיי אַודאַי אויסגעשעפּט; און געבליבען איז נאָכדעם פֿון דעם גאַנצען ים—אַ רעשטעל, אַ יתר הפליטה, איינער און איינער—געצעהלטע, און פֿון פֿיעל איינציגע—אַ גאַנצער באַרג... אַנ'אָרענטליך ביסעל מנינים פֿון שקצים מיט יונגען, וועלכע האָבען זיך פֿערשפּעטיגט אויף גאָר צום סוף, איז געוועהנליך די געשיכטע מיט די יונגען זיך פֿאָרצושטעלען אַזוי: דאָס צונעהמען זיי איז אַפּנים נישט אַזוי גרינג צוגעגאַנגען, ווי מ'שטעלט-זיך-פֿאָר... געוואָרפֿען זיי, געוואָרפֿען אין שפּיטאָל, און דאָרטען האָט מען, אַפּנים, נישט געקאָנט אַדורכקומען מיט זיך, זעצען אויף דער אייגענער דעה—האָט מען זיי אָבגעשיקט אין גובערניע; דאָרטען, אין גובערניע, זיך אַזוי לאַנג מתוכח-געווען און—צוריקגעשיקט אויפֿסניי אין שפּיטאָל אַריין, און קוים, קוים, נאָך די אַלע חלוקי-דעות, אַז מ'איז שוין געקומען צו וועלכען-ס'איז אַ הסכם—און אַזעלכען ווידער אָבגעשיקט פֿאַר אַ זעלנער...

דאָס איז מעהר-וועניגער די געשיכטע פון די פערשפעטיגטע:

פון שפּיטאָל אין גובערניע, פון גובערניע אין „פּאָוויאַט", והין-און-צוריק אַזוי, בינו לבינו איז געקומען ווינטער, און ווער פון די רעקרוטען ס'איז נישט אין דער שפּעטערער צייט אַוועק אַהיים, נור פערבליבען אַ זעלנער, דער דאָזיגער האָט זיך שוין געפונען צווישען די „איינציגע", וואָס פון זיי איז שוין בעשטאַנען אַ היבש רעשטעל, און צוזאַמען זיך אַרומגעדרעהט אין גאַס; אין גאַס ווידער האָט זיך בעוויזען ווינטער. ווינטען האָבען געריסען, קעלטען—אַדורכגענומען ס'לייב, קאָן מען דאָך עפּיס נישט אַרויסלאָזען קאַזיאָנע מענשען אין גאַס, נאַקעט!.. וואָס, קאַזנאַ פערמאָגט אפשר נישט, זיי זאָלען האָבען אָנצוטהון?.. מ'האָט פאַר זייערטוועגען נישט אָנגעגרייט?.. און האָבען די רעקרוטען טאַקי אַרויסבעקומען פון „טשעכהויז" אַזעלכע גראָבע ווייסע שטיוועל מיט לאַנגע כאָלעוועס, וואָס געהען איבער די קניע אַריבער, און ברייטע קיילעכדיגע שפּיצען—גאַנצע „יאַפּעס"! אַחוץ דעם—אַזעלכע ווייסע פּעלצלעך, קודלאַטע, וואָס פון הינטען טאַקי האָבען זיי געהאַט אויף זיך אַ געזונטע פּעל און מיט זיך געוואַרימט ס'לייב, נור וואָס פון אויבען איז אויף דעם נישט געווען קיין איבערצוג, ס'בלויזע ווייסע פעל ווי אַ ווייך נישט-אויסגעאַרבייט לעדער, ווי אַ ווייך-שטינקענדיג פעל, וואָס האָט געַ'אַויר'ט אויף אַ מייל פון דערווייטענס; אויפ'ן קאָפּ—אַ גרויסע „פּאַפּאַכע", אַזאַ הוט פון אַ שעפסען-פּעל מיט גראָה-געפּלעקטע, צי ווייסע אויף שוואַרצע קודלעס—און אַזאַ הויך, אַזאַ ברייט, וועלכע האָט זיך ביי יעדען איינציגען אַראָבגעלאָזט איבער די אויגען, אַז קוקענדיג אויף זיי האָט מען געקאָנט מיינען:

— דאָס די מענשען ריכטען זיך דאָ עפּיס אויף אַ גוואַלדיגען ווינטער, צי זיי גרייטען זיך אין אַ וועג-אַריין, אויף אַזאַ מקום, וואו ערגעץ אַזאַ ווינטער וועט זיי מקבל-פנים-זיין מיט ברייטע אָרמען...

און אַזוי זיך איז געווען שטיל. די לעצטע רעקרוטען פונ'ם

פֶערגאַנגענעם פריזיוו, אין דעם מאָדנעם אָנטהוּעכץ—פלעגען־זיך אַדורכשוואַרצען פאַר די אויגען, אַמאָל—דאָ, אַמאָל—אין אַנ'אַנדערע גאַס, אַמאָל—איינציגע, אַמאָל—אין צווייען, אויך אין גאַנצע גרוּפּעס, און געוועהנליך, ווי זיי האָבען געפלעגט צו־וויסען־טהוּן פון זיך בקול רעש גדול,—איז דאָס פאָרגעקומען אַזוי: יודען, געוועהנליך, דרעהען־זיך אין גאַס, איינגעהויקערט אין דרייען פאַר קעלט—זוכען עפּיס צו מאַכען אַ געשעפטעל, ווי תמיד; ווייבער שטעהען אויף די נידריגע בענקלעך פאַר די פענסטער, פערקלעבען מיט ליים און טייג די שפּאַרעס מיט די שפּאַלטען, דענסטמאָל לאָזט־זיך הערען אַ גערויש, עפּיס אַ שטיל גערויש פון אַ ווייטע גאַס. דוכט־זיך: עפּיס איז דאָס אַזוי פרעמד, און דאָך—אַזוי בעקאַנט, נור־וואָס ס'אויער האָט זיך שוין אַ לענגערע צייט אָבגעוועהנט פון דעם צו הערען, און דאָס געהער כאַפּט־נישט גלייך אויף דעם ריכטיגען קלאַנג... ס'גערויש קומט איינציגוויז העכער און נעהנטער, און דיזעלבע ווייבער נעהמען שפּרינגען פון די טישען, און די יודען—לויפען־אַראָב פון די גאַסען, פערשטעקען־זיך אין די טויערן, די טהירלעך פון די קראָמען פערשפּאַרען־זיך גיך און איילענדיג ווי אַמאָל, און אַלע דערמאָהנען זיך'ס גראָד ווי דענסטמאָל:

— ס'זענען די לעצטע נאָכוועהען פון פריזיוו, וועלכער איז נאָך־נישט אינגאַנצען פערשוואונדען...

און דער שכל גיט אָנצוהערען:

— דאָס עפּיס־עפּיס איז נאָך דאָ פאַרהאַן אין שטאָדט, אַ העקעלע איז פערבליבען ווי אַ טראָפּעלע פון אַ קליין וואַסערל, וואָס ס'זומערל האָט שוין, דוכט־זיך, אינגאַנצען אויסגעטריקענט, נור אין מיטען קומט אַ רעגען און דאָס וואַסערל לעבט־אויף צוריק, שטעהט־אויף תחית־המתים, און נעהמט וואונדער בעווייזען: רייסען די טאַטרעס פון ברעג, אַראָבטראָגען ס'היי פון די לאָנקעס, די תבואה פון די פעלדער,—אָט דאָס קליינע טראָפּעלע פונ'ם אויסגעטריקענטען וואַסערל, ווי דאָס לעצטע רעשטעל פון דער גרויסער מחנה רעקרוטען, וועלכע איז שוין פון אַ גוטע מינוט

געלעגען ערגעץ איינגעקוועטשט: העט, העט, וואו, אין אל-די גוטע יאהר... אז דאס האט זיך אנגע׳שכור׳ט, און ס׳האבען-זיך צוקאכט די בלוטען, צושפילט די „אינסטינקטען" ביי דעם און געגומען ארבייטען מעשים...

אין דער שפעטער צייט איז בעריל שייגעץ געקומען אהיים; אהיים האט ער געקאנט קומען באלד פון דער ערשטער מינוט-אן, אזוי ווי מ׳האט איהם אויסגעשריבען פון שפיטאל האט ער געקאנט גלייך צוריקפאהרען, נור דא האט זיך איהם אריינגעלעגט די שטאדט אין וועג ווי א נישט-גוט׳ס, און דוקא איהם נישט געלאזט ארויס; און אזא טבע האבען שוין אויך אלע אנדערע גרויסע שטעדט, וועלכע ווארפען אנ׳אויג אויפ׳ן מענש, צי דער מענש ווארפט גאר אנ׳אויג אויף איהר, איז: שווער ביז מ׳קומט-אן אין איהר, איז מען ווידער אנגעקומען, איז: נאך שווערער זיך צו בעפרייען פון איהר... א שטייגער: ווי א שלעכט ווייב, וואס לכתחילה קאנסטו אויסשפייען די גאל ביז דו זאלסט קאנען אנ-קומען צו איהר, זי וועט דיר ווייזען טויזענד חנ׳דלעך, מאכען מינעלעך, פיסעלעך, און קוים האט זי דיך שוין אין איהרע לאפ-קעלעך, איז, געזעגען-זיך, ברודערל, דו וועסט שוין נישט מעהר ארויסקריכען פון איהרע נעגעלעך, ווי-לאנג זי וועט נאך פיהלען אין דיר א גאנץ אבר׳ל...

געקומען און אוועק מעלדען-זיך, האט מען איהם שוין מעהר נישט ארויסגעלאזט; חלילה, נישט ארויסגעלייענט פון די פאפירען מיט א שמייכעל: ר׳איז פריי... ווי דער דאקטאר אין שפיטאל האט עס אבגע׳חוזק׳ט פון איהם, ווארום אויב בעריל איז געווען אויף אזויפיעל גראבער-יונג, דאס ער האט-זיך נישט געקענט

אויף קיין געלעכטער, האט ער גלייך איינגעזעהן: דאס מ'מיינט דא מיט איהם נישט קיין חוזק, ווייל מ'האט איהם גלייך אראפ-געפיהרט אין „טשעכהויז", איהם מלבוש-ערומים-געווען אין א פאר ווייסע עלעגאנטע שטיוועלעך, מיט א ווייסען פעלצעל און א הויכע פאפאכע, און צוגעזאגט:

— דאס האסטו דיר, דו זאלסט זיין גרייט, ווארום מיט דער ערשטער פארטיע וועסטו מיטגעהן אין וועג-אריין...

איינגעזעצט איהם אין א קאזארמע, נישט, חלילה, הינטער קיין „אדוואך", אבער — א „דניעוואלני" פאר'ן טהיר איז געזעסען, און ארויסגעהן האט ער דוקא נישט געלאזען; איז ער געזעסען פאר'ן פענסטערל, ווי אנ'ארעסטאנט, א פויגעל אין שטייגעל, געקוקט אין דרויסען, — פאר איהם איז געלעגען פעלד, פערוויסט בלאטיג פעלד, וואו-נישט-וואו — א הייזעל, ווייט ארויפצוצוהער ביים וועג איז געווען א שלאג-באהן, און אויף די רעלסען איז אלע ווייל דורכגעלאפען א צוג: אמאל — א לאנגער מיט רויטע וואגאנען, וואס האט זיך אזוי שלעפעריג געשלעפט, און אמאל — א קורצער, פון עמאלירטע וואגאנעס, פיף-פאף, — אזוי שנעל אבגעשוועבט...

און קוקענדיג אויף זיי, האט ער געטראכט:

— אז אוועלכער פון די דאזיגע צוגען וועט ווען-נישט-ווען דא אמאל אויך צו איהם דערגרייכען, צי ער וועט מעהר צוטיילען כבוד דעם צוג און קומען צו איהם, און צי דער דאזיגער זאל אויף זיין אזא גיכער, א שוועבענדיגער, צי א רויטער — א שלעפעריגער, אלץ-איינס, איין שווארץ יאהר, וועלען זיי ביי-דע גלייך איהם פערשלעפען אין דער ערד-אריין, און א חלוק איהם: צי ער וועט דארטען אנקומען מיט א חודש פריהער, צי שפעטער?...

און קוקענדיג דורכ'ן פענסטער: ווי ס'ווערט טאג און ס'ווערט נאכט, און ער איז דא אליין מיט זיך, און אזוי ווייט פון שטאדט, פון וועלכער ס'קומט זעלטען-צו א קלאנג פון איהר,

סײַדען װען ס׳ברעכט־אױס אין איהר אַ שריפה, און מ׳נעהמט קלינגען אױף דעם אײנציגען גװאַלד־גלאָק, װאָס העננט דאָ הינטער׳ן שטאָדט, האַרט פאַר דער קאַזאַרמע, צוזאַמענצורופען די פײַער־לעשער פון דער געגענד,—טראַכט ער דורכאַנאַנד:

— אַז, אײגענטליך קומט איהם שױן מעהר די שטאָדט נישט; ער געהער זיך לחלוטין נישט־אָן מיט איהר גאָר, און ער איז שױן גאָר נישט בײַ זיך אין האַנד, אַ זעלבשטענדיגער מענש, ר׳זאָל קאָנען טהון װאָס ס׳האַרץ גלוסט איהם, און װען אַ פינגער זאָל איהם װעה־טהון—װעט ער זיך נישט טאָרען אַלײן פערבינדען; ער איז דעם קײזער׳ס אַ מענש, זיצט אױפ׳ן קײזער׳ס קעסט, און אַלס אַזעלכער מוז ער אױסהאָרכען אַלץ װאָס דעם קײזער׳ס מענשען אַרום איהם—װילען פון איהם האָבען...

ער האָט עטליכע מאָל געפרובט, װי ער, בעריל, מיט זײַנע שקצי׳שע אױפטהון און אײַנפאַלען—זיך־אַרױסצובעקומען פון דער תפיסה, עפּיס מיט קונצען, אָבער די קונצען האָבען זיך אַלע מאָל אָנגעשלאָגען אין דער װאַנד, זײ זענען תמיד בעצײַטענס בעמערקט געװאָרען; און אײנמאָל, װען ער האָט גאָר אינגאַנצען געהאַט אױפגעמאַכט אַ פענסטער, און איז שױן געשטאַנען מיט אײן פוס אין גאַס, האָט איהם פלוצלונג אָנגעכאַפּט אַ „טשאַסאָװאָי” פאַר׳ן פוס, װעלכער איז, װײַזט־אױס, געשטאַנען פון דרױסען, און האָט אױסגעשריען:

— שטעה!... אַנישט, ריהרסט־זיך װײַטער—שיס איך!..

און בעריל שװײַגען איז װײַטער געבליבען אײַנגעװײקט ביז שליש, און די שמירה—נאָך אַ גרעסערע, אַ פערשטאַרקטע—דעם קײזער׳ס אַ מענש. צו עסען האָט איהם אַפילו נישט געפעהלט. נור אַ קלאָג איז שױן געװען צו אַזא עסען... דעם קײזער׳ס קעסט איז בעשטאַנען: פון אַ שפּאָרע פּאָרציע שװאַרץ ברױט איט־ליכען פריהמאָרגען מיט הײס־געקאָכט װאַסער—„קיפּיטאָק”; נאָכ־דעם—אַ שותף מיט׳ן לעפעלע, װאָס ער װי אַלע איבריגע האָבען געהאַט שטעקען אין דער כאָלעװע—צו אַ גרױסען ציבער מיט

„קרופּע״ צי שימזערער באָרשט, קרויט מיט אַרבעסען, אַרום וועל־כען ס׳האָבען זיך אַרומגעזעצט אַ שטיק חברה־לייט צעהן אויף־אַמאָל; און איטליכער בעזונדער שעפּט מיט זיין לעפּעלע פון ציבער אין מויל־אַריין, און מחמת דאָס עסען האָט פון תמיד געבריהט, געווען קאָכעדיג, און ביז מ׳האָט דאָס דערלאַנגט חברה׳ן, איז זי שוין געווען גוט אויסגעהונגערט — האָבען זיי ביים שלינגען זיך געבריהט די צונגען, געבריהט בכלל דאָס מויל, וואָרום,—עסען ווילט־זיך, הונגעריג צום טויט איז מען, און דאָ—מיט די אויגען וואָלט מען גערן איינגעשלונגען דעם ציבער קרויט... וואָרום, אַז ס׳האָט זיך געמאַכט: ס׳האָט עמיץ אויסגעפּעהלט צום מיטאָג—האָט ער עס שוין שפּעטער נישט געהאַט וואו אָבצוזוכען... און אַ שטיק איבער דעם אויך איז זיי אַ שאָד־געווען, די יונגען, ס׳זאָל זיי אַוועקקומען אויף אַ האָר פון דעם טייערען מאַכל, ס׳זאָל זיי אַ טראָפּען וועגען געמינערט, געהן לאיבוד, האָבען זיי בשעת מעשה, ווי זיי האָבען זיך אַרומגעזעצט אַרום ציבער, אַלע אויסגעבויגען די קעפּ איבער איהם, און וואָס ס׳האָט־זיך, פאַר הייסקייט, קאָ־כענדיגערהייד—צוריק אַרויסגעגאָסען ביי זיי פון די מיילער, געע־כלינעט־זיך, איז עס נישט, חלילה, געגאַנגען לאיבוד, פערפערעמדט געוואָרען אויף דער ערד, נור צוריקגעקומען צום פריהערדיגען קוואַל, אין דער שיסעל...

און אַזוי האָט ער, בעריל, גלייך מיט אַלעמען געזופּט, און אַזוי האָט זיך גלייך פון זיין פּיסק אויך צוריקגעגאָסען אין דעם ציבער—ווי פון אַלע פּיסקעס ביי די יונגען און שקצים, און ס׳האָט־זיך גאָר קיינער נישט פון זיי „געבזשידזשעט״—געע׳מאוס׳ט, הייסט עס, און דער ציבער האָט פאַר דאָס געהאַט די אייגענע מעלה וואָס אַ קוואַל, אַ שפּראָצעל, וועלכער איז נור פון אויבען אַזוי קונציג אויסגעאַרבייט ווי אַ פאָנטאַן־בעקען, אַז פון דעם, וואָס ער שפּריצט אַרויס, שלאָגט־אַרויס פון זיין טיעפעניש—ווערט קיין איין טראָפּען נישט פערפאַלען; און אַלעס איבריגע, וואָס די מענשען בעוויזען נישט אויסצושעפּען מיט זייערע הענד—קומט צוריק אויף

דעם אײַגענעם אָרט, און דאָס פערמינערן־זיך פון קוואַל ווערט דורך אַ לאַנגע צײַט נישט אָנזעהענדיג, האָט נישט קײן בעדײַטונג: נור... אויב אַ קוואַל נעהמט־זיך אַמאָל אויס— וועט זיך אַ ציבײַער מיט קרויט נישט אויסנעהמען?... און נאָך: בײַ אַזאַ חברה זולל־וסובא׳ס?..

פאַרנאַכט איז „פּאָוויערקע”. אַרום נײַן אַזײַגער מאַכט־מען נאָכאַמאָל די קונץ, און דענסטמאָל איז שוין אַזוי: ווילסטו— מאַך די ברכה, לײען קריאת־שמע, אַנישט—קאָנסטו זיך אויסציהען בחרפתנו אויף דער קאָיקע אָהן קריאת־שמע־לײענען, און ליגען, קוקען:

— ווי אַרום איז פינסטער... טונקעל... און ווי איבער אַ לאַנגער און גרויסער קאַזאַרמע ליעגען אויף דער קויקע אַריבערגעהילט אײנער נעבען אַנדערען—די יונגען, און וועלכע פון זײ ס׳ליעגען וואַכעדיג ווי ער, אָבער ס׳רוב ליעגען און כראָפּען שוין... שלאָפען... ווײַל דאָ איז נאַכט... מ׳הײסט מאַכען נאַכט... אָבער אין דרויסען איז נאָך טאָג... הויבט־זיך ערשט אָן אַ טאָג, חברה הויבט־אָן צו לעבען—אַ לעבען, לאָזט־זיך וואוילגעהן, נור ער אײנער ליעגט דאָ אַלײן אײַנגעוויקעלט, פערבראָקט ווי אַ הערינג, אין אַ קאַזאַרמע, און הײַנט ־ מאָרגען וועט מען איהם שוין אויך נישט לאָזען ליעגען אַזוי, במנוחה, זיך אויסרוהען דאָס בינטעל בײנער, נור—וואַרפען, יאָגען, טרײַבען, אַרויסיאָגען פון זיך די געדערים, און דאָ בלײַבט איבער אַ שטאָדט נאָך איהם...

— — — — — — — — — — — —

און ס׳איז געוועזען צום ערשטען מאָל, ווי ס׳זענען איהם געקומען אַזעלכע טרויעריגע רעיונות אין קאָפּ־אַרײַן...

נאָך אײניגע טעג אַרום בעווײַזט־זיך אין קאַזאַרמע דער סטאַרשי, און פערעגט־אויס בײַ איטליכען בעזונדער:

— צי זיי האָבען הויזענ׳ס?.. לייבלעך?.. העמדער?.. שפּענ־צער?.. אַזוי פֿון וועש און פֿון אַנדערע זאַכען, וואָס אַ זעלנער נויטיגט־זיך שטאַרק אין וועג־אַריין?..

קומט צו בערלען, הויבט־ער, ווי בעריל, מיט די אַקסלען:

— ר׳האָט גאָרנישט...

שטעהט דער סטאַרשי אַ ביסעל אונצופרידען, און לאָזט איהם דערנאָך אַרויס, בתנאי זה:

— ער זאָל נישט אַנטקומען־ווערען, און אויף איבערמאָרגען אין־דערפריה זיך־צושטעלען אויפ׳ן באַהן, שוין מיט׳ן קעסטעל זאַכען...

מ׳רעדט: צושטעלען—איז צושטעלען; בעריל׳ס גנב׳שע נאמנות, פאַר וועלכע מ׳וואָלט געמעגט אַוועקגעבען אַ שבועה פון עהרליכ־סטען יוד—איז געווען צו גלויבען; און ווי ער האָט דערשפירט די פריי, בערילע, גאָר נישט: ווי מ׳וואָלט איהם אַראָבגענומען קייטען פון די הענד און פיס, וואָס ער האָט שוין געטראָגען צעהן יאָהר... ווי מ׳וואָלט איהם אַ נייע נשמה אַריינגעבלאָזען... מיט׳ן ערשטען גאַנג זיך אָבצוזוכען אַ היים, מילא, ס׳איז גוט צו געהן— נור וואו האָט אַ הונד אַ היים?.. איז ער אַריינגעפאַלען צו לייזער׳ן אין שיינקעל, שוין אין דעם זעלנערישען אָנטהון, מיט׳ן ווייסען פעלצעל, און האָט אַ ברען־געטהון מיט דער האַנד אויפ׳ן קאַסע־טיש:

— אַ נו?.. ווער איז אַ יונג?.. געמיינט: גע׳פגר׳ט... אויס בערילע שייגעץ!.. כע־כע... נישט אַזוי גרינג צוקייט־מען אַזאַ העכט... כע־כע... נישט אַזוי גרינג לאָזט ער זיך אָבקאָכען און אַראָבשלינגען...

און ס׳איז געווען: ווי ער האָט־זיך גוט אָנגעזויפען מיט ביער, אַזש דער מוח איז איהם שוין געווען גוט פערדרעהט, איז ער ראשית אַוועק צו די רייכע יודען פון שטאָדט, וועלכע׳ס זיהנ׳דלעך ס׳האָבען שוין מיט מזל געהאַט אָבגעטאַנצט דעם פריזיוו, און אַלע כסדר געהאַט ליגען זייערע ווייסע און בלאָהע בי־

לעטען אין די קעשענעס—און האט זיך געקלאגט פאר זיי ס'פנים, צז"ל, די אלטע מעשה, נור מיט א נייעם פזמון:

— אז... ער האט גוט געוואוסט ס'וועט אויסגעהן צו זיין קאפ, און דאס זייערע זיהנ'דעלעך וועט מען איטליכען בעזונדער נאך דאסיאהר אויפשפילען א פרעהליכען מזל-טוב, פיהרען צו דער חופה—און איהם, בערלען, וועט מען פיהרען לעזאזל; ער וועט געהן אין דער אדמה-אריין, ליעגען ביין איילען טיעף אין דער ערד, און קאפען קארטאפעל מיט דער נאז...

און יודען גבירים, רחמנים בני-רחמנים, אין וועלכע ס'האט גובר-געווען ס'געפיהל פון רחמנות, ס'געפיהל, וואס קאן א שטיין ריהרען, נעבעך... אנ'ארימער יונג געהט-אוועק דינגען צו די זעל-נער! און זיי האבען אויסגעקראצט, וואס נור איינער האט געקאנט; דער דאזיגער: א העמד... אנ'אבגענוצט לייבעל... יענער: א פאר גאטקעס... נאך איינער: א פאר קאפיקעס אויפ'ן וועג-ארויס, און אזוי האט מען איהם אין א געלעכטער צונויפגעשטעלט א קעס-טעל אויפ'ן וועג-ארויס—פון כל-טוב; א קעסטעל—וועמען גוט'ס גינט... אז ס'האט אין דעם נישט געפעהלט פון א טעוועלע נאד-לען, צוויי קוילערלעך גארען, צוויי בערשטלעך צו די שטיוועל מיט א פונט שמירעכטס... און פון וועש-זאכען: העמדער, גאטקעס, האנטיכער—אבגערעדט...

פארטיג-געווארען מיט דעם איינעם, איז ער אוועק אויפזוי-כען זיין חברה... עפיס פארט: א לאנגער שמואל געווען... א קליינער ברוך'ל... און ווער נאך אלץ?.. ווער נאך?.. דער רוח ווייס זיי אלעמען צו געדענקען... נור—עפיס-דאך אזוי פיעל געווען... אזוי פיעל... און אלץ גוטע ברידער פון קדמונים, און וואו זענען זיי אצינד?.. גרינג צו זאגען: געהן אויפזוכען!.. וואו גראבט-מען זיי אויס?..

און ער האט געזוכט א גאנצען געהענדיגען טאג, אקעגען אוונט ערשט זיי געפאקט; אין כאטש דער סוואנד פון כריזיו

איז שוין ביי איטליכען בעזונדער פון לאַנג געהאַט אַרויס פון קאָפּ, דאָך האָבען זיי אין איהם אַציינד בעקומען ווי אַן'אַלטען היימישען גרוס פון דער נישט-לאַנג פערגאַנגענער צייט, אַ וואַרי-מע ערינערונג פון די קאָכענדיגע טעג, ווען ס'בלוט פלעגט אַלע ווײַלע אויפקאָכען אין די אָדערן, און לויפען שלאָגען פויערים, שקצים, ממית'ן צום טויט...

אַזוי האָט איטליכער בעזונדער איהם געדריקט די האַנד, זיך געפרעהט:

— אַ?.. בעריל?.. בעריל?.. מ'האָט דאָך געמיינט: דו לעבסט שוין גאָר נישט אויף דער וועלט!.. אַז דו ביסט שוין ערגעץ אין די ווײַטע מקומות... זעה נור ווי מ'האָט דיך עפּיס אויסגעקליידט!.. וואַ... וואַ... און דו אַליין דערקענסט דיך נאָך?.. אַ זעלנער בנאמנות, גאָר נישט דערזעלבער בעריל... ווער האָט דיך אַזוי מלבוש-ערומים-געווען?.. בערילע!.. בערילע!.. קוק דיך נור אָן!..

אין בעריל'ס אויגען זענען געשטאַנען טרערען.

נור נישט אַלע האָבען זיך אַזוי דערפרעהט מיט איהם, ביי ס'רוב גוטע ברידער האָט ער אָבגעשניטען מיט אַ טרוקענעם קבלת-פנים, ווײַל די יענינגע גוטע ברידער זענען שוין גאָר אַנ-דערע מענשען געווען, איבערהויפּט זענען די מוחות געווען אָנ-געגומען מיט די טענות און געקריגעריי פון זייערע פאָטער-און-מוטערס, אין-דערהיים, וועלכע האָבען געשטרעבט מיט'ן גאַנצען האַרצען צו יענער צייט: זיי מזכה צו זיין מיט ווײַבער...

— און טאַקי ווען דען?.. אַ בחור נאָך אַ ליאָס—טאָר-נישט וואַרטען... שוין ווי ער געהט-אַרויס פון דער „פּריסוטסטוויע" מיט'ן בלעטעל אויף דער האַנד, זאָל ער כאַפּען און טהון ווי ס'געהט און שטעהט... אַ נישט—איז דאָ מיט איהם דער אייגענער דין, וואָס מ'וועט אָנכאַפּען און פערגלייכען, זאָל זיין מיט אַ בייגעל: אַ בייגעל, וואָס געהט ערשט אַרויס פון אויווען אַ הייסער, אַ קאָכעדיגער, בריהט די האַנד, און האָט נאָך די גאַנצע פּאַרב, און

מ׳כאַפּט איִהם; און אַזוֹי ווי מ׳לאָזט איִהם ליִעגען ביִז אויף צומאָרגענס, ווערט ער שוֹין אַלט, איינגעדאַרט, און מ׳ריִהרט-זיִך ניִשט-צו צו איִהם—אַזוֹי איִז דער איינגענער דין אויף מיִט׳ן בחור; וואָרום, קוים לעגט-מען איִהם אַוועק איִן דער לאַנגער באַנק-אַריין—יהי מונח עד שיבוֹא אֵליהו, מעג ער זיִך שוֹין רוהיִג ליִעגען ביִז אֵליהו וועט קוּמען...

און פונדעסטוועגען האָט נאָך חבירה בעוויזען אויפצוקלויבען זיִך בייַנאַכט צו לייזער׳ן איִן שיינקעל, און טאַקי אויף פאַר זיין כבוֹד וועגען—בעריל׳ס, און צוזאַמען מיִט איִהם מאַכען אַ לחיים; און טאַקי איינגעריִכט נ׳כבוֹד פאַר זיינעטוועגען, וואָרום ניִשט ער—וואָלטען זיי צו אַ לייזער׳ן איִן אַ שיינקעל ניִשט אַריינגעשמעקט... וואָרום: ווי פּאַסט עס דאָך פאַר יונגע בחורים, וואָס שטעהען שוֹין איִן שדוכים, זיִך-אַוועקצוזעצען איִן אַזאַ קנייפּע, וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס?.. אַ, וואָס?.. די יעניִגע האָבען נעכטען געקעהרט ווָעל-טען, די שטאָדט איִבערגעדרעהט, איִז אַ תירוץ: אַ פּריִזיִוויִניִק... אַ רעקרוט... און היינט ברויך-מען שוֹין זיין אַ לייטיִשער בחור, אַניִשט קאָן עס פיִעל שאַדטען... וואָרום, ניִשט איין יוד, וואָס האָט זיִצען איִן-דערהיים אַ בתולה, קוקט-נאָך וועלכען יונג און האָט איִהם גוט איִן זיִן—דאָס ווייסען אַלע יונגען... און מיִט דער איי-גענער פרעהליִכקייט, מיִט דער געמאַכטער—ווי געזאָגט, האָט מען געטרונקען דאָס גלאָז ביִער, און ביים טריִנקען האָט זיִך דעם לאַנגען שמואל גאָר געטומעלט איִן קאָפּ עפּיִס איִבער די כלה, וואָס ער האָט בייטאָג געזעהן: אַ וואוילע מויד מיִט אַ פּאַרב׳ל אויף די בעקלעך, אַנ׳איינגעשניִערט פּיִסקעלע, וואָס בעט-זיִך נור קושען... און האָט זיִך אַזוֹי אַגב געטראַכט: אויב דער מחותן וועט דערלעגען נאָך די צוויי מאות צום נדן—איִז׳ס גוט; אֶלא ניִשט—דאַרף-מען ניִשט; וועט׳ס אויך זיין גוט... וואָרום, די מויד איִז איִהם געפעלען געוואָרען פון דער ערשטער מיִנוט, און אַליין באַלד איינגעגאַנגען אויף אַלעם, אַחוץ וואָס דער פאָטער זיינער האָט זיִך איינגעשפּאַרט: „וואָס?.. אַ יונג מיִט אַ בלאָהען ביִלעט—

עֶר וועט נאָך בּעֶקומעֶן אַ כּלה מיט אַ באַרג געֶלד: מוידעֶן פּעֶהלעֶן נישט!..״ נור דאָס איז אויך, ווייס עֶר, לפנים, אויף דעֶרווייַל, ווייַל עֶר רעֶכעֶנט: עֶפּיס נאָך יוצא-צו-זייַן, אָבּעֶר אין האַרצעֶן—בּעֶשטעֶהט עֶר... און וועט עֶר, דעֶר מחותן, דעֶרלעֶגעֶן די צוויי הונדעֶרט קאַרבּעֶן—איז גוט; אֶלא נישט—וועט אויך זייַן גוט...

און דעֶר לאַנגעֶר, אַז דעֶר קאָפּ האָט זיך איהם גוט געֶהאַט פעֶרדרעֶהט, האָט עֶר שוין פעֶרגעֶסעֶן צוליעב וואָס עֶר איז דאָ אַהעֶרגעֶקומעֶן טרינקעֶן... און אַז עֶר געֶפינט-זיך בּיי לייזעֶר׳ן אין שיינקעֶל... אין מוח האָט זיך איהם אָהן אויפהעֶר געֶדרעֶהט עֶפּיס, געֶטומעֶלט וועֶגעֶן דעֶר כּלה, די מויד, וואָס עֶר האָט בּייטאָג געֶזעֶהן, און וועֶגעֶן די קליינגעֶרס מיט די מעלות, וואָס דעֶר שדכן האָט איהם פאַר אַ גאַנצעֶן טאָג אָנגעֶקלאַפּט אַ פולעֶן מוח... און געֶדוכט האָט-זיך איהם: ווי עֶר זיצט-זיך גאָר בּיים מחותן אין שטוב, ס׳איז תנאים... עֶר איז חתן... אין שטוב געֶפינעֶן-זיך די מחותנים... סתם יודעֶן... די גוטעֶ בּרידעֶר... עֶרשט די כּלה... די, וואָס מיט׳ן איי געֶצויגעֶנעֶם פּיסקעֶל און פעֶררייסעֶנעֶם נעֶזעֶל... די בּרויך דאָך גלייך אַרייַנקומעֶן פון דעֶר צווייטעֶר שטוב... אָנגעֶטהון אין אַ ווייס-זייַדעֶן קלייד, זייַן מוטעֶר טהוט-איהר-אָן אויפ׳ן האַלז די גאָלדעֶנעֶ קייט מיט׳ן זייגעֶר... זי קומט טאַקי נישט אַזוי גיך, אָבּעֶר זי וועט דאָך קומעֶן,—ווי געֶשיקט-זיך עֶס עֶפּיס אַ תנאים אָהן אַ כּלה זאָל פעֶהלעֶן?..

— — — — — — — — — — — — — — — —

און כאָטש דעֶר עולם האָט געֶזויפעֶן, צוויי פּעֶסלעֶך בּיער זעֶנעֶן שוין געֶוועֶן אויסגעֶלעֶדיגט, האָט-זיך דאָך עֶפּיס געֶפיהלט ווי ס׳פעֶהלט דאָ עֶפּיס; דאָס גלייַכגילטיגעֶ, דאָס קאַלטעֶ האָט נור געֶבלאָזעֶן פון די פּנים׳עֶר, אויס התלהבות, אויס בּרעֶן פון אַמאָל—אויס רעֶקרוטעֶן! און ס׳איז מיט אַ שכל: יעֶדעֶ שמחה האָט זיך איהר צייַט און אַרט, אַ יוד וועֶט-זיך קיינמאָל-נישט אַזוי משמח-זייַן אין אַ פּראָסטעֶן טאָג, ווי אַשטייגעֶר: אין שמחת-תורה... און זאָל אַזעֶלכעֶר וועֶלעֶן מאַכעֶן שמחת-תורה אין אַ פּראָסטעֶן מיט-

וואָך—וואָס פאַר אַ טעם וועט עס האָבען?.. וועט עס נישט הייסען זיך-געפּרעהט, נור „געשבור׳ט"... נישט מעהר און נישט ווע ניגער—אַ שכור... עבר זמנו—נישטאָ קיין שמחה...

אין דרויסען איז געווען נאַכט. נישט קיין גאַנץ טונקעלע נאַכט. די לבנה האָט געשיינט, אָבער דאָך—נאַכט. פינסטער. חברה שקצים, וואָס אין די ווייסע פּעלצלעך מיט די ווייסע שטיוועל, האָבען זיך אַרומגעבלאָנקעט ווי די שדים, און געמאַכט עפּיס אַזאַ מאָדנעם איינדרוק מיט די הויכע „פּאַפּאַכעס", וואָס זענען געווען ווי איינגעטונקען אין לבנה-ליכט... וויסענדיג: ס׳איז זייער לעצטע נאַכט פון זיין-דאָ אין שטעדטעל, און אַז מאָרגען גייען זיי שוין אַוועק ביז איינעם אויף „סלוזשבע", האָבען זיי זיך צוזאַמענגעקליבען און זיך פּאָרגעזעהן: איבערצולאָזען אַ לעצט-געלד אין שטאָדט... און צו דעם ברויך-מען זיך דאָך עפּיס פרעהליך מאַכען, אַנישט—הויבט-זיך באַלד נישט-אָן, וויל זיך קיין האַנד נישט בעוועגען, איז דער פוס ווי איינגעפרוירען... גיעה, הויב אַ פוס, אַז די כלי-זמרים האָבען נישט נאָך אָנגעהויבען!.. קריכט-מען, פערשטעהט-זיך, אַריין צו אַ גוי אין שיינק, מ׳נעהמט צו ביסלעך וויין און מ׳לאָזט-זיך אַרויס בכבוד-גדול אין געסעל; אָנגעטרעטען אויף אַ קאָרק—הייסט שוין שכור. ברויך-מען שוין דאַן אויסצאָהלען-זיך מיט אַ האַלבע וועלט, און מ׳נעהמט-זיך מאַכען אַנ׳„אָרדנונג" אין שטעדטעל.

אָנהויבען הויבט-עס-זיך-אָן, געוועהנליך, ביי אַ יוד, וואָס מ׳וואַרפט איהם אַראָב ס׳היטעל פון קאָפּ; איז דער יוד אַ חכם, און פערשטעהט: ס׳היטעל איז נישט מעהר ווי אַ צוטשעפּעניש, כאַפּט ער זיך ס׳היטעל און געהט-זיך זיין וועג׳ס; מאַכט-זיך נישט-וויסען,

ווישט זיך אָב דאָס מויל, פונקט, ווי קיינמאָל גאָרנישט, געהט-אַוועק ווייטער, און טראַכט-זיך: לאָזען זיי קומען אויף אַנ־דערע הענד... וואָס, וועט ער זיך אפשר געהן שטעלען מיט זיי?.. געהען זיי און טרעפען באַלד-אָן אויף נאָך אַ יוד, מאַכען זיי שוין אַ טריט ווייטער: זענען איהם מכבד מיט אַ שטעקען איבער'ן פליי־צע, די אייגענע מעשה: איז דער יוד אויך אַ חכם, ווישט ער זיך-אָב ס'מויל און געהט-זיך זיין וועג'ס... געהט-זיך אַזוי די חברה, זינגט-זיך אַ ליעדעל, און מעשה זעלנער—האַלב־שכור'ליך, מ'טרייבט אַראָב אַלעמען פון טראָטואַר; און וואו אַ יוד בעמערקט זיי נאָך פון-ווייטען—פעררוקט ער זיך אין אַ ווינקעלע מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, און אָדער ער געהט באַלד אַוועק, אַנישט—לאָזט ער זיי אַדורך... און וועלכער קרעמער ס'איז קלוג—געהט-ער־זיך צופריהער אַרויס, שפּאַרט-צו די טהירלעך פון זיין קראָם; איז דאָך אָבער צווישען יודען-קרעמער פאַרהאַן שלעק אויך, אַזעלכער וואָס ווערט מ'כלומר'שט אַ תקיף און וויל בשום־אופן נישט פערשפּאַרען די קראָם—אַזוי האָט ער גלייך די חברה ביי זיך, אינוועניג... פון קאַסע-טיש ביז העט אַרויס אין גאַס־אַריין, פּאַקט-זיך חברה אַריין, מ'פרעגט קיין שאלות נישט, און מ'לעגט, אָהן טענות ומענות, אין די קעשענעס-אַריין... צוקערלעך... קאַרמעלקעס... פּאַפּיראָסען... ווי און וואָס ס'לאָזט-זיך...

הויבט-אויף דער קרעמער אַ גוואַלד, (לכתחילה: אַ שענע זאַך, כ'לעבען, צוערשט אַ וואוילער, דערנאָך, אַז מ'פיהרט איהם אין באָד-אַריין...), שרייט שוין אויך דאָס ווייב, שרייט באַלד ס'גאַנצע הויז-געזינד... שרייען אַלע פון קליין ביז גרויס... הערט־מען דאָס געשריי אין אַנדערע גאַסען, פערהאַקט-מען די קראָמען אויף די פרענטען, בעהאַלט-מען-זיך נאָכדעם אין די שיינק, אין די בעטען, אויף די בוידעמער און קעלער'ן... מ'שליסט-אָב די טויערן... אומעטום ווייס מען:

— ס'האָט-זיך שוין אָנגעהויבען!..

דערגרייכען אויף די געשרייען פון דעם הויז-געזינד, מיט

דיִ געלעכטער'ן פון דיִ שקצים, צו לייזער'ן איןִ שיינקעל,—לאָזט מען אַ ווײַלע שטעהן דיִ גלעזער ביִער און מ'בלײַבט זיִצען פער'חוש'ט, און איידער וואָס און ווען, מ'ווערט געוואָהר וואָס איןִ דרויסען טהוט-זיִך, שטעהט שוין בעריל שײַגעץ און מיִנטערט:

— קיִנדער, מ'טאָר ניִשט שלאָפען... מ'ברויך דאָס ניִשט דערלאָזען... אַ רוח איןִ זייערע ממזר'יִשע הערצער... איךְ ביןִ אויך אַ זעלנער... זאָל מען זיי ווײַזען: שטאָדט איזִ ניִשט הפקר... און אונז זע'מיר נאָך ניִשט אויסגעשטאָרבען!.. געבען זיי אַ גוטען לעצט-געלד...

אָבער הברה ריִהרט-זיִך ניִשט; מ'שפיִרט, פשוט: ס'זענען ניִשטאָ מעהר יענע כחות, ווען מ'איזִ געוועזען רעקרוטען... וואָרום, ווי פאַסט דאָס עפיִס פאַר בחורים, יונגע-לײַט, בעפרײַטע, וועלכע שטעהען שוין איןִ שדוכים—זיִך-געהן שלאָגען... זיִצט-מען ווי צו-געשמיִעדט... און מ'איזִ אַזוי צוריִקגעהאַלטען... דיִ געשרייען ווע-קען ניִשט מעהר... פערפריִשען ניִשט דיִ אויגען... נור וואָס איין בעריל שײַגעץ פערגעסט-זיִך אויף אַ רגע, ער געדענקט גאָרניִשט. ציִ חברה איזִ מיִט איִהם, ציִ ר'איזִ אַליין, ער ציִהט-אַוועק, אַהיןִ, פון-וואַנעט דיִ געשרייען קומען... ער לויפט איִבער דיִ גאַסען ווי צוטומעלט, דיִ הענד אָנגעצויגען שטײַף, און מ'ט'ן גאַנצען כעס פאַלט-ער-אָן אויף דיִ שקצים, שנײַדט מכות-רצח; איינער-אַליין צוויִשען אַ באַרג שקצים—קאָן ער זיִךְ דען אַן-עצה-געבען?.. דאָ אַ קלאַפּ, אַ פליִק, און ווען ער זאָל דאָך ניִשט צומאָל אָבהיימען אַ שײַגעץ אויפ'ס טויט,—וועלען זיי דאָך איִהם צורײַסען אויף שטיִק-שטיִקער... פיִהרט ער זיִך אַזוי: ווערמען ער כאַפט-אָן פאַר'ן קאָפּ מיִט ביידע הענד, אָהן טענה-מענה—אַ ברען מיִט איִהם איןִ אַ פענסטער; איזִ ניִשט בלויז וואָס ס'פענסטער דערלאַנגט אַ ברען, אַ קליִנג, און ס'שיִטען-זיִך-אויס דיִ שויבען, נור דער קלונג גופא וואַרפט-אָן אַן'אימה אויף דיִ שקצים, און דיִ מהומה ווערט גרויס, גרעסער נאָך איִטליִכען ברזשאַזג, וואָרום שקצים—דאָס זענען נור גרויסע בעלנים אויף צו שלאָגען-זיִך, ווען ס'ווייס: ס'וועט זיי אָב-געהן... און קוים פיִהלט דאָס: מ'קאָן דאָ ברויכען צו בעצאָהלען

מיט׳ן קאָפּ—לוינט דאָס גאַנצע עסק נישט... און יענער שייגעץ, וואָס בעקומט די מתנה פון בעריל׳ען—יענער מעג-זיך שוין גלאַט געזעגנען מיט׳ן לעבען... אויך אויב נישט אויף תמיד—איז, לכל הפחות, אויף אַ פּאָר חדשים... ווען אַזעלכער שלעפּט אַרויס נ׳קאָפּ פון פענסטער, איז דער אַזוי צובלוטיגט, צוקאַליעטשעט, אָבגעשיילט, צו׳דם׳ט, גיסט זיך ס׳בלוט ווי פון אַ געקוילעטען אָקס...

און די שקצים זעהען: אַ׳אייגענער שלאָגט... עפּיס אַ רעקרוט, אַ זעלנער, אויך אין אַ ווייס-פּעלצעל, און ווייסע שטיוועל מיט אַ פּאַפּאַכע... ווייסען זיי נישט, וואָס דאָס זאָל בעטייטען?.. און אויב דאָס איז נור איינער צווישען זיי, און ס׳געפינען-זיך נישט אַ סך אַזעלכע, וואָס שלאָגען... אַ סך אַזעלכע אייגענע זעגען-זיך אָנגעלאָפּען פון גאָר די וועלט, און אָנגעפאַלען אויף זיי,—קומט אויף זיי, אויף די שקצים, אַ צומישונג, און צולויפען זיך וואו די וועלט האָט אַנ׳עק...

אויף צומאָרגענס האָט-זיך בעריל שייגעץ שוין געפונען אויפ׳ן וואָקזאַל, צוזאַמען מיט דער גאַנצער חברה, וואָס ער האָט זיך געכטען געשלאָגען... געשטאַנען צווישען די רעקרוטען אין דער רייה, וועלכע זענען נאָך געווען פון איהם אַזוי צוקיילט און צובייַלט, מיט אויפגעהאַקטע קעפּ, געשוואָלענע, און גלייך אָנגעוואַרט דעם צוג, וואָס ברויך קומען און זיי אַלע איינמאָל פאַר אַלע-מאָל צונעהמען פון שטאָדט ביז איינעם...

פאַר׳ן אַראָבגעהן אויפ׳ן וואָקזאַל איז ער צופריהער אַריינגעפאַלען צו לייזער׳ן אין שיינקעל; אויף צום לעצטען מאָל זיך געזעגנען מיט איהם, מיט זיין ווייב, מיט זיין שיינק, און אַגב זיך אַזוי פערקנאַקט, אַז אַרויס האָט ער קוים געקאָנט געהן, קוים-

קוים איינשטעהן אויף די פיס און זיך־געמוזט אָבהאַלטען ביי די וואַנד, ער זאָל נישט אומפאַלען...

אויפ'ן וואָקזאַל האָט ער שוין אָנגעטראָפען דעם לאַנגען שמואל, דעם קליינעם ברוך'ל מיט דער גאַנצער חברה, וואָס איז זיך געקומען מיט איהם געזעגנען... בעריל איז געווען שכור ווי לוט, דאָך האָט ער זיך אַציגד ווי פאַר עפיס געשראָקען... ער האָט געזעהן די יונגען, געזעהן די רעקריטען אין די ווייסע פעלצלען, מיט וועלכע ער פאָהרט צוזאַמען אַוועק, און זיי האָבען זיך דאָס אַוועקגעשטעלט אַזוי זאָרגלאָז, אַוועקגעזעצט אויף די קעסטלען און רוהיג אָבגעוואַרט דעם צוג, מיט אַ קאַלטע לונג־און־לעבער, און ער איז איינער־אַליין, אַנ'איינציגער יוד צווישען אַזוי פיעל גוים, האָט איהם צוגעצויגען ביים האַרץ, און ער האָט זיך גאָר ווי בעזונדער אַוועקגעשטעלט ביים אייזערנעם פאָרענץ, וואָס איז געווען אויסגעבויט פון דיקע אייזערנע רעלסען, זיך צוגעשפאַרט און אַראָבגעלאָזען נ'קאָפ, די פיס ברעכען־זיך... דער קאָפ האַקט... דער מוח שווינדעלט... די גאַנצע וועלט דרעהט־זיך...

און בעריל שווייגט, אויב ער איז אַ כוואַט, אַ יונג, וואָס האָט געקאָנט געהן דעם טייוועל אין די אויגען—האָבען־זיך דאָס־מאָל געשטעלט טרערען אין די אויגען... ער האָט אַציגד מיט איינמאָל בענומען די גרויסקייט פון זיין בראָך, אין זיין שכור'ען מוח האָבען־זיך אויסגעמישט די יונגען מיט די הייזער, די רויטע וואַגאָנען פון די לאַסט־צוגען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף די הינטערשטע רעלסען—זיי האָבען־זיך אַזוי צוזאַמענגעוויקעלט ווי נאָך אַ שווערע קאַטאַסטראָפע, אין אַ שווערען געפעהרליכען קלימ־פער... און עס האָט נישט אויפגעהערט נאָכאַנאַנד צו שרייען צו איהם, פון אינווענינ:

— ער זאָל געדענקען, דאָס צום לעצטען געפינט ער זיך דאָ אויף דעם אָרט... און ער וועט שוין בעשטימט נישט מעהר קומען אַהיים... פון די זעלנער וועט ער שוין נישט מעהר צוריק

אַרויס... ס'גאַנצע לעבען פערבלייבען אַ זעלנער... שטאַרבען אַ זעלנער...

די יונגען רעדען איהם אויס:

— ער זאָל זיך נישט שרעקען... אַראָבפּאַלען ביי זיך.. נישט קיין מורא-האָבען, און דער עיקר—נישט זיין קיין יאָלד... „סלוזשבע" איז נישט געמאַכט-געוואָרען פאַר קיין הינד... און אַ זעלנער איז נישט קיין בער...

בעריל האָט נישט צוגענומען קיין טרייסט...

ווען דער צוג איז אָנגעקומען, די מענשען האָבען זיך גענומען פּאַקען אין די וואַגאָנען, דאָס לעצטע רעשטעל פון די רעקרוטען האָט שוין געהאַט פּערנומען ערטער אין וואַגאָנען, און ס'איז איהם אויך שוין אויסגעקומען אַרויפצוגעהן אויף די טרעפּלעך פון וואַגאָן, האָט ער געשפּירט, ווי די קניע ברעכט-זיך אונטער איהם, וואַקעלט-זיך, און געפּיהלט-זיך אַשטייגער: ווי אַ פער'-משפּט'ער צום טויט, וואָס מ'פיהרט איהם צו דער תליה הענגען, און ער געהט אַרויף אויפ'ן בענקעל, מ'פערלעגט איהם דעם שלייף אויפ'ן האַלז, און מ'וועט איהם באַלד אַוועקנעהמען ס'בענקעל פון זיינע פיס, און ער וועט בלייבען הענגען אין לופטען, זיך צאַפּלען, צאַפּלען...

און ער האָט שוין מעהר נישט געקאָנט אויסהאַלטען... די טרערען האָבען איהם געשטיקט... געגאָסען-זיך איבער די באַקען... און ער האָט אַראָבגעכאַפּט דאָס היטעל פון קאָפּ, גענומען פּאָכען מיט דעם איבער אַלעמענס קעפּ, און שרייען מיט זיין הייזעריג און פער'שכור'ט קול:

— פּראָשטשייטיע!.. בלייבט געזונד!.. פּראָשטשייטיע!..

און דאָ האָט ער דערפיהלט, ווי ס'האָט זיך איהם עפּיס אָבגעריסען ביים האַרץ... ער האָט אַ קוק-געטהון און געזעהן: ער איינער-אַליין שטעהט אינ'ם וואַגאָן... און באַלד וועט דער צוג ריהרען מיט איהם... און אונטען שטעהען אַלע זיינע גוטע ברידער; דער לאַנגער שמואל... דער קליינער ברוך'ל... און נאָך...

און נאָך... אין אַ געפּיהל פון פערדרוס האָט איהם אַדורכגענומען, גראָד ווי זיי, די אַלע יונגען, וואָלטען שולדיג-געווען וואָס ער געהט-אַוועק, און אין זיך געהאַט:

— העע!.. אַזוי טהוען גוטע ברידער?.. פיהרען אַנאייגענעם אין באָד-אַריין?.. אַלע בלייבען - איבער אין-דערהיים, און איהם שיקען זיי אַוועק, איינעם אַליין, פון אַ גאַנצער שטאָדט?..

ער האָט אַצינד ערשט פערשטאַנען זיין קלאָג, בענומען די גרויס פון זיין בראָך, אָבער אָנשטאָט ער זאָל חרטה-האָבען אויף דעם, וואָס ער האָט אַדורכגעלאָזען די גאַנצע צייט, זיך-אַליין פערזעהן... איז דאָס געפּיהל פון כעס און שנאה ביי איהם גע-וואַקסען, געשטיגען... ער איז אַראָב פון וואַגאָן און גענומען מאַ-כען מיט די הענד, לעגען ברעטער צווישען זיינע אייגענע גוטע ברידער, אָט צווישען די אייגענע גוטע ברידער, וואָס זענען איהם געקומען בעגלייטען...

— אין דער ערד-אַריין מיט'ן קאָפּ, גוטע ברידער!.. אַ גוטער ברודער זאָל מעהר נישט געדאַכט-ווערען... זאָל-מען איהם נישט קענען!.. זאָל-מען-זיך פריהער לאָזען נ'קאָפּ אָבהאַקען, איידער זיך אָבגעבען מיט איהם!..



פ. בימקאָ

# פון קריג
— און —
# פון פרידען




װאַרשע 1921.

## פון קריג:

דער ראַזוויעדטשיק.

די באַגעגעניש.

דער חטא.

דער מאַן.

אַ שווערע נאַכט.

פון שרעק.

דיִ געגענד איִז געווען אומרוהיִג און האָט געפּיִבערט.

איִבער דיִ פעלדער זענען שמאָלע פּאַסיִקלעך רויך אויפ־געגאַנגען, גראָד וויִ איִן יעשען־צייט, ווען קליינע שקצים׳לעך פארברענען דיִ אָבגעבּרענטע באַדיִלעס פון דיִ קאַרטאָפעל.

טונקעלע היִמלען האָבּען ניִדריִג געשוועבּט איִבער דער ערד, און געמבּול׳ט איִבּערן קאָפּ.

ס׳דאָרף, וואָס איִז געלעגען איִן יענעם שטח, איִז געווען גאָל; דיִ הייזלעך—פּוסט, פארלאָזען, און מיִליִטער האָט גערויעט צוויִשען זיי, וויִ ווערים אַרום א פארלאָזטע וואונד.

נאָר איִן איין הייזעל, וואָס איִז געשטאַנען אַראָבּצו־ציִהען, איִן פעלד, איִז געבּליִבּען זיִצען אַנ׳אַלט פּייער׳ל מיִט אַ טאָכטער יולקאַ, אַ גראָבּע מויד מיִט פליישיִגע הענט.

בּיי זיי איִן שטוב האָט געוואוינט אַ באַטראָגענער סאָל־דאַט מיִט קורצע רייט־פּיִס, וואָס האָט זיי ניִשט אַוועקגעלאָזט.

ווען איִן דרויסען האָבּען זיִך געפּאַקט דיִ פויעריִם, אַרויסגעשלעפּט איִן דיִ שכנות׳דיִגע דערפער, זיִך איִנאיינעם באַזעצט מיִט אַנדערע געזיִנטען,—האָט דיִ שיִקסע אויך גענומען איינבּיִנדען דיִ קיִשענס, צוזאַמענלעגען דיִ „אָבּראַזען“, און גע־וואָלט אַריִבּערגעהן בּעטען אַ „קומע“:

— מ׳זאָל איִר שענקען אַנ׳אָרט פאַר׳ן פאָטער אויף דער פוהר...

האָט זיִך אַוועקגעשטעלט דער רוס שפּאַרען מיִט איִהר

רעדען מיט'ן גוף, און זיך קוים אַרויסגעשלאָגען:

— ער וויל, אַז יולקאַ זאָל נישט פאָהרען, נאָר איבער־בלייבען מיט איהם...

די מויד האָט זיך צעלאַכט, איהרע ליפּען ברייטער אויפגעשארצט, און אַרויסגעוויזען איהרע געזונטע ציין:

— נאַרישער איוואַן, ברויכסט מיך נייטיג האָבען ביי זיך? דו וועסט נישט קענען לעבען אָהן מיר?

איוואַן, דעם רוס איז שווער אָנגעקומען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט, נאָר אַז ער האָט זיך איינגעשפּאַרט איז עס מעהר געווען צו דערקענען אין זיין פּנים,—איבער וועלכען עס האָט יך פאַרצויגען אַ גרימאַס, און אין די אויגען, וואָס האָבען אָנגעהויבען גרינען ווי ביי אַ קאַץ.

— יולקאַ, ס'וועט דאָ זיין סמוטנע אָהן דיר, יע־באָגו — ווי דו וועסט מיר פעהלען!

— וואָס טהון דיינע טאָוואַרישטשעס, איוואַן? — האָט זי געזאָגט—דו וועסט זיי דיר אַריינעמען דאָ אין שטוב, און ברענגען די שטאַכייטען פון פּלויט... ס'וועט דיר זיין וואַרם... נאָר, געדענק, איוואַן, זאָלסט נישט פאַרברענען צום איבריגען די שטאַל?

דער רוס האָט נישט געוואוסט וואָס צו רעדען, ס'האָט איהם וועה געטהון אונטערן האַרץ, עפּיס אַ וועהטאָג פון אַנ־אָקס, אַ שטומע צונג, וואָס קען נאָר מרוטשען:

— יולקאַ, יע־באָגו, אַז דו ביסט מיט מיר איינאיינעם,— ווייס איך גאָר נישט אַז כ'בין אין פעלד; כ'קום אַ היים, מאַכסטו מיר ס'געלעגער, וואַרימסטו מיר אויף ס'קעסעלע. ס'דוכט זיך, יולקאַ,—איך רייט אַ היים צו זיך אין שטוב... יע־באָגו. דו ביסט מיר אַזוי ווי ס'ווייב אין דער היים, גאָר נישט אַנדערשט...

און עפּיס אַ רחמנות האָט איהר אַדורכגענומען צום פאַר־וואָגעלטען רוס, וואָס שלעפּט זיך דאָ ארום מיט'ן פערד צווישען די פעלדער, — און איהם אַריינגעוואָרפען אַ פּעטשעל אין דער באַק מיט אַ געלעכטערל:

— גוט, וועסט מיך האָבען ביי זיך, נאַרישע מאַלפּע...

און זי פלעגט איהם שוין אָב־וואַרטען ביי זיין אַהיימקומען, אַריינפיהרען ס׳פערד אין שטאַל, געבען דאָס צו עסען,— און זיך אַליין אַוועקזעצען אויף אַ קליי־ן בענקעלע איהם צופיסענס, און מיט פאַרשוואומענע אייגעלעך אַריינקוקען אין פּנים:

— איוואַן, האָסט אַווייב?

— יאָ.

— אַזאַ געזונטע, מיט גראָבע הענט ווי ביי מיר?

ביים רוס האָבען געבלישטשעט די אייגעלעך, און נאַריש, תּם׳וואַטע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, ווי אַ הונט מיט די אויערען.

— יאָ.

— און מיט אַזעלכע גראָבע פיס ווי ביי מיר?

— יאָ.

— און צו וואָס ווילסטו, כ׳זאָל מיט דיר דאָ זיין אינאיינעם?—זיך ברוגז׳ן.

ביים רוס האָט געריִנען די שליִנע פון מויל, וואָס האָט זיך אויסגעצויגען אין אַ לאַנג גאַווירדיג שניִרעלע, ווי ביי אַ הונט וואָס לעגט זיך אַוועק צעיאַכמערט אויפ׳ן בויך, און שטעקט אַרויס אַ רויטע צונג; ער האָט הייס־געבריהט מיט׳ן אָטעם אויף איהר:

— וואָרום, כ׳ווייס, יולקאַ, אויב כ׳וועל נאָך אַ מאָל ווען קומען אַהיים צו איהר?

ס׳האָט זיך דער וועהטאָג צעגאָסען איבער זיין פּנים, די ציין האָבען געשאַרפט, די שלייפען—געהאַקט, אָבער זי האָט זיך אַ שטעל געטהון אויף די פיס, און איהם אָבגעשטופּט פון זיך:

— געה, ביסט אַ נאַרישער רוס, איוואַן, וואָס ווילסטו שהון, וואָס?...

---

די מויד האָט עפּיס געשפּירט צו איהם, און מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר געשראָקען פאַר איהם; און ווען ער פלעגט קומען אַהיים, און זיך צושאַרען צו איהר, איהם דאָס זאָגען:

— געה, נישטאָ קיין האַרץ ביי דיר, איוואַן...

דער רוס פלעגט עפּיס באלאקען מיט דער צונג, און באלד באַקומען א באָכע אונטערן הארץ:

— ביסט א כאם, און גענוג!

זיין פּנים פלעגט אויף א ווײַלע בלייבען פארוואָלקענט, און זיך צוריק אויפהייטערען; ס'האָט זיך צעשפּילט דאָס מאָנגאָלישע אין די אויגען. און ער האָט אויסגעשטעלט די באק מיט א כיטרע שמייכעלע:

— יאָ, גיב א ליאפּ...

זי האָט זיך געקאטשעט פאר געלעכטער.

און דאָס האָט אין איהם נאָך מעהר אָנגעצונדען ס'בלוט, און איהר צוגעדריקט מיט'ן קערפּער צו דער וואנט:

— זאָג, שעלמא דו וועסט נאָך שלאָגען?

און געמוזט גלייך אָבלאָזען, דערשפּירענדיג א וועהטאָג, וואָס איהרע ציין האָבען זיך איינגעביסען אין זיין לייב.

— אך, דו שטשערווא פּראקלאטא, האָסט אזעלכע שארפע ציין ווי די מעסער'ס.

און ער, דער רוס, האָט מיט איטליכען טאָג שוין וועניגער געדענקט אין ווייב, וואָס ר'האָט איבערגעלאָזט ערגיץ אונטערן בייקאַל; אַז ער פלעגט אַדורכגעווייקט ווערען אין פעלד, גענומען קלאַפּען מיט די ציין, — האָט ער זיך געאיילט צו קומען אין שטוב, צו יולקען.

און אַז ס'האָט זיך איהם אָבגעריסען אַ קנעפּעל, אַוועקגעטרענט אַ שטיק שינעל, — האָט ער געקוקט יולקען אין די אויגען:

— פאַריכט מיר...

און יולקע האָט איהם פאַריכט, און נישט ווילענדיג זיך אַרויסגעכאַפּט ביי דער אַרבייט:

— איוואַן, כ'וואָלט געוועזן אַ שלעכט ווייב?

ס'אַלטע פייערעל, איהר פּאָטער'ל, וואָס איז געזעסען אַזוי ווי צוגעוואַקסען מיט די פּלייצעס צום קאַכעל־אויווען, האָט קנאַפּ געקענט זיין טאָכטער; מיט יאָהרען צוריק איינמאָל צער גע־

האָט פון איִהר... און זיִך געהאַלטען פאַר אַנ׳אומגליִק:

— וואָס די פּיִס זענען ביי איִהם אָבגענומען, קען ניִשט ריִהרען מיִט זיי, און ווייס דעריִבער ניִשט איִהרע וועגען...

אַז ער האָט זיִך צוגעקוקט צו זייער פּיִהריִנג, — האָט ער צומאָלט ניִשט אויפגעהויבען נ׳קאָפּ, נאָר געפּרעפּעלט, וויִ אַ קאַליִקע:

— יולקאַ, געדענק. כ׳זאָל נישט האָבען נאָך אַ מאָל צער פון דיִר; ס׳גיהנום וועט מיִר זיין וועניִג דורך דיינע זיִנד...

און יולקע האָט זיִך צו איִהם געוואָרפען אויפ׳ן האַלז:

— ניין, טאַטולקע, איִוואַן וועט מיִך שוין ניִשט אָבנאַרען...

און דער אַלטער איִז וויטער געווען פאַר׳צער׳ט:

— ביִסט זיִכעד מיִט איִהם, טאָכטער? אַ סאָלדאַט—ס׳איִז דאָך אַ וויִנט!

האָבען איִהר טרערען געשטיִקט, און זי האָט אַלץ ניִשט געוואָלט ברעכען איִהר עקשנות:

— ניין, פאָטער׳ל, אַז איִוואַן רייט אַרויס געדענקט ער: ער לאָזט מיִך איִבער אין שטוב...

---

איינמאָל איִז דער רוס געריִטען אויף זיין אומרוהיִגען שיִמעל, געגלעט איִהם די גרזשיִווע, און געשניִפּט די טריִט אויף די פּאַרלעגענע זאַמדען.

אַרום האָט דער היִמעל געוואָרפען מיִט אַזעלכע רויטע אָבשיינען, גראָד וויִ אַ קופּערנער בעקען, אונטער וועלכען מ׳הערט ניִשט אויף אונטערצולעגען ס׳פייער מיִט פריִשע שייטער האָלץ.

דער רוס האָט זיִך פאַרטראַכט:

— אַ שלאַד; די טריִט געפעלען איִהם ניִשט... די אַרטיִלעריע ברויך דאָ האָבען פאַרטויִשט די פּאָזיִציע?

עטליִכע רייטער האָבען זיִך צעשטעלט אַרום, און שטיִל צוויִשען זיִך איִבערגערעדט:

— שטיוועל=טריט.

— פערד׳ס=טריט.

— „אַ קאָליע“. טיפע פאַסען אויפ׳ן זאַמד, ווי די אָדע=רען אויפ׳ן לייב פון אַ מענש.

און זיי צעקריכען זיך נאָכ׳ן שלאַד פון די „קאָליעס“, וועלכע צעגעהן זיך געדיכט אינ׳ם זאַמד, קניפּען זיך צוזאַמען אין אַנ׳ענגען קניפ, און צעגעהן זיך באַלד ווי די „אָדנאָגעס“ פון אַ שפּין.

ביי איוואַנען ווערען שפּיציג די אויגען, ווי ביי אַ קאַץ וואָס צאָטעוועט אויף אַ מויז איבער אַ יאַמע:

ס׳ברויך שוין ערגיץ דאָ זיין ?

עמיץ האָט נאָר שטיל אַרויסגערעדט :

— וואו מ׳פאַרנעמט זיך?

און ס׳האָט אַ פאָכע געטהון פאַר די אויגען אַ בונט פייער און די פערד האָבען זיך צעלאָזט ווי די לייבען מיט אויפגע=שטעלטע גרזשיווע; פאָראויס געהט צעפראַלט אַ פערד וואָס טראָגט אויף זיך דעם ליידיגען זאָטעל,—עס טרעט ניט אָב פון די איבריגע רייטער ווי עס וואָלט געווען זיכער, און זיי געטרויט:

— אַז דער וועג איז דער זיכערסטער נעלם צו ווערען...

אָנקומענדיג אויפ׳ן דאָרף, פאַר׳ן הייזעל, איז ער אַרונ=טערגעשפרונגען פון פערד און איהר גערופען :

— יולקאַ... יולקאַ...

יולקאַ איז אַרויס, זיך געשטעלט די הענט „פּאָדבאָקעם“, און איהם אַריינגעלאָכט אין די אויגען:

— נאס... ס׳וואַסער גיסט זיך פון דיר אראָב, איוואן; ווי, אין טייך געווען אויפגערוימט?

דער רוס האָט געריבען ס׳לייב פון פערד, אז ס׳האָט געפּארעט.

— יאָ, יולקא, זיך פאַרקראָכען אויף דער סאמע נאָז, און פאַרטריבען מיט א בלינדען וועג אין טייך... די קוילען זענען נאָר אריינגעפלויגען אין וואַסער ווי די נאָדלען... גיב א קוק

יולקאַ, ניִשט אמאָל א דראפּע געטהון וואו?

די מויד ווערט אומרוהיִג, און טאַפּט איִהם גיִך אַרום.

— מ'זעהט ניִשט; ס'בלעכעל פון היִטעל נאָר אויסגע-קרומט...

ער שמייכעלט מיִט הנאה:

— וואָס, אַ מזל, פון צוויי רייטער די פערד צוריִקגעקו-מען ליידיג...

זיי זענען ביידע אַריינגעגאַנגען איִן שטוב, און געלאָזען ס'פּערד שטעהן אָנגעבונדען ביים בוים, וואָס האָט פויל אַריינ-געגריִזשעט די סקורע.

אַרום האָבען נאָך אַנדערע פערד געהיִרזשעט, און איינ-ציִגע סאָלדאַטען זענען אַרומגעקראָכען צוויִשען די שטאַלען, אָנגעהאָנגען די שיִנעלען אויף די פּלייצעס.

אויפ'ן וועג, ווסלכער האָט געפיִהרט צו די שכנות'דיִגע רוהיִגע דערפלעך,—האָט אַ צופיִהר-פאַרק זיך ביִסלעכוייז פאַר-לוירען אונטער'ן וואַלד, גראָד וויִ דער אונטערשטער עק פון אַ צוג.

---

דער רוס חמר'ס.

יולקאַ האָט איִהם שוין עטליִכע מאָל איִבערגעוועקט, און ער מאַכט אַלץ אויף די אויגען-געלע צעשוואומענע אויגען, און חמר'ט.

— איִוואַן, ביִסט קראַנק?

— קראַנק, יולקאַ—פיִבערט דער רוס,—קאַלט, די ביי-נער ברעכען.

און ער טאָרעט זיִך אַלץ טיִפער איִן דער אָבגעקראָכע-נער קאָלדרע, כראַפּעט, שנאָרכט,—דער שטערן גליִהט—אַ שטיִק פייער.

די מויד ציִהט די שטאַכייטען פון פלויט אַרויס, און ברענט זיי; איִן שטוב איִז אַ היִץ, אַ חמימה, — פון די ווענט קייקלען זיִך קליינע קייקעלעך וואַסער, וואָס לאָזען איִבער נאָך

זיך אַזעלכע לאַנגע ריִוועלען; זי פאַרשטופּט אויך די לעכער איִן פענסטער׳ל, אַז די היִץ זאָל ניִשט אַרויס, און וועקט איִהם אַלץ איִנאײנעם איִבער:

— וואַריִמער? איִוואַן, וואַריִמער?

אויפ׳ן רוס ציִטערט ס׳לייב, די ציינער האַקען ווי אַ זעג, און טרייסעלט די מאָרדע ווי אַ הולה־וואַטע הונט:

— קאַלט, יולקאַ... קאַלט...

זי ווערט דערשראָקען, לעגט־אָן אויף איִהם אַ באַרג קיִשענס, שטעלט־צו גרויסע טעפּ וואַסער, וואָס נעמען פּאַרען ווי איִן אַ שוויִץ, אָבער דער רוס וואַרפט זיך אום אויפ׳ן געלעגער, גלאָצט מיִט די אויגען, שטרעקט אויס די שוואַרצע קנאָכיגע הענט צו איִהר, און שלעפּט זי מיִט צוואַנגען צו זיִך, קריִצט מיִט די ציין.

— קאַלט, יולקאַ... קאַלט...

זיין בראַנדיִג לייב ווערט צעשמאָלצען, ס׳שלאָגט אַרויס אַ שווייס, די האָר קלעבען זיִך, שווערע אַנגסטען קומען אַרויס, און ער קריִכט אַלץ טיפער איִן איִהר לייב, און היילט ווי אַ געשלאָגענער הונט:

— קאַלט...

ס׳ברענט דער קאָפּ, ס׳מיִשט זיִך אויף די געהיִרען. ער פיִהלט ווי ס׳קעהרט זיִך איִנוועניִג אַלץ איִבער; ס׳איז עמיִץ אַריינגעקראָכען מיִט אַ האַנט אונטערן האַרץ, און נעמט צוזאַמען ס׳גאַנצע ביִנטעל, די לונג־לעבער מיִט׳ן האַרץ...

ער ציִהט שווער דעם אָטעם, אַז די ווענט פון שטיִבעל, דוכט זיִך, וויִגען זיִך איִנאײנעם מיט די ביינער פון זיין ברוסט־קאַסטען, אַזוי ווי אַ בלאָז־זאַק וואָס נעמט זיִך צונויף און לאָזט נאָך.

— דערוואַריִם מיִך, יולקאַ!

און די מויד האָט זיִך צונויפגעדרעהט מיִט איִהם איִנאײנעם איִן אַ קנויל. פאַרגלייזט די אויגען, און פיִהלט עפּיִס אַזאַ שווערקייט אויף זיִך, אַזוי ווי זי וואָלט איִנגאַנצען צעפאַלען געוואָרען איִן באַזונדערע שטיִקלעך.

און ווידער איז דער רוס אויפגעשטאַנען. ס׳פּנים האָט צוריק באַקומען די מראה, די אויגען-די ביסטרע שאַרפקייט, און קוקענדיג אויף יולקען זיך געלעקט צו איהר, ווי אַ הונט וואָס לעקט די פּאָלע פון׳ם בעל-הבית:

— יולקאַ, וואויל...

און ער רייט אויף די פעלדער, וועלכע קורטשען זיך ווי צעשניטענע שטיקער שלאַנגען, אָבער איטליכעס מאָל ווען ער רייט אַרויס, טהוט איהם וועה ס׳האַרץ,—יולקאַ שטעהט אַראָב-געלאָזען נ׳קאָפּ, קוקט איהם נאָך מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ:

אָבער ער קען זיך נישט באַפרייען פון דעם שווערען עול, וואָס ליגט איהם אָנגעוואָרפען ווי אַ משא אויף די פּליי-צעס, און שלעפּט זיך אום צווישען די פעלדער, מיטראָגענדיג אין האַרץ דעם שטומען בליק יולקעס.

ס׳דאָרף ווערט אַלץ פוסטער, די בוימער—מעהר אַרום-געגריזשעט, די הייזלעך טהון אויס פון זיך די פענסטער, די טהירען, און ווערען פון טאָג צו טאָג מעהר צוגעלעגט.

אונטער די ביימלעך וואַלגערען זיך אַלץ מעהר די צע-בראָכענע מיליטערישע וועגען, צוויי-רעדערדיגע קוילען-קעסט-לעך, וואס שטעהן כרעים מיט די דישלעס צו דער ערד.

און ער רייט אָנגעשפּיצט די אויערען, רייט... עפּיס ציהט איהם אַ שלאַד אינ׳ם וועלדעל, און לאָזט זיך פּיהרען פון פערד נאָך די טריט; שטעלט זיך פּלוצלינג אָב, ס׳האַרץ בעהמט קלאַפּען, ער קוקט זיך אום— יולקעס אויגען בעטען זיך...

דער שלאַד גיט איהם נישט קיין רוה; עפּיס ציהט איהם ווייטער... שלעפּט איהם... און ער רייט אָב אַ טריט-מחשבות קומען אין קאָפּ אַריין...

שטעהט ער אַזוי, קען זיך נישט העלפען, און ס׳גיט אַ קלאַפּ איבער׳ן קאָפּ:

— טור... טור-ר...

ס׳בלישטשעט פאַר׳ן אויג, ס׳שווישטשעט פאַר׳ן אויער, און ער אַנטלויפט אויפ׳ן פערד. לויפט מיט אַלע כחות און ציהט

קוים ג׳אָטעם; ער פּיהלט עפּיס אַ וועהטאָג, ס׳ווערט איהם שווע־רער צו זיצען אויפ׳ן זאָטעל, — און רייט גיכער, טרייבט ס׳פערד, ביז ר׳קומט אָן אויפ׳ן דאָרף, שטעלט זיך אָב פאַר׳ן הייזעל, באווייזט נאָך אַריינצולויפען אין שטוב, און פרייכט, די אויגען קריכען איהם פון קאָפּ.

— יולקאַ, יולקאַ, גיב אַ בליק, — ס׳טהוט עפּיס וועה... מ׳זעהט בלוט?

דער מויד פאַלט־איין ס׳האַרץ; זי שלעפּט גיך אַראָב ס׳אָנ־טהועכץ פון איהם, און פאַרברעכט די הענט:

— בלוט, איוואַן, פולע הויזען מיט בלוט!...

ס׳פּנים ווערט איהם טונקעל ס׳געלבליכע אין די אויגען צעשוואומס זיך, ס׳ווערט שוואַרץ און פינסטער, די פיס ציטע־רען, און ער כאַפּט איהר אָן, דריקט איהר צו זיך:

— דערוואָרים מיך, יולקאַ.

און יולקאַ וואַרימט איהם, אָטעם׳ט אין איהם אַריין איהר הייסען אָטעם, און האָט גרויסע יסורים.

— ניש געקענט דיך מעהר דערוואַרימען איוואַן—נישט געקענט...

---

דיִ זון האָט געשיינט.

צווישען צעריסענע, צעפליקטע וואָלקענעס איז זי געשוואומען, די זון, אין טיפ־אַנטפּלעקטען הימעל, און שטראַהלענדיג פאַרשיט די ערד מיט גאָלד.

ס׳בלויע וועלדעל האָט געזונגען, און אַ לייכט ווינטעל האָט שטיפעריש געטריבען די פאַסען־ליכט איבער די פעלדער־זאַנגען, און די לאָנקעס גראָזען געוויגט.

אויפ׳ן באַרגעל איז אַ ווינט־מיהל געשטאַנען ווי געקעפּט— די שוואַרצע פליגעל אַראָבגעבראָכען; אונטער׳ן באַרגעל איז אַ דערפעל נעלעגען אויסגעשיט און געציטערט... צעצויגענע כאַלופעס האָבען זיך ווי געוויגט. געטרייסעלט, — פאַר׳ן שלאַך אינדרויסען האָבען שווערע רייטוועגען זיך אַריינגעשניטען מיט די רעדער אין זאַמד, געסקריפּעט, ווי די אַקסען וואָלטען נישט געווען געשמירט; סאָלדאַטען מיט פאַרשוויצטע פנים׳ער האָבען איינגעהויקערט, אונטער די שווערע משאות,—זיך געקאָפּעט, אַ פוס־אַריין, אַ פוס־אַרויס—און אויף זיי רע קעפּ האָבען קאַסקעס געבלענדט קעגען־איבער די זון, ווי די צעפלאַמטע שטורקאַצען.

ס׳דערפעל איז אַזוי ווי איינגעשרומפּען געוואָרען, די הייזלעך—מעהר צוגעפאַלען צו דער ערד; די נפשות—זיך אויסבעהאַלטען, נאָר וואָס דער טאָג אַליין האָט געלאַכט אויף די וועגען וואו ס׳מיליטער האָט געטרעטען... אַלץ אַרום האָט ברייט

אויפגענומען דאָס געזאַנג, די ברייט־צעלאָזטע, מיליטעריש־ע כאָרען,—גראָד ווי אַ פרוי וואָס שפרייט טיף אויס איהרע אָרעמס פאַר׳ן געליבטען.

פון די הימלען האָט זיך זאַכט אַראָבגעגאָסען ס׳ליכט אויף זייערע קעפּ, און ס׳האָבען זיך געשמאָלצען זייערע היט־לען. דאָס באַשלעג פון די וועגען, די רויטע קופּער־בראָנזענע רעהרען פון האַרמאַטען, אַזוי ווי מ׳וואָלט זיי איינגעטונקען אין אויפגעקאָכטע פעטער גאָלד.

די שטראַהלען האָבען געשפּילט אין די אויגען פון די מחנות, וואָס האָבען אויף אַ פרעמדער ערד געטרעטען, און האָבען זיך ערגיץ מיט דער אייגענער געהויבענער שטימונג פונ׳ם מאָרגען—אַוועקגעלאָזט דורך די טויערען פון דער ברייטער אויפגעפראַלטער וועלט, און צווישען די הויכע פעלדער־זאַנגען אין לאַנגע שנורען פאַרלוירען געוואָרען.

אינ׳ם בלויען וועלדעל, וואו די פייגעלעך האָבען זיך אויף די צווייגלעך צעשטעלט, אינאיינעם דאָס קלאָרע, זיל־בערנע מאָרגען־ליד׳ל פון זייערע העלזלעך אַרויס געטרעלט—זענען עטליכע רייטער געריטען אין גרויען פעלד־אָנטהון, מיט די פּיקעס אין די הענט זענען זיי געזעסען אין די זאָטלען, אָהן אַ פּיצעל מחשבה זיך געלאָזט פיהרען פון די פערד; און אַרויסקוי־מענדיג פון פאָרענט—אָנגעשפּיצט די אויערען, זיך אָבגעשטעלט האַרט אונטער די ביימלעך, און מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם זיך איינגעקוקט אינ׳ם וואונדערבאַרען בילד, וואָס האָט זיך דאָרטען געמאָלן פון די מיליטער־גרופּען, זיך צוגעהערט צום שטילען כאָרכלען פון די רעדער, וואָס האָבען געשניטען די זאַמדען, גראָד ווי ס׳מאָלען פון אַ וואַסער־מיהל.

זיי זענען געשטאַנען אַזוי צענומען, פאַרכאַפּט, און ניט געשפּירט די סכנה פונ׳ם אָרט...

— אַזוי נאָהנט, — האָט זיך ביי וועלכען אַרויסגעריסען פון דער ברוסט — אינגאַנצען עטליכע שאַג...

איינער האָט דאַן אַרויפגעלעגט די האַנט אויפ׳ן פערד׳ס קאַרק, צוגעפיהרט מיט די שפּאָרען צום בויך, עפּיס איינגע־

בויגען דעם קאָפּ פון זיך זעלבסט, און בלויז מיט די אויגען גערעדט:

— מ׳קען צוריק רייטען?

זיינע אויגען האָבען גיך אַדורכגעבויערט די טיפקייט פון צווישען די פעלדער געזוכט אַנאויסדרוק פאַר׳ן בילד, און אַ ציהגעטהון אונבעוואוטט דאָס ציימעל, — ווי ס׳פערד האָט פאַריסען נ׳קאָפּ, אַ דריגע געטהון מיט די אונטערשטע פיס, און זיך צעהירזשעט.

עטליכע סאָלדאַטלעך, וואָס זענען דאַן געלעגען אויסגעצויגען אונטער אַ קרזשאַק, האָבען מיט אַ מאָל זיך אויפגעכאַפט ווי איבערגעוועקט פון אַ דרימעל, אַ קאַפּוירגעהויבען אויף דער גיך די ביקסען, — און עטליכע שאָסען האָבען זיך אויף אַ מאָל אָבגערופען. ס׳האָט אַ הילך געטהון אַרום, אַ ציטער — די לופט, די זאַנגען — זיך צעטרייסעלט, דער וואַלד—צעוויגט, און פון די צווייגען האָט זיך אַ טשאַטע פייגעלעך צעשפּרייט אין לופטען, און אַזוי צעשריגען.

די רייטער זענען אַנטלאָפען געוואָרען. און ס׳האָבען זיך געוואַלגערט אַרום צו ביסלעך גראָז ווי אויסגעפליקטע שטיקלעך באָרד פון מענשליכע פנים׳ער, וואָס די פּאָדקאָוועס האָבען ראַפּטום און מיט זייער שאַרפען פאַרנעם,—אויסגעריסען; אויף דער ערד זענען געבליבען צוויי דערהרג׳עטע רייטער, וואָס זענען אויפ׳ן אָרט, גלייך אַרונטערגעפאַלען פון די פערד.

זיי זענען געלעגען צעשפּרייט, מיט אַ ברייטקייט, צעוואָרפען די הענט, גאָלע צעשויבערטע קעפּ, און ס׳האָט אויסגעזעהן: ווי ביי זיי אויף די פנים׳ער וואָלט נאָך געשפּילט די אייגענע באַזעסענע מחשבה פון פריהער, ווען זיי זענען נאָך אויף די געזאָטעלטע פערד געזעסען; ביי איינעם איז די קניה געווען אַביסעל אונטערגעהויבען,—אויפגעשטעלט, ביים אַנדערען—עטוואָס פאַרקוועטשט די פויסט, און די אויגען האָבען בייביידען קלאָר געקוקט צום הימעל אַרויף, אַז די וויסלען זענען נאָך געלער געווען פון דער געלער זון.

ס׳איז געווען שטיל.

די טשאַטע פייגעלעך האָט זיך צוריק אָבגעשטעלט אויף די צווייגען און געפּישטשעט. פון דער טיפער געדיכטעניש אין וואַלד איז אַ האָז אַרויסגעקומען, קענטיג: נאָך גע'תּם'עלט פון'ם שיסען, זיך געדרעהט אויפ'ן פעלד, געזוכט אַ מקלט אַנטרינען צו ווערען, ביז ער האָט די געפאַלענע רייטער דער־בליקט—זיך אויף אַ ווייל אָבגעשטעלט, אַראָבגעלאָזט אויף די אונטערשטע פיסלעך, אויסשפּיצענדיג די גרויסע אויערען, ווי מיט אַמאָל פאַרשטאַנען:

— אַז גראָד דאָס מאָל האָט מען איהם נישט געמיינט...

געגעבען אַ שווינד־אַוועק צווישען די פעלדער, איבער־לאָזענדיג נישט מעהר ווי אַ פאָכען אין דער לופט, פון'ם לוי־פען מיט אַנ'אימפּעט.

די זון האָט זיך מיט אַמאָל פאַרשטעקט אונטער אַ כמאַ־רע, אַלץ אַרום האָט אַנ'אַנדערע מראה געקריגען. ס'איז טונק־לער געוואָרען אויפ'ן פעלד, דאָס ליכטיגקייט אין די פּנים'ער פון'ם מיליטער, און דער בלאַסק פון שטאָל, ס'בלישטשען פון די היטלען—איז אַוועקגעקומען; דאָס שטראַהלענדיגע, וואָס האָט געשפּילט אויפ'ן קעפּעל פון יעדער זאַנג—האָט זיך אָבגעטהון, און דאָס ווינטעל, וואָס האָט פריהער געצערטעלט, געפּיעשטשעט—האָט מעהר געטריבען די שאָטען־פלעקען, אומרוהיג נעוויגט די זאַנגען. אויך דער וואַלד איז פינסטערער געוואָרען, ווי אַ זקן וואָס האָט איבער זיין טיפער עלטער זיך פאַרטראַכט, און די ברעמען אַראָבגעלאָזען.

ס'ליכטיגקייט איז מיט דער האַנט אַוועקגענומען געוואָ־רען. אַ מרה־שחורה האָט זיך איבער אַלעם צעשפּרייט. גראָד ווי די וועלט וואָלט עפּיס אין זיך פאַרזונקען געוואָרען. דער הימעל איז געוואָרען מאַט, אָבגעלאָשען, און פון עטליכע צו־געלעגטע כאַלופּעס, וואָס זענען נעהנטער צום וועלדעל אויס־געקומען—האָבען זיך עטליכע פייערלעך אַרויסגעזעצט אויפ'ן פעלד, און, אָבגעהאַקט, עפּיס צווישען זיך גערעדט:

— מ'וואָלט אַ בליק געטהון ועהן?

— און אפשר ליגען ביז נאַכט?

— באַהאַלטען אויפ'ן סמענטאַרזש?

— נישט גלייכער: אויפ'ן אָרט?

זיי האָבען צוגעוואַרט ביז ס'איז געוואָרען טונקעל, ווען אַ פייערדיגע רויטקייט האָט געציטערט איבער אַלעם. די שפּי־צען בוימער האָבען געברענט, די רויטע צווייקעל־בלעטער— געבלישטשעט, ווי באַשפּריצט מיט זונ־שטויב, אַלץ אַרום האָט זיך געלאָשען, ווי נאָך אַ וועלט־שרפה, און דער האָריזאָנט איז געווען אַזוי שווער, ווי דער שטערען ביי אַן אַלטען זקן, וואָס האָט שוין פיל איבער דער וועלט געטראַכט...

און דענסטמאָל זענען זיי, די פייערלעך, אַוועק צום וועלדעל, און ביי דער גאַנצער שרעק, וואָס האָט זיך איבער דער וועלט אַריבערגעטראָגען, — האָבען זיי שטיל און ערנסט זייער אַרבייט געטון. זייערע פנים'ער האָבען געבלענדט ווי קופּער, בעת זיי האָבען אַריינגעלעגט די רייטער אין גרוב, ביי וועלכע די קערפּער זענען נאָך געווען פריש, האָבען געשמעקט מיט וואַלד־ריחות; און די גלאַטע, ראַזירטע פנים'ער האָבען נישט געהאַט נאָך פאַרלוירען די צאַרטקייט, ווי ביי ווייכע פרויען־הענט.

ס'האָט אָנגעהויבען קאַפּען אַ רעגענדעל, וואָס האָט אויפ־געפרישט ס'פעלד, דערקוויקט די ערד, וואָס האָט אין זיך פריש חיות אַריינגעקריגען. דער וואַלד האָט גענומען רויכערען מיט ווייראיך. די בוימער—צו טריפען מיט זשיוויצע, און פאַרשפּריי־טען אַזאַ אַראָמאַט, וואָס היילט ווי באַלזאַם.

נאָהנט ביים ליפּענעם צלם זענען עטליכע גויעס געפאַ־לען צו דער ערד, און די רוישענדיגע אַקאַציען־ביימלעך האָ־בען צעטראָגען זייער געבעט:

— יעזו, יעזו, זיי אונז מוחל, וואָס צוליב אונזער זינד איז דאָ אַזאַ גרויס אומגליק געשעהן, און נעם־אָן פאַר גוט, וואָס ס'דאַרף האָט זיי אונטער זיין ־־־ירק באַהאַלטען...

---

דאָס איז געווען אַ יונג, אַ פּרא אדם — אַ שטיק חושך אויסגעוואַקסען — אַ שטיק גלאָמב, אַ ברייטע צעלאַבערטע בריאה, פלאַט-פּיס, און מיט אַ גרויסען קאָפּ — אָרים אין שכל; אויגען — פּיצלעך, אונטער גרויסע ברעמען, וואָס האָבען געמרוזשעט ווי ביי אַ קאַץ.

ער האָט זיך אויפגעכאָפּט אויף ברעקלעך, פּונקט ווי אַ הונט וואָס כאַפּט אַראָב פון די טישען, אַרומגעלאָפען זוכען אויף די בערגלעך מיסט, און פלעגט אויסגראָבען שטיקלעך, זיי אַרומגעגריזשעט, געלעקט, און אַ סך מאָל אַוועקגעטריבען אַ הונט טאַקי:

— אַ פּודזשעס, פּשאַ-יוכא!

געקיילט מיט אַ שטיין איבער'ן קאָפּ, און אויפגעהויבען פון דער ערד, וואָס יענער האָט אַרויסגעלאָזען פון פּיסק, מיט אַ געהייל — דאָס אַרומגעלעקט, אַרומגעלעקט, און וואָס ר'האָט נישט געקענט אַראָבלאָזען אין מאָגען, מיט עגמת נפש אַרומגעקוקט, אַרומגעקוקט, אַזוי ווי ר'וואָלט מקנא געווען דעם הונט, וואָס האָט שאַרפערע ציין פאַר איהם און וואָלט יאָ געקענט דעם ביין צוקנאַקען, און געמוזט אָהן חשק אַראָבלאָזען.

אין קיין יודישע שטוב האָט מען איהם נישט אַריינגעלאָזט, ווייל מ'האָט פון איהם קיין נוץ נישט געהאַט; אַ שרעקליך-פּוילע, לאַנגווייליג-נודנע, אָבגעלאָזענע חיה, און אַז מ'האָט איהם אַמאָל דערלאַנגט אַ קאַן:

— נאַ, ברענג אַ ביסעל וואַסער...

האָט ער אַ רגע געקוקט יענעם אין די אויגען אַריין, געקוקט — אַ חוש, און אַ הויבגעטון מיט די פלייצעס בלויז ווי ר'וואָלט געהאַט שכל צו זאָגען:

— כ'וויל נישט...

נאָר די חדר־יונגלעך, וואָס ער האָט געוואוסט נאָכצולויפען, און אויסגענאַרט ביי זיי שטיקלעך ברויט, קעז, — פאַר קונצען; און קונצען האָט ער געמאַכט זעלטענע, זיך געוואָרפען, געדרעהט, געפּאַטשט אין בויך, געקרומט ווי אַ מאַלפּע מיט גרימאַסען, אַז מ'האָט געקענט פּלאַצען פאַר געלעכטער:

— אַזאַ גרויסער יונג מאַכט זיך אַזוי נאַריש...

די יונגלעך זענען געווען זיינע סטאַלע שפּייזער, און פון דערהיים אָנגעגרייט באַלד פאַר איהם באזונדערע פּאָרציעס; אָבער זיי האָבען מורא געהאַט איהם צו געבען אין דער האַנט אַריין. איהם צוגעוואָרפען אויף דער ערד אַ שטיק ברויט, און צוגעשריגען:

— א... משה ליפּע, טאַנץ!

האָט ער דאָס צוגעכאַפּט, מיט איין ביס פארשלינגען — אומגעקאַיעט, און געטאַנצט; אָבגעטאַנצט־זיך — געשטעלט קוקען מיט די אייגלעך, און בלישטשען, נישט גערעדט, נישט צו־מאָלט אַ וויע־געטון, — ביז ס'האָט איהם ווידער וועלכעס צוגעוואָרפען עפּיס, אַ שטיקעל קעז לאָז זיין.

— נא, משה ליפּע, און געה אויף די הענט!

אַזוי האָט ער צוגעכאַפּט דאָס שטיק קעז, פארשלינגען, — אומגעקייעט, און געגאַנגען אויף די הענט; אָבגעגאַנגען — ווידער זיך געשטעלט קוקען די יונגלעך אין די הענט אריין, אזוי אָהן א סוף.

ביז צוועלף־דרייצעהן יאָהר האָט ער נישט גערעדט; ער פלעגט זיך פארקלייבען אויפ'ן מיסט, און ארויסלאָזען אזעלכע אָנגעהיילישע קולות — פינסטערע, אז מ'האָט זיך א סך מאָל טועה געווען, געגנארט אין זיי, און געזאָגט:

— די הינט היילען, דער מלאך המות איז אין שטאָדט.

און לסוף אויסגע׳בטל׳ט אלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ, צו זיינע הענט־און־פיס, און צו זיין לייב־און־לעבען:

— נא דיר, גאָר משה ליפע, שונא ישראל...

אונטערוואקסענדיג האָט זיך זיין שכל צו ביסלעך פאר־בּרייטערט, געוואָרען קלאָהרער, ס׳לשון — זיכערער געוואָרען, מיט איין וואָרט — א יונג, א דאָרוואָל, וואָס האָט זיך שוין לייטיש ארומגעדרעהט אויף דער ראָגאטקע, קריעה־ובליעה־נאָך, און נאָכגעקוקט מיט היץ די וועגענער, וואָס זענען אָנגעקומען אין שטאָדט אריין, און אוועקגעגאנגען אין דער וועלט אריין...

זיין לעבען איז געוואָרען די ראָגאטקע; ס׳הארץ האָט איהם געפּישטשעט פאר א פּאָר לייצען; געארבייט עבודת הפרך— — געוואשען די וועגענער אין „סטאוו", געפּויעט די פערד, געלאָזט קאָווען פּאָדקאָוועס, און באקומען דערפאר די לייצען אויף א האלבע שעה, א שעה אמאָל — ווען דער וואָגען איז געווען געפּאקט מיט פּארשוינען:

— נא, פּאָהר, אָבער נישט ווייטער פון לייביש־פּסח׳ן ביז צום „וויאָרסט".

א מקום־מנוחה האָט ער זיך פארשאפט אויף סטאלע ביי לייביש־פסח׳ן אין רעסטאָראציע; דאָ אָבגעווארט ביז א בעל עגלה האָט אָנגעצויגען מיט א וואָגען אויף דער ראָגאטקע, און תיכף ארויס אויפ׳ן קאָזשאָל, ארויסגענומען די לייצען פון זיינע הענט:

— לאָז, כ׳וועל אראָבפאָהרען אין מארק אריין...

א זעלטענע גבורה האָט אין איהם געשטעקט; אז א פּאָר פערד האָבען נישט געקענט ארויסשלעפּען דעם וואָגען פון בלאָטע, האָט מען נאָר געברויכט א ווינק טון:

— משה ליפע!

אזוי האָט ער אונטערגעשפּארט דעם אקסעל אין א ברעג, עטוואָס פארקוועטשט די אויגען, און—העפּ! א הויבגעטון דעם וואָגען, און זיך דערביי גאָרנישט וועהגעטון, אז ר׳האָט אלעמען פאר׳חידוש׳ט:

— או־ווא! א יונג, א כח!

דער יונג האָט געקריגן געהרג׳עט, געשלאָגען, פאַר־שטעהט זיך — אויף א געלעכטער׳ל, ווען חברה בעל־עגלה׳ס זענען געווען אויפגעלעגט, בשמחה׳דיג, און זיך אומגעוואָרפען מיט איהם פון דאנעט — א ציפ, פון דאָרט — א קלאפ, דאָ — א באָכע, און אלע מיט׳ן אייגענעם פזמון:

— זעהסטו, משה ליפע — געוואָרען א לייט! זיך געריכט?.. געמיינט ס׳וועט בלייבען א דר׳ערד־ליגער!..

ביז ער פלעגט קוים ארויס א לעבעדיגער פון אונטער זייערע הענט, אנטלויפען פון רעסטאָראַציע, און זיך אוועק־שטעלען הארט ביים סלופ, וואָס מיט דער שווארצער טאבליצע, און אזוי שטעהן ווי א דראָנג, קוקען — א תם, נישט רעדען א שעה קיין וואָרט...

ס׳גרעסטע פארגעניגען פון די בעל־עגלות, איז געווען מיט איהם א טשעפע צו טון, און דאָ פלעגט זיך באלד ווער צוקלעבען צו איהם:

— משה ליפע, דעם גלח׳ס שיקסע וויל דיך פאר א חתן! ער שוויגט.

— משה ליפע, אויף בעזעם ריטעל׳ס טאָכטער בעשטעה־סטו?

ער ריהרט זיך נישט — א שטיין.

— משה ליפע. דעם גרע ער׳ס איינינקעל?

דאָס האָט איהם גערייצט, אָבער ער האָט נישט קיין מיגע געטון מיט׳ן אויג.

— משה ליפע, טו־טו־טו...

און איינער צוזינגט זיך:

משה ליפע, משה ליפע,

אוי גוואלד, משה דו...

דאָ שפירט זיך, ווי ס׳הויבט עפּיס אָן ציטערען ביי איהם: די אויגען — זיך צו דרעהען די פינגער — אויסצו־קרימען, עס פיינינגט איהם שוין מסתמא געפעהרליך; ס׳נעמט עפּיס זידען פונקט ווי אין א טשייניק וואסער, איידער ער הויבט־אָן קאָכען; און ס׳איז זיך צו ריכטען: ער זאָל זיך

געבען א וואָרף איבער ווען, דערלאנגען א טויט-קלאפּ, און נישט פארשטעהן זיך. ס'איז א געלעכטער, — ווי עס דערלאנגט איהם דאָ עמיץ א ברען איבער די פּלייצע:

— וואָס שטעהסטו, חוש? פאָהר אראָב מיט'ן וואָגען אין "סטאוו" אריין!

און די אויגען נעמען גלאָצען איבער א רגע, — ער זיצט שוין אויפ'ן וואָגען. — ניי-געבוירען, אָבגעווישט נ'כעס מיט א גלעט, און פאָכעט שוין מיט דער בייטש אין לופטען:

— ווי — אָ!

די בעלי-עגלות קיכען אונטער איהם, ווערען צעפּלאצט פאר געלעכטער:

— נא דיר, א חיה, מ'זאָל איהם נישט פארבלענדען די אויגען מיט א וואָגען און א פּאָר פערד — וואָלט ער ווען איינגעשלינגען, אויפגעפרעסען מיט די קאָפּיטעס...

און נאָכא'עמען האָט ער געווארוועט ווי א הונט, קיין נעץ האָט איהם נישט אראָבגעטריבען, די קעלט — נישט פאריאָגט, זיין לעבען איז געווען די ראָגאטקע, א פּאָר לייצען, און האָט ער א מאָל אָנגעטריבען א ליידיגען וואָגען איבער'ן שטעדטעל, אז מ'פלעגט איהם פארשעלטען די ביינער:

— משה ליפּע, ער וועט א מאָל ווען איבערפאָהרען אויפ'ס טויט, א נישט — אליין אראָבפאלען און צעברעכען ס'געניק אונטער איהם...

---

און געטראָפען האָט, ער איז פּלוצלינג און אומגעריכט אויפגעריכט געוואָרען מיט א וואָגען און א פּאָר פערד, געוואָרען א יושב-ראש אויף דער קאָזלע, — אין א פרייטאָג פארנאכט, דער יונג איז געשטאנען און אָבגעווארט שמואל אריה'ן, וואָס האָט געברויכט אָנטרייבען א היים צו ליכט-צינדען, — ער זאָל פאַרפאָהרען מיט'ן וואָגען אין הויף אריין, אויסשפאנען ס'פערד, און אוועקשטעלען אין סטייניע — ווי ס'האָט איהם אָנגעכאפּט א סאָלדאט פאר'ן גאָרגעל, און פארפאָהרען א ברען אין קארק — טשעהאָ סטאָישי? זיך אויף, אויב דו קענסט נעמע

א פּאָר לייצען אין האנט אריין, טאָ שטעה נישט, נאָר פאָהר:

זיינע אויגען זענען איבער א רגע געוואָרען גרויס, און באלד גענומען גלאנצען; ער האָט זיך א וואָרף געטון אויפ׳ן וואָגען, משה ליפע, און כאָטש ר׳האָט נישט געוואוסט נאָך וואָס ס׳געשיהט דאָ מיט איהם, האָט ער שוין אויסגעקנאלט מיט דער בייטש:

— ווי — אָ!

אז ס׳האָט געפלאטערט; א פּאָר פערד האָט ער געהאט אין שפאן — לייבען, וואָס מ׳האָט נאָר געברויכט א שמיצעל־טון, זענען זיי שוין ארויס פון די כלים, און צעטראָגען ב׳וואָגען אין דער לופטען...

צווישען די אָבאָזניקעס איז ער געוואָרען אנ׳אייגענער; ער האָט ארויסגעקריגען א פּאָר זעלנערישע הויזען, א סאָל־דאטסקע יופּקע מיט א הויכע ווייסע „פּאָפּאכע״, געוואָרען „אנ׳אָבאָזניק״ פון דער העלער הויט מיט א וואָגען און א פּאָר פערד...

סאָלדאטען פלעגען זיך ארומשטעלען קוקען ווי דער יונג זיפּט די טרפה׳נה „יושקע״, פרעסט אויפזועצנדיג די סאָלדאטסקע קאשע, און איהם נישט פארגינען; און פונקט אזוי אייגען ווי די בעלי־עגלות—דערקענט אין איהם דעם שטיק נאר, די טומפּקייט זיינע, — און ליב־געהאט א טשעפּע־טון איהם, ווער מיט א שטופּ, ווער מיט א שטורקע, אז דער לעפּעל פלעגט זיך איהם אָנשטויסען א מאָל אין געמבע, א מאָל — אין באק, אין נאָז.

ער האָט נאָר געבורטשעט...

און זיי האָבען געלאכט:

— דאָס האָט עפּיס א קישקע אָהן א דנאָ...

— ס׳א־חיה, נישט קיין מענש...

— מאָדליעט זיך נישט, און קרעשציעט זיך נישט...

פון רעדען האָט מען גאָרנישט געקענט ארויסקריגען ביי איהם, און אָבגעשמועסט צווישען זיך:

— מ׳וועט זיך אמאָל ברויכען נעמען צו איהם אויף כח,

און זעהן אויב ער איז אַ יוד?..

אָבער איטליכעס מאָל, ווען ס'האָט נעהאלטען דערביי, און ער האָט אָנגעהויבען צו בורטשען—האָבען זיך אלע אָבגע־רוקט פאר זיין פינסטערע גבורה, וואָס האָט זיך געשפּארט פון איהם—און באלד אויסגעשפּיגען:

— טפו, ס'א מאלפע!.. דער רוח ווייסט איהם...

דער סטארשי פון „אָבאָז", א פראפּאָרשטשיק, האָט איהם ליב געהאט ס'לעבען, געקלאפּט ביי א געלעגענהייט זיין פלייצע און געריהמט:

— אז פון גאנצען „אָבאָז" האָט ער איינעם; און ווען ער זאָל ווערען אריינטרעטען אויף „סלוזשבע" וואָלט ער איהם צוגעשטעלט צום ראפּאָרט: ער זאָל קריגען א בענדעל;

דאָס האָט אזוי נעדויערט צייטען; משה ליפּע האָט נישט געדענקט באלד מעהר אין ישוב וואָס ר'האָט געלאָזען ערגיץ שטעקען אונטער זיך, און וואו מ'האָט זיך אוודאי געטראכט איבער איהם:

— ער איז ערגיץ פאַרפאלען געוואָרען אין דר'ערד אריין, און וועט שוין מעהר קיין תחית־המתים נישט אויפשטעהן...

ער איז געפאָהרען מיט'ן וואָגען הין־און־צוריק, צוגע־פיהרט זיך מעהל, גרויפּען, און זיין פנים האָט אלץ מאָדנע געלויכטען, זיצענדיג אויף דער ערד, צווישען די „אָבאָזניקעס" אין די שווערע פעלצען, ווייסע הויכע „פּאָפּאָכעס"—צולעגט א פייער אָרום, און זיך אויפגעטייעט די ביינער.

אזוי לאנג—ביז ס'האָט איהם עפּיס אָנגעשפּארט אונטער'ן האַרץ, זיך אָבגעריסען, ס'פנים אָבגעלאָשען. איבערגעקעהרט וואָס אין מח, עפּיס וואָס א קאפּוירגעקומען—דוכט זיך: לייביש־פסח, שמואל אריה, די ראָגאטקע, דער „וויאָרסט", און מיט יעדען טאָג איהם אלץ מעהר געגומען פייניגען.

— העי? ס'ארא פּאָהרען איז עס ביי איהם? וואו שלעפּט ער זיך דאָס אום אין אל־די־רוחות?

ער איז געזעסען אויפ'ן וואָגען, וועלכען די פערד האָ־בען פויל און נאכלעסיג געשלעפּט.—ער האָט אינגאנצען אָב־

געלאָזען די לייצען, זיך פארטראכט,—אזוי האָט זיך איהם אויס־געדוכט, ווי שמואל אריה שטורקעט איהם:

— א סוף, משה ליפע, ריהר מיט'ן וואָגען, ס'איז פריי־טאָג פארנאכט, באלד ליכטצינדען, אָבאָל!

און ער האָט זיך אויפגעכאפט; עפּיס גע'תּם'עלט, געפּינ־טעלט מיט די גאלעס, זיך אַרומגעקוקט—צי מ'זעהט נישט אין ערגיץ שמואל אריה'ן, און דערשמעקט טאקי: ס'איז פרייטאָג צו־נאכט'ס, ערגיץ אין א קליין שטעדטעל; און באלד, ווי מ'האָט זיך נאָר אָבגעשטעלט ביים באהן לאָדענען, האָט ער אלע אי־בערגעלאָזען, נישט געפרעגט קיין שאלות, און זיך געלאָזט געהן אהיים.

ער איז געגאַנגען אין א זייט פון שאָסע, איינער אליין, טיף פארטראכט, און וואָס טיפער ער איז אָבגעגאנגען—אלץ זעלטענער האָט ער ווּעמען אָנגעטראָפען; אין דער פינסטער־ניש האָבען די אייזערנע סלופעס פון די וויאָרסטען אויסגע־וויזען צו זיין פינסטערע פאָסטענס, וואָס שטעהען אויסגעשטעלט פאר א שמירה איבער דער גאנצער לענג פון וועג.

הארט אונטער'ן וועלדעל איז איהם געקומען אויפ'ן פנים אַ סאָלדאט, שווער אָנגעפּעלצעט, מיט א הויכע אָבשרעקענדע „פאָפאַכע" איבער די אויערען אראָבגעשלעפּט, און איהם אָב־געשטעלט מיט א בייזען געשריי:

— סטאוי!

אריינגעקוקט אין פנים, אדורכגעשטאָכען מיט'ן בליק, און ביסטרע געפרעגט:

— שפיאָן? וואו האָסטו געוואָלט געהן?

משה ליפע האָט געוואוסט פון זיין הענט־און־פיס צוזאָ־גען; געקוקט מיט די גאַלעס, און ענדליך געזאָגט:

— אַהיים!

אזוי האָט דער סאָלדאט געפּיפען,-פון ערגיץ איז אָנגע־קומען א רייטער אויף א פערד צו רייטען, און האָבען זיך ביידע איבער איהם צורעדט.

דער רייטער האָט אינמיטען עטליכע מאָל אויפגעהויבען

נ'קאָפּ, ווי ר'וואָלט איהם ערשט גוט באטראכֿט און באוואונ־ דערט, געמלאַסקעט שטיל מיט די ליפּען: „וואָס סקאטינע?"—א געשריי־געטון:

— קום מיט!

אזוי איז ער מיטגעגאנגען ביי דער זייט פון פערד, ביז צו א „פונקט"; דאָ איז ארויסגעקומען עפּיס א מענש אין אפּאָר שווארצע אויסגעפּלעטע הויזען מיט א קנייטש, איבער די שיך אראָבגעלאָזט, און אָהן א ראָק, ס'ווייסע העמד—בלאנק; דער דאָזיגער פארשוין האָט עפּיס געבורטשעט, מעהר געפּאָנפּעט ווי גערעדט, און דאָס מין רעדען האָט שוין נישט געהאט דעם אייגענעם כאראקטער וואָס פריהער, צווישען רייטער מיט'ן סאָלדאט; דער רייטער איז געזעסען שטייף אויפ'ן פערד, אזוי ווי ס'קומט פאר א מענש מיט א העכערן „טשין", און אלץ איגאיינעם אָבגעענטפערט:

— „טאק טאָטשנאָ, וואשע וויסאָקאָראָדיע"!

ווידער האָט דער מענש מיט'ן העכערען „טשין" איהם ארייגעקוקט אין פּנים, פונקט אזוי אייגען, ווי יענער סאָל־ דאט, וואָס האָט איהם פארהאלטען, און מיט א פּיל־שטארקערן באָסט, קען זיין, ווייל מ'האָט איהם אויפגעוועקט—א געשריי־ געטון:

— שפּיאָן?

און פארזאָגט:

— מ'זאָל איהם אָבשיקען אין שטאָדט אריין...

---

קעגען טאָג האָט מען איהם געטריבען צוריק; צונויפגע־ פּאָרט מיט נאָך אַנדערע צוויי „פלעניקעס" איגאיינעם; איינער: אַ באָשניאַק, אַ לאַנגער אויסגעצויגענער נפש, אָהן אַ פּיצעל הויט אויפ'ן לייב, אַ סעמיטיש פּנים, מיט אַ קליין היטעלע אויפ'ן שפּיץ־קאָפּ; און דער אַנדערער: אַ סערב מיט אַ פארלע־ גען פּנים...

זיי האָבען זיך געשלעפּט זאַלבעפירט איבער'ן אייגענעם שאָסע,—צעשלעפּט, און גאָרנישט קרעמפּירט זיך; ער, משה לי־

פע, האָט זיך בעהאַלטען געטריי מיט'ן עטאַפּ, און נישט אָב־געווענדט ס'אויג פונ'ם סאָלדאַט וואָס האָט זיי געפיהרט; דאָס סאָל„דאַטשיקעל,—אַנ'אלט באוואקסען פויערל, וואָס האָט אינ'ם „סטרוי„ נישט געטויגט, האָט זיך קנאַפּ־וואָס אומגעקוקט אויף זיינע „מענשען“, טויט־הונגעריג, אַ דורכגעפרוירען—איז ער געלאָפּען פאָר־אויס, געטאָפּטשעט מיט די אויסגעקאַשליוועטע שיך, און גע־לאָזעןביידע פלעניקעס אַ שטיק אונטער זיך, וועלכע האָבען איהם נאָכגעצויגען ווי די הינטלעך; אויפ'ן באָשניאַק איז גע־ווען אַ ביטער רחמנות, ער האָט געציטערט פאַר קעלט, נישט געווען צוגעוואוינט גאָר צו די פוילע וועטערען, און דער סערב האָט זיך אַלץ איינאיינעם געריבען ס'באוואַקסענע פּנים, און געבעטעלט ביי די אָנטרייבער פון די וועגענער, אָבאָזען:

— ברעקליך ברויט:

משה ליפּע איז געווען צעבראָכען; ער האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס, און זיך אלע מאָל צוגעזעצט אָברו־הען; באַלד זיך אויפגעכאַפּט,—ווייל דער עטאַפּ איז פון איהם אַוועקגעגאַנגען, און געברויכט איהם נאָכיאָגען איבער'ן באַרג אַריבער, אַראָבשרייענדיג:

— הע, הע! שטעהט א ווייליקנע, און וואַרט דאָרט און־טער אויף מיר!..

און נישט דער זעלנער מיט דער ביקס, און נישט דער יונג—האָבען ביידע נישט געוואוסט:

— אַז ער איז נישט ס'אייגענע וואָס אַ „פלעניק“, נאָר אַ באזונדערער אַרעשטאַנט וואָס מ'ברויך זיך מיט איהם בא־זונדער אומגעהן...

דער יונג האָט זיך דאָס נישט משער געווען; אין זיין פינסטערן מוח האָט זיך נישט אַריינגעריסען אַ פונק שכל, די גרויס ווי אַ פלעמעל פון אַ גראָשענדיג ליכטעל, אַז ער זאָל פארשטעהן:

— ס'איז גלייכער פאַר איהם, לכל האופנים—ער זאָל אָבשטעהן פון עטאַפּ, אינגאַנצען בלייבען אונטערשטעליג...

ערשט אין שטאָדט האָט מען איהם אויסגעטיילט; ביידע

„פלעניקעס" אָבגעשיקט אין אַ באַראַק, און איהם אַריינגעוואָר־
פען אין תפיסה.

ער איז געבליבען שטעהן פאַר׳תּמ׳ט, און געקוקט מיט
די אויגען:

— הע, פאַרוואָס דאָס אַזוי?

ס׳איז געווען אַ שמוציגער, ברודיגער קאַמער, — אַ חזרים־
שטאַל; אָנגעפּאַקט מיט אָבגעריסענע, אָבגעשליסענע סאָלדאַטען,
דעזערטערען, מורדים, וועלכע זענען געזעסען צוזאַמענגעקוועטשט
ווי היהנער אין אַ שטייג, און עפּעס געשאָלטען, זיך געקלאָגט,
אויסגערעדט אויף די אָפיצירען מיט די גענעראַלען — אסור
לדבר, וואָס איז אין דער קאָרט נישטאָ...

די קישקעס האָבען איהר געשפּילט אַ מאַרש, און ער
האָט זיך צוגעכאַפּט מיטביידע הענט צום קעסעלע „יוזשקע",
געזיפּט מיט אַזאַ חשק ס׳הייסע וואַסער מיט די גרויפּען, פּונקט
ווי איינער וואָס שנאָרכט פון מיטען שלאָף אַרויס.

עטליכע סאָלדאַטען האָבען זיך אַרום איהם אַרומגעשטעלט,
און געפּרובט זיך עפּעס דערגעהן פון איהם, סתּם פאַר ניי־
גיריגקייט:

— ס׳אַראַ פּולק?

— נישט קיין פּולק.

— אַנ׳אַנטלאָפענער?

— ניין.

— און פאַרוואָס האָט מען דיך אַהערגעבראַכט?

ער ווייסט נישט.

איינער, וואָס זיין צורה האָט איהם פון לכתחילה נישט
געפאָלען, האָט זיך אָבגערופען:

— ס׳אַ שטיק חוש, דער רוח ווייסט איהם, אין דער
דאָזיגער מלחמה ריכטען זיך אַלע משוגעים און פאַרנאַרטע
אוי אַ וויסטען סוף...

אַנ׳אלטיטשקער, וואָס האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט זיין
בן־יחיד אַהער, אזש פון פּאָלטאַווער גובערניע, מיט אַ גרויס־
אָפיצירסקע היטעל, וואָס איז איהם אַראָבגעפאַלען איבער די

אויגען, האָט זיך אין איהם שטאַרק פאַראינטערעסירט:
— עך, טי, גאָלובטשיק, וואו האָט מען דיך צוגענומען?
— אויפ׳ן וועג.
— וואָס האָסטו געטון אויפ׳ן וועג?
— כ׳האָב געוואָלט געהן אַהיים.
— וואו שטעקט דיין היים?
— אָט-אָ, נישט ווייט, עטליכע מייל, מ׳געהט גלייך אַוועק מיט׳ן שאָסע.
— כ׳קען נישט דאָ די וועגען. האָט זיך דער אַלטער פאַרטראַכט, און געפרעגט ביי אַנדערע—וואָס איז דאָס אַזעלכעס אויף דעם שאָסע, וואו דער יונג האָט געוואָלט געהן?
און באַקומען אַ תשובה:
— דער פראָנט.
אַזוי האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, דער אַלטיטשקער:
— ווי?... אַדורכגעהן דעם פראָנט האָסטו געוואָלט, אוי, ברודערל, נישט גוט מיט דיר!.. גאָר נישט גוט... צו וואָס האָסטו עס געוואָלט?..
די רעשט סאָלדאַטען האָבען זיך שוין מיאש געווען פון איהם:
— ס׳אַ זיכערע זאַך, ער וועט קריגען ס׳שטריקעל!..
נאָר זיין גראָבער קאָפּ האָט אַלץ נישט אויסגעטראָגען, וואָס ער האָט דאָ אָבגעטון פאַר אַ מעשה רע, מ׳זאָל מיט איהם וועלען מאַכען אַזאַ געשריי?..

---

פאַר׳ן סאָנד, וואו מ׳האָט איהם געשטעלט, האָט ער זיך געהאַלטען, אין-לי:
— ר׳האָט געוואָלט געהן אַהיים!
זיין משפט איז געווען אין תפיסה, אויף דער נאַכט, אין אַ קליין ענג שטיבעל, אין איילעניש; עטליכע אָפיצירען זענען געזעסען אַרום׳ן טיש,—אויף וועלכען ס׳האָט געברענט אַ נאַפט-לאָמפ מיט אַ טונקעל גרינע אַבאַזשור, צוליב וואָס די

פנים׳ער ביי אַלע זענען אויסגעקומען זעהר שאַרף, נאָך מעהר שאַרפער ווי אין די ווירקליכקייט...

איינער האָט זיך עפּעס געוויגט, אַזוי ווי שכּור׳לעך,– און באשטימט נישט געהערט די קולות, וואָס אַ צווייטער ווידער, האָט זיך אָבגעריסען אויף איהם:

– זאָג, צי וואָס ד׳האָסט געוואָלט דאָרטען געהן!

ער האָט געקוקט ווי אַנ׳אָקס, און זיך אָבגערופען ערשט דענסטמאָל ווען מ׳האָט אויף איהם געטופּעט מיט די פיס– אָבער גאַנץ קאַלטבלוטיג, ווי ער וואָלט נישט פארשטאַנען די סכּנה.

– כ׳האָב געוואָלט געהן אַהיים.

– געדענק, אַז דו וועסט נישט רעדען, וועט מיט דיר נישט גוט זיין!..–האָט מען איהם געוואָרנט.

און אויף זיין פּנים האָט זיך גאָרנישט געביטען פון סטראַשאַק, עס איז געבליבען פארגליווערט, נישט מעהר–וואָס אין זיין קאָפּ איז עפּעס געבליבען שטעקען אַ געדאַנק, גאַנץ צופעליג–אַזוי ווי אַ נאָדעל.

– אַז ס׳מוז דאָ עפּעס זיין אַ טעות מיט איהם; אַ געפעהרליכער טעות!

און ווען ער וואָלט געקענט רעדען, געהאַט אַ מויל–זייער אויפגעוויזען:

– אז ער איז ארונטערגעפאַלען אונטער אַ טעות, און אז ס׳איז גאָרנישט ער, און נישט דאָס–וואָס זיי מיינען.

אין זיין מח האָט זיך ערשט אציננד גענומען עפּעס ריהרען, ווי אויף אַנ׳אָבגעשטאַנענעם טייך; ס׳האַרץ האָט זיך געוויגט, די אויגען–געדרעהט, ס׳האָט זיך אָנגעצונדען אַ פייערל, ווי אַ שפּילקע-קעפּעל די גרויס, און ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין ב׳קיין-אופן:

– אַזאַ פארשטאָפּטער מח?.. כ׳וואָלט געוואוסט, מ׳וועט מאַכען מיט איהם אַזאַ גערודער, וואָס האָט ער זיך געהאַט אָנצוזאָגען דאָס זעלנער׳ל מיט דער ביקס? נישט גלייכער: ער וואָלט געווען אַוועקגעגאַנגען? ס׳האָט איהם עמיץ צוגעהאַלטען?

אַפילו שפּעטער, ווען זיי האָבען זיך אויפגעטייעט אין דער „טשייניע״,—האָט זיך עמיץ אומגעקוקט אויף איהם?

איין אָפיציר וואָס האָט עפּיס געפונען אַ חשד אין איהם, קוקענדיג אויף זיין שטומפּ פּנים,—האָט איהם אַ קאַפּויר־געהויבען ב׳קאָפּ ביי דער גאָמבע, אַוועקגעמאַכט די אונטער־שטע לעפּלעך פון די אויגען און געפרעגט:

— דו ביסט נישט אַ מאָל קראַנק געווען?

האָט ער געהויבען מיט די אַקסלען:

— ער געדענקט נישט.

מ׳האָט זיך לאַנג נישט מעהר מיט איהם געפּאָרעט, און אַרויסגעזאָגט דעם פּסק:

— ער איז פארמשפּט צום טויט דורך הענגען...

אַזוי האָט ער גענומען בורטשען, רייסען די קלאַקעס, גלאָצען מיט די גאַלעס, און זיך צעשריגען ביטער:

— נו, ס׳איז שוין נישטאָ קיינער וואָס זאָל זיי אויפ־קלעהרען דעם טעות, אַז ער האָט בלויז געוואָלט געהן אַ היים?

---

דער יונג האָט שרעקליך געליטען. די ווייסלען פון זיי־נע אויגען זענען געוואָרען געל ווי געשלאָגענער וואַקס; די האָר האָבען זיך געהאַלטען פייכט אויפ׳ן שטערן, אַזוי ווי ביי אַ קראַנקען.

ער האָט אויפגעהערט מיט דער ערשטער מינוט צו שלאָפען, געוואָרען אַ שטיק תּם, אַ גולם, זיך צוגעשאַרט אין אַ ווינקעלע, און געקוקט איטליכען אין די אויגען, געוואָרען ווייך, שטאַרק בארעדעוודיג:

— טאַקי הענגען, ווי זאָגט איהר—הענגען?

מ׳האָט איהם גע׳עצה׳ט:

— אָנצושרייבען אַ בקשה צום קייזער...

אָבער אַנדערע האָבען דערפון אויך נישט געהאַלטען:

ווייל ביז ס׳וועט אָנקומען—האָ־האָ! וועט זיך דער יונג שוין לאַנג האָבען אויסגעלייכט!

אין מח איז איהם געווען שטאַרק ענג, ער איז געוואָ־

רען גרויס, דריי מאָל אַזוי גרויס ווי געווענליך, און שרעקליך שווער צו דערהאַלטען אויפ׳ן קאַרג; מיט אַ מאָל זיך געמאַכט לעבעדיג, געוואָרען פרעהליך, געכאַפּט עסען פון קעסעלע, און באַלד געגומען ברעכען מיט דער גרינער גאַל.

דאָ ווידער זיך אַראָבגעלעגט אין אַ ווינקעלע, צוזאַמענ־געדרעהט ווי אַ חולה׳וואַטער הונט, צוגעמרוזשעט מיט די אויגען, שווער געצויגען נ׳אָטעם, געפרייכט, און ביי איטליכען סקריפ פון דער טיר—געגומען פלאַטערען, זענען זיינע אויגען געוואָרען גרויס און גרין, און ס׳האָט זיך איהם אָבגעריסען אַ שטיק האַרץ:

— אויב מ׳קומט, איהם שוין נישט צונעמען פון דער קאַמער?

ער איז, קוקענדיג, געוואָרען אויס מענש, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט; דער קאָפּ האָט איהם געברענט, געגליהט, און ער איז אַזוי אָבגעלעגען אין צרות אַ צייט, אַז ר׳האָט שוין גאָר נישט געהערט ווי די טיר האָט זיך באמת אויפגעמאַכט, מ׳איז געקומען נאָך איהם, און אָנגערופען ביים נאָמען:

— משה ליפּע!

ער האָט אַ ציטער געטון, זיך גלייכגעשטעלט, אַלץ זיך נישט צוגעגלויבט—מ׳וועט איהם פיהרען הענגען, און געווען גרייט צו הערען פון זייער מויל:

— מ׳איז דיר געקומען זאָגען: מ׳האָט אין דיר אַ טעות געהאַט!

אָבער אַזוי ווי זיי האָבען איהם געהייסען מיטגעהן, האָט זיך דער כח הדם אין איהם צעשפּילט, די פינסטערע גבורה—אָנגערופען, און זיך איינגעבויגען ווי אַ ווילדער אָקס גרייט צו שטויסען מיט די הערנער, געבורטשעט;

— פאַרוואָס ווילט איהר נישט וויסען, אַז ס׳איז אַ טעות, כ׳האָב בלויז געוואָלט געהן אַ היים

אַ קליין הייפעלע מענשען האָט זיך געשלעפּט צום וועל־דעל, וואָס איז געווען ליכטיג פון דער זון, וועלכע איז דאָר־טען אונטערגעגאַנגען און האָט דעם בלאָהען וואַלד אויסגעטיילט אין איינציגע באַזונדערע בוימער.

די מענשען, אַז זיי זענען אַריינגעקומען אַהין, האָבען זיי זיך צעשפּרייט אויף דער האָריגער ערד, צעלעגט אָברוהען, פּשוט: געפאלען פאַר מידעקייט פון די פיס... נאָר איינער, אַ יונגער מענש מיט אַ פרוי, וועלכע האָבען זיך פריהער נאָך נאָכגעשלעפּט אין אַ זייט פונ׳ם עולם, דאָ שפּעטער אָנגעקומען,— האָבען זיך אויך באַזונדער אין אַ ווינקעלע זייער געלעגער געבעט.

ס׳איז באַלד געוואָרען טונקלער, ס׳הייפעלע מענשען האָט זיך איינגעטוליעט אין די שמאַטעס, די ווייבער האָבען מיט מורא די זויג־קינדער צו זייערע ברוסטען געשטיקט, און מיט אויסגעוויינטע פּנים׳ער, שטילע שלוכצען זיך איבערגעגעבען אויף הפקר צו דער נאַכט, וועלכע איז אָנגעקומען פון אַרום מיט ריזיגע טריט...

דער וואַלד האָט זיך דאַן ווי עפּיס צוזאַמענגענומען, ערטערווייז זיך פאַרצויגען מיט אַ בלענדיג־רויטען אָבשיין אַזוי ווי פון אַ שריפה; די סאָסנעס האָבען געפלאַמט מיט זייערע הויכע קרענזשעוואַטע קעפּ, וואָס זענען געווען ווילד־צעבאַרשט, אַזוי ווי ביי רויהע נישט אויסגעשלאָפענע ציגיינערשע מייד־

לעך.

ס'איז געוואָרען גוט פינסטער, אַזוי האָט זיך געלאָזט הערען אַ שטיל כראָפּען; דאָס קיפּקעלע מענשען האָט זיך פאַר־לוירען, אַ שטיק־אויסגעמישט מיט דער פינסטערניש, און אויס־געזעהן ווי עפּיס אַ בינטעל איינגעווייד, וועלכעס מ'האָט אַרויס־גענומען ביי אַ בהמה נאָכ'ן שעכטען, און היינט האָבען עס אַרומגריזשענדיג פאַרשלעפּט, אויף הפקר געלאָזען.

אויפגעלעגען, וואַכענדיג, און מיט אַ צעגליהטען קאָפּ איז געלעגען דער יונגער מענש; ער האָט עפּיס אַזוי ווי צוגע־האַלטען די יונגע פרוי, וואָס איז איהם געלעגען איבער'ן שויס, געטוליעט זיך ווי אַ קינדעלע, עפּיס שטיל געפּישטשעט און דראָבנע געציטערט.

דער מאַן האָט אַלע וויילע אויפגעמאַכט די אויגען, וואָס זענען געוועזן געדיכט שוואַרץ, און געפרעגט ביי איהר:

— טאָליע, ס'איז דיר קאַלט?

די פרוי האָט קיין איינציג מאָל נישט געענטפערט, נאָר עפּיס אַלצאיינאיינעם געשלונגען די שפּייעכטס, וואָס איז איהר געקומען אין מויל אַריין.

ער האָט נישט געוואוסט, אויב דאָס איז אַזוי פאַר קעלט, אָדער פאַר יסורים, און אומרוהיג געבלאָנדזשעט מיט'ן בליק— אַ מאָל אין דער טיפער געדיכטעניש, אַ מאָל אין איהר פנים, וואָס האָט אויסגעוויזען נאָך שוואַרצער צו זיין ווי די נאַכט.

ס'האָט איהם געגעבערט אין קאָפּ, געריסען, און שטיל אין־זיך באַקלאָגט זיין לאַגע, וואָס האָט זיך איהם געמאָלט אַזוי שרעקליך אין פינסטערע פאַרבען.

נאָך מיט אַ מעת לעת צוריק האָט שוין ס'אומגליק גע־האָנגען איבער זיין קאָפּ. נאָר ער האָט עס נישט געשפּירט; ס'לעבען האָט געהאָנגען אויף אַ האָר און איז קיין שאָס פול־ווער נישט ווערט געוועזן.

דאָס דונערען פון די האַרמאַטען, וואָס פלעגט זיין ענ־ליך צום ווייטען בילען פון הינט אויפ'ן דאָרף, האָט זיך מיט

איינמאָל אַזוי נאָנט צוגעריקט, און ס׳זענען ביקסען־שאָסען צוגעקומען פון דער העלער הויט, גראָד ווי די סאָלדאַטען וואָלטען זיך שוין געהאַט אין דרויסען אַרומגעגראָבען אונטער דער וואַנט.

נאָך פון פאַר דער לעצטער צייט, אַזוי ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבען צו ריהרען, האָט איהם שוין געצויגען אַוועק, צו פאַרלאָזען ס׳דאָרף, נאָר דער אָפיציר וואָס איז ביי זיי איינגעשטאַנען אויף „קוואַרטיר“—האָט אַלץ צוריקגעהאַלטען און אָבגעווענדט:

— זיי זאָלען נישט אַוועק, ווייל ס׳איז אַ שאָד ס׳רואינירען די שטוב, ס׳וועט נישט קומען דערצו...

און אַזוי ווי ער האָט זיך געזעגענט, דער אָפיציר, געדריקט די האַנט מיט אַ בלייכען פנים, קענטיג: ענטוישט פון זיין זיכערקייט, און געהויבען די פלייצעס ווי אַ קליין אומשולדיג יונגעלע:

— ס׳איז איבערנאַטירליך. קיינמאָל נישט געווען צו גלויבען...

אַזוי האָט שוין טאָליע, אין איילעניש אויפגעקליבען די וועש, מיט ציטערדיגע הענט זי געלעגט אין קאַסטען אַריין, און זיך געקלאָגט אויפ׳ן קול:

— אָה, פעליקס, כ׳ווייס נישט, ווי מ׳דערלעבט שוין אַרויסצוקומען פון דאָרף...

איהם, דעם מאַן, האָט עס אַליין צוגעדריקט, ער איז אַרומגעגאַנגען אָהן אַ קאָפּ, אָבער זיך אַלץ געסטאַרעט נישט אַרויסצווייזען זיין צעטראָגענקייט פאַר איהר, און זיך אַלץ נישט געקאָנט מוחל זיין:

— וואָס ר׳האָט געוואַרט ביז דער לעצטער רגע, אַז ער האָט שוין אַ ברירה געהאַט צו זיין מיט איהר ערגיץ העט־וויית...

ווען ס׳איז שוין אַלץ געווען גרייט, האָט זיך עפּיס אין דרויסען אויפגעהויבען אַ שרעקליכער טומעל; אַן׳אויסטערליש געשריי האָט זיך אַריינגעריסען אין מיטען שיסען, אַן׳אויסגע־

צוּיגען לאַנג קוויטשעדיג קול פון אַ פרוי, און דאָס האָט איהם אַ ווײלע אָבגעשטעלט אין מיטען גאַנג, און פאַרכאַפּט...

טאָליע איז צוגעפאַלען צו איהם, געגומען הפּאַזמירען. און אײדער ער האָט נאָך געקענט עפּיס באגרײפען, ז ; רעכט אויסמאָלען די שרעק,—אַזוי האָבען זיך שוין סאָלדאטען אַרײנגעריסען אין שטוב, מיט צעיורזשעטע, רציחה'דיגע פּנים'ער, און זיך געוואָרפען אויף איהם מיט שרעקליכע קולות.

אַ רגע איז ביי איהם אַלץ גלײך געווען, אָבער אַזוי ווי ער האָט געזעהן, דאָס אַנדערע שלעפען איהר, טאָליען,—האָט זיך איהם אָבגעריסען אַ שטיק האַרץ, און זיך באַלד גענומען צוריקהאַלטען פון זײערע הענט, שפּאַרען זיך, אזוי אײגען ווי אַ קעלבעל, וואָס מ'רײסט אַוועק פון דער מוטער...

זײנע אויגען האָבען זיך פאַרגרעסערט, די צײן—ענג צוזאַמענגעשלאָסען, טאָליע האָט זיך פארצווײפעלט געריסען, אַזוי ווי פון אַ געוויסער, וואָס איז איהר באפאַלען און אַרומגעכאַפּט פון אַלע זײטען—און אַלײן זיך גענומען רײסען מיט כח, אָבוועהרען זיך, פארהיטען טאָליע'ן, נאָר דאָ האָט איהם אײנער דערלאַנגט מיט דער אונטערשטער זײט פון דער ביקס איבער'ן קאָפּ,—אַז ער איז געפאַלען ווי אַ שטײן צו דער ערד.

אַ געלעכטער האָט זיך צו דער צײט געקולערט איבער דער שטוב, אַ שוואַרץ געדיכט געלעכטער האָט אין זיך פארשלונגען טאָליע'ס פארצווײפעלטע געשרײען, אָבער ער האָט איהר שוין קנאַפּ־וואָס געקענט העלפען,—אַ שוואַרצער תהום האָט זיך געהאַט אויפגעמאַכט פאַר איהם, איהם אַרײנגענומען אין זיך, און זיך צוגעמאַכט...

— — — — — — — — — —

אויפגעקומען—איז געווען נאַכט. פינסטער. אַ ווינט האָט געריסען,—אַ צוג־ווינט, די טיר איז געשטאַנען אָפען, ס'פענסטער—אויסגעהאַקט, שטיקער צעשפּליטערט גלאָז האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער ערד.

אין דרויסען האָבען געפלאַמט די הימלען. אָבגעריסענע שאָסען, דאָ־דאָרטען, אָבגעריסענע געשרײען, און די ליכטיגקייט

האָט געבלענדט איבער אַלעמען, אויף די ווייסע אָנגעבלאָזענע קישענס, וואָס זענען געווען צעוואָרפען איבער'ן שטוב, און איבער וועלכע ס'איז אַרומגעשווימען, אַזוי ווי אַ פלעק, טאָליע.
טאָליע.

דער קאָפּ-האָר צעשויבערט, ס'אָנטהועכץ צעריסען, ס'האַרץ אויפגעדעקט, און אויפ'ן פנים איז צעשמירט אַזאַ גרימאַס, פונקט ווי ביי אַמענש, וואָס מ'האָט איהם אויסגעשניטען אַ שטיק פון לייב, און הויבט ערשט-אָן אויפצוקומען פון שלאָף-געטראַנק, און באַנעמען די יסורים.

---

אַ שטיל נאָגענדיג געוויין פון אַ קליין קינד האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין פיינליכען שלאָף.

ער האָט אויפגעריסען די אויגען און אַריינגעקוקט אינ'ם גראָהען, עטוואָס-רויען טאָג. אויפ'ן הימעל זענען נאָך נישט געווען גאַנץ פארווישט די שפורען פון דער נאַכט, ס'האָט עפּיס געהאַלטען אין אַראָבריינען און פארלוירען געהן...

ס'הייפעלע מענשען איז שוין געהאַט געשטאַנען אויף די פיס, זיך געקליבען צו געהן...

אָבער ער האָט זיך אַלץ מורא געהאַט צו ריהרען, נישט געוואוסט, צי זי שלאָפט, טאָליע, אָדער זי איז אויף, ליגט סתם אַזוי; און ערשט נאָך א קליינע ווײַלע טראַכטען, זיך עפּיס אַזוי ווי איינגעשטעלט איבערצופרעגען:

— טאָליע, אפשר ביסטו אויף, וואָלט מען געגאַנ-גען... ניין?

זי האָט לייכט אַוועקגעמאַכט די ברעמען פון די אויגען, זיך אַרומגעקוקט, שטיל געמורמעלט:

— טאָג... ליכטיגער טאָג... פעליקס, ווי לאַנג קען זיין פון נעכטען?

— ווי לאַנג קען זיין?–האָט ער געהויבען די אַקסלען.-דוכט זיך: זעהר לאַנג, זיך פארקליבען אין זכרון די צייט, דער שטח, אָבגעמעקט די שפורען...

— אָבגעמעקט די שפּורען, זאָגסטו, ניין, אַ טיפּער שלאַד געבליבען, פעליקס, אַ געפעהרליכער שלאַד...

און זי האָט זיך אַלץ נישט געריהרט פון אָרט, און ער האָט אויך נישט קיין דרייסט געהאַט איהר צו זאָגען:

— מ'זאָל געהן...

נאָר שטיל אַזוי געזונקען, פארלוירען זיך אין דער שוויי־גענדיגער, אָברוהענדער וועלט, וואָס האָט דאָרט אויפגעוואַכט צום לעבען אין דער ווייט, זיך געריסען צום לעבען, געשפּאַרט מיט יעדען בלעטעלע, צווייגעלע, גרעזעלע...

— די יודען זענען שוין אַוועקגעגאַנגען, טאָליע, מ'זע'מיר אַליין געבליבען, וואָלסט אפשר באשטאַנען ווייטער צו געהן?–האָט ער זיך אָנגערופען שוואַך, מיד, צעבראָכען...

אָבער זי האָט איינגעגראָבען ס'פּנים אין די הענט, זיך גע'עקשו'ט ווי אַ קינדעלע:

— וואָס טויגען מיר די יודען, פעליקס, כ'וואָלט באַ־שטאַנען דאָ צו בלייבען... דער וואַלד איז מיט אונז... אָט האָסטו בלעטלעך, גרעזלעך, אַ וועלט.,. וואָס ברויכסטו מעהר?

ער האָט גאָר נישט גערעדט, זיך געטוליעט צו איהר, געטראַכט:

— מיט צרות ווערט מען אַ קינד; ס'רעדט אַרויס פון איהר אַ קינדעלע, וואָס פון דער מאַמעס שירץ אַוועק...

אָבער טיף אין האַרץ דאָך געוואָלט איינזאַפּען אין זיך די יסורים, זיך זאַט עסען מיט זיי, זאַט עסען צום טויט...

אויף די צווייגען האָבען די פייגעלעך געזונגען, געפּיש־טשעט, און אונטען, האָט די פרוי אויף דער ערד ליגענדיג–די טרעהרען געשלונגען זיך זאַט געגעסען מיט זיי; ער האָט גאָר נישט געקענט רעדען נאָר שטומערהייט, און מיט אַ פּאַר־שלאָסענע קעהלביים פרישען אומגליק פון זיין ווייב–זיך אַ קריעה געריסען, אַ קריעה אין האַרץ, וועלכעס האָט זיך געצאַ־פּעלט ווי אַ קליין קייקעלע קאָכענדיג וואַסער אויף אַ הייסער אָנגעגליהטער בלאַך, און ס'ווערט איינגעשרומפּען...

די אויגען איהרע זענען פייכטליך אַרומגעשווימען, צוויי

גרויסע טיפע תהום׳ן האָבען זיך אויפגעעפענט, אָבגרונדלאָזע טיפעניִשען, וואו די יסורים זענען אָבגעשטאַנען ווי די היי־ווען אין אַ פלאַש מעטה, ווען ס׳האָט אויפגעהערט מוסירען; איהר הארץ האָט זיך געהויבען, לייכט און ריטמיש, איהר האַרץ האָט געזונגען, שטיל געזונגען ווי אַ טויב, ווי אַ פאר־שטיקט וואַסער׳ל, וואָס טראָגט גרויסע סודות אין בוזים...

און דער הימעל האָט זיך אַלץ מעהר געלייטערט, גע־וואַשען, אַלץ אַרום האָט געזונגען, געשפּילט, ס׳האָט זיך אין ערגיץ נישט געשפּירט קיין מיטגעפיהל צו זיין גרויס אומגליק, קיין רמז,—אַ בלעטעלע איז געפאַלען ערגיץ פון אַ ביימעל, זיך געוויגט, אַ וואָלקענדעל גע׳ישוב׳ט מיט גראָהע קנייטשען, אָבער נישט מעהר, קיין פינסטערניש האָט נישט צוגעדעקט די וועלט, אין קיין טרויער נישט איינגעהילט די בוימער, די בערגלעך; קיינער האָט נישט באוויינט זיין גרויס אומגליק, ווי דאָס וויב אַליין, וועלכע האָט פארשטעלט ס׳פנים מיטביידע הענט, און געקלאָגט:

— ווער וועט מיך אַצינד ריינוואַשען, מיין מאַן?

— — — — — — — — — — —

זי איז געגאַנגען טריט ביי טריט, אָנגעלנט אָנ׳ם מאַנ׳ס אַקסעל; דער וועג האָט זיך אַלץ געצויגען דורכ׳ן וואַלד. און ווען זיי זענען אַריבער דאָס בארגעל, אַזוי האָבען זיי פון אַ ווייטען מהלך דערזעהן די יודען געהן צעשלעפט פאָראויס... מיט יעדע שעה האָבען זיי מעהר געשפּירט די זון, וואָס האָט געברויכט אויפגעהן העכער, מיט די נאָדלען, וואָס זי האָט אַריינגעשטאָכען אין די בלעטער.

זיי האָבען גאָר נישט געשפּירט ווי דער וועג נעמט זיך אונטער זיי אויס—זיי האָבען קפיצת הדרך: און אַז מיט איט־ליכען באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָב—האָט זיך אַלץ נענטער צוגע־ריקט אַ שטאָדט צו זייערע פיס.

נאָכ׳ן האַלבען טאָג זענען זיי אָנגעקומען פאַר אַ כרך; טאָליע׳ס פנים איז געווען בלייך, זי האָט, קענטיג, שטאַרק געשראָקען; דאָס ציטערען אויף איהרע באַקען איז נעווען

שטאַרקער, מעהר דראָבנער, פונקט ווי דאָס נאָרמאַלע ציטערען פון אַ שפּינדעל אָן אַ זייגער...

זי האָט זיך אָנגעהאַלטען אָן איהם, עפּיס געמורמעלט מיט די ליפּען, און קוים־קוים אַריינגעגאַנגען אויף דער גאַס. גראָד ווי אַ מענש וואָס געהט אונטער'ן שנייד־מעסער, ווען מ'ברויך איהם אויסשניידען אַ געוואוקס פון בויך.

---

זיי האָבען זיך אָבגעזוכט מיט'ן ערשטען טאָג אַ שטוב ערגיץ אין אַ העק פון שטאָדט, אַ קליין ענג צימער'ל אונטער'ן דאַך—ביים שלאָגבאַהן פון אַ שאָסע, וועלכען עטליכע געטאָפּעלטע ליניעס האָבען אַ דורכגעשניטען.

דורכ'ן פענסטער'ל האָט זיך געזעהן דער פּלאַנט, וואָס האָט זיך אונטען אויסגעשפּרייט, רעלסען, ראַמפּעס, פאַרבּרענטע בנינים, און צווישען וועלכע ס'זענען געקראָכען מענשען, און מיט פּאַרטיגע, צוגעגרייטע און אָבגעשמיר'טע צייכענעס רעגולירט די אייזערנע וועגען, אָבגעהעקעלט, צעוואָרפען און צוגעשפּילט...

אין שטיבעל פּלעגט זיך זעהר שלעכט שלאָפען. דער שווערער אומרוה פון פּלאַנט, האָט זיך דאָ געוויגט, עפּיס העכער און שטאַרקער ווי ס'גערויש פון אַנ'אַלטען פּאַרצייטישען זייגער, ס'פּייפען פון די לאָקאָמאָטיוען, וואָס האָבען געשפּאַנט די וואַגאָנען, האָט שרעקליך געפּייניגט.

ער, דער מאַן, האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפונען. ס'האָט איהם געפּייניגט, איהר אומגליק, און נאָך מעהר אפשר וואָס זי, טאָליע, איז אַ צינד מיט איטליכען טאָג געוואָרען מעהר אויס מענש, און זיך אַזוי צום האַרץ גענומען, אַז ס'איז פון איהר געפאַלען שטיקער... ס'האָט נישט געפועלט קיין רעדען,—אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען אין גאַס, זיך געדרעהט צווישען די וועגען, אָבאָזען, וועלכע האָבען זיך געשלעפּט נאָכאַנאַנד אַריין און אַרויס פון שטאָדט.

די שטאָדט איז איהם געווען צו לאַסט, ווילד־פרעמד, ער האָט דאָ קיינעם נישט געהאַט, און זיך געפיהלט עלענד

ווי אַ שטיין, אויסער זיין קראַנק ווייב, וואָס האָט זיך גענייטיגט אין אַ הילף.

די מויערען, די גאַסען, זיי האָבען איהם צוגעהאַלטען אַ גאַנצען געהענדיגען טאָג; און האָט זיך גערדרעהט, סתם, ווי-לענלאָז, פון גאָר ניט באַהערשט און באַאיינפלוסט, נאָר מיט עפּיס אַ מאָדנע ביטערע שרעק פאַר זיין היים, אַריינצוקומען אין איהר...

ער האָט געטראָגען ס'אומגליק טיף ביי זיך אין האַרץ, נישט געזוכט קיין בעשייד אין די אויגען פון פאַרבייגעהער, נישט געפּאָרשט, נאָר רוהיג, און אפשר באַלד צו רוהיג פאַר-שטופּט זיין וועהטאָג אין אַ ווינקעלע, און געשלונגען אַזוי די טעג, וואָכען, חדשים,—געשלונגען און אויסגעשפּיגען.

אויף זיין פּנים איז די ווייכקייט געוואָרען געסטאָיעט, מיט פאַלדען פאַרצויגען, גראָד ווי אַ פעלץ אויף די מילך, ווען מ'נעמט איהר אַראָב פון אויווען נאָכ'ן אויפקאָכען זיך, און הויבט זיך נאָר-וואָס-אָן אָבצוקיהלען; ער איז סתם געוואָ-רען אָבגעלאָזען, פויל, נאָכלעסיג, באַוואַקסען,—אַ פינסטערע בריאה, אַ פאַרוואָגעלטע, וואָס האָט געגנצליך די מנוחה פאַר-לוירען.

זיין פּנים איז געווען אַ שרעקליכער מסור, אָבער עס האָט נישט געהאַט פאַר וועמען איהם צו מסור'ן; די קאַלטע שטיינער פון ברוק, די חושכ'דיגע מויערען, אָדער די פרעמ-דע מענשען, האָבען ווענינ-וואָס איהם מיטגעפיהלט זיין האַרץ, וואָס איז צעריסען, פּשוט—ווי אַ צעריסען בגד...

ס'האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט געפונען קיין מענש, וואָס זאָל איהם אָבשטעלען, אַראָבלייענען פון פּנים זיין בראָך, איהם אַריינקוקען טיף אין די אויגען, און פרעגען:

— מענש, ווער ביסטו, וואָס דו טראָגסט די שטורמען פון דער גאַנצער וועלט ביי זיך אין האַרץ? אָבער גאָר,—ס'אַראַ מדבר ליגט דאָרט אויסגעשפּרייט?..

נאָר גיכער האָט איהם עמיץ, ווען ער האָט זיך אַ רגע לענגער אָבגעשטעלט אויפ'ן ראָג פון אַ גאַס,—אַ שטופּ-געטון

בייז, און זיך פאַרקרומט:

וואָס שטעהט איהר אַ גאַפ, און קוקט אויס נאַראָנים אויף די וועגען? ס'איז נישט קיין אָרט צו שטעהן און פאַר־שטעלען מענשען אַ וועג, וואָס די ערד ברענט זיי אונטער די פיס...

---

ס'איז מאָדנע און אַזוי וואונדערליך, אַז פון וואָס דער מענש אַנטלויפט, דאָס מיידט איהם נישט; זאָל ער זיך אויס־באַהאַלטען בחדרי־חדרים, אויסדרעהען מיט טויזענט וועגען, אונטערוועגלעך, אַוועק איבער ימים, ווען־נישט־ווען וועט עס איהם צו־האַנדען קומען, פלוצלינג, און אומגעריכט, פון הימעל אַראָב...

דער מאַן פון זיין ווייב איז געווען אַ קליין קעפעלדיגער, מיט אַ כאַראַקטער פון אַ גרויסשטאָדטישען, וואָס האָט שרעקליך מורא געהאַט פאַר דעם פרעכען, פאַרשייטען, וואָס קוקט אַרויס פון די אויגען ביי פרויען, וואָס וואַקסען זיך אויס צווישען די שווערע גמאַכען, אויסגעפלאַסטערטע גאַסען, בול־וואַרען, און ענגע, שווינדזיכטיגע, פאַר'חלש'טע גערטנער.

ער האָט נישט געוואָלט ריזיקירען מיט אַ ווייב דאָ, און אַוועק איהר זוכען ערגיץ אין אַ קליין שטעדטעל, אויף דער פראָווינץ, אויפ'ן דאָרף כאָטש, נאָר אַזוינע וואָס זאָל זיין עט־וואָס צוריקגעהאַלטען, באַרעכענט, באַשיידען, און מעהר צו־געפאַסט פאַר דער שטוב. אַזעלכע האָט ער אין טאָליען אויך געהאַט—אַ שטילע, ציכטיגע, אויפריכטיגע, וואָס האָט איהם גע־גלעט מיט די לאָקסעס פון אַ מוטער, און זיך אָבגעגעבען צו איהם מיט דער אומבאַגרענעצטער ליבע פון אַ ווייב.

ער, דער מאַן, מיט'ן כאַראַקטער פון אַ גרויסשטאָדטישען, האָט געוויינט ס'גרויסע אָרט, און מיט אַ זעלטענער צופרידענ־קייט זיך אָנגעכאַפט פאַר'ן פּאָסטען, ווערען אַ שרייבער אויפ'ן דאָרף, האַרט אונטער'ן וואַלד, וואו ער איז געזעסען און מיט פלייס געצעהלט, גערעכענט די קוביקען, געלאָזט אַרויסשלעפּען ס'געהילץ פון וואַלד. ער האָט ווייניג זין געהאַט פאַר'ן דאָרף,—

אַ טרוקענע נשמה, אַ ביסעל אַ טעמפּ געפיהל, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט צעזינגען אין דעם אומענדליכען רחבות, נישט אָנגעשטעקט זיך פון די פייגעלעך, גרעזעלעך, ביהנען, נאָר אַרויסגעזויגט פון די טרוקענע ציפערדיגע אותיות, מאָס און וואָג, — אַ דערלאָבונג, אַ האַרט טרוקען לעבען, אַ לעבען וואָס איז געווען אויסגערעכענט און באַשטימט לויט די שעה'ן: פאַר פרישטיק, מיטאָג און אָווענט-ברויט. ס'האָט גאָר נישט געשטעקט אין איהם אַזעלכעס, וואָס האָט איהם מיטגע-ריסען מיט'ן הערבסט, פריהלינג, עפּיס אין איהם אויפגעוועקט, באַגייסטערט. זיין גאַנצע באַנעמונג, אויפיהרונג, איז געווען זעהר אַ באַשרענקטע, אַנ'ענג-האַרציגע, און ס'לעבען איז גע-ווען צוגעשניטען לויט אַנ'ענגע מאָס, אַ פּאַרטיגע, לויט'ן מוס-טער פון אַנדערע אַזעלכע ענליכע לעבענ'ס, וואָס מ'קען זיך אויסקלויבען אין אַ זשורנאַל, אָדער אין אַ פאַרשריבען בוך — אין אַ זעהר סאָלידער פאָרם.

דאָס ווייב פונ'ם מאַן האָט זיך נישט מיט קיין סך אונ-טערשיידט פון איהם, נאָר וואָס ס'ווייבליכע אין איהר פלעגט זיך צייטענווייז צעשווימען, נאַטירליך ווען זי איז פויל גע-לעגען אויסגעלעגט אונטער'ן פענסטער, זאַט, צוגעלעהנט, אַ ביסעל אָנגעלייענט מיט קראַשיצקי'ן, און מיט פאַרשווימענע אייגלעך געקוקט אַרום, וואו ס'רחבות פון די פעלדער, פון דער וועלט, איז אין-לסוף...

אַנ'אידיליע האָט זיך געשפּינען אויפ'ן ישוב, און האָט אין איהר פלאַכקייט דערגרייכט ס'טיפסטע, ס'העכסטע, ביז ס'לעבען האָט זיך שרעקליך אָבגערעכענט מיט איהם, אָבער אַ מעלה געהאַט אויך, — ס'האָט איהם דערמיט פאַרטופערט, פאַר-שכל'ט...

ער האָט ס'אומגליק פון זיין אייגען ווייב איבערגעלעבט, און מיט איינמאָל געוואָרען מסוגל פאַר אַ גרויסע טראַגעדיע; ס'האָט איהם אויסגעשפּיגען ס'דאָרף, וואו ער איז געקומען זו-כען דאָס שטילע, צערטליכע, און נישט געפונען אָבער קיין מנוחה דאָ אין שטאָדט, אין וועלכער ר'האָט אַ מאָל אַ שונא

געפיהלט.

ער איז אַרומגעלאָפען מיט זיין בראָך, אינסטינקטיוו זיך דערוויטערט פון שטוב, וואו ר'האָט געלאָזען איינע אַליין ס'ווייב, וואָס פלעגט אָבזיצען אַשטילע, פאַרחלום'טע, פון אַנדערע וועלטען, נעבען פענסטער'ל, און קוקען צום פלאַנט, אַזוי ווי מיט אַ טיפע פאַרשטענדניס...

אין די ערשטע צייט האָט ער זיך אַליין נישט געקענט מוחל זיין, און פאַרביטערט זיך געפייניגט, אַראָבגעגעסען ס'פלייש פון לייב, געקריצט מיט די ציין, נערוועז געקוועטשט מיט די פויסטען, און געבעטען אויפ'ן טויט:

— הימעל, בעווייז אַ נס, מ'זאָל מיך צעטרעטען דאָ, ערגיץ איבערפאָהרען אויפ'ס טויט, ווייל ס'איז נישט מעגליך דאָך צו לעבען אַזוי... דאָס אויסצושטעהן!..

און באמת האָט מען איהם נישט איינמאָל אַ פערגעשלעפט און אונטער אַוואָגען, וואָס מ'האָט קויכ איינגעהאלטען מיט אַלע כחות ביי די לייצען פון די פערד,—אַלץ צוליב זיין צעטראָגענקייט, וואָס האָט איהם אַרומגעטריבען אַ פאַר'חוש'טען...

אין שטוב האָט זיך די מרה־שחורה אַליין באַזעצט; פון טאָליע'ס שווייגען—האָט זיך אַרויסגעריסען אַזאַ טיפער שמערץ, וואָס האָט געקענט ריהרען אַ שטיינער'ן האַרץ; איהר צער האָט אויף איהם מיט אַמאָל אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער האָט איינגעזעצען אָן זיין אומגליק פאַרגעסען, נאָר געהאַט שוין צו טון מיט איהר, טאָליע'ן, וואָס האָט אָנגעהויבען פאַרלאָשען צו ווערען ווי אַ ליכט.

ער האָט זיך נישט איין מאָל געבעטען ביי איהר:

— טאָליע, ס'איז געשעהן, נו?.. וואָס ווילסטו זיך ס'לעבען נעמען?.. דער רוצח האָט גע'הרג'עט... דער מלאך המות— געשאָכטען... נו?

אָבער זי האָט געשוויגען, געזעסען אַ בלאַסע, געקוקט עפיס ערגיץ אַזוי אונבאַשטימט, און טיילמאָל אַוואָרף געטון מיט'ן קאָפּ, עפיס אַרויסגערעדט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אין

עפּיס דערמאָנט, און באַלד אָבגעהאַקט...

ער פלעגט אַזוי אָבשטעהן שעה'ן לאַנג איבער איהר בעט, וואו זי איז געלעגען צוזאַמענגעדרעהט אַ קנויל, און זיך געבעטען ביי איהר:

— ווער אַ מענש, שטעה אויף, זיי זיך מוחל!..

און ער וואָלט שוין דאַן געוועןבאַשטאַנען אויפ'ן אומגליק, נאָר ס'זאָל זיך אָבהאַקען דערמיט, און נישט נאָכשלעפען איהר אויפ'ן אָבגרונד, פאַרטרונקען איבער די אויערען אין דער פינסטערער מרה־שחורה...

---

אין דער דאָזיגער נאַכט האָט זיך עפּיס דער פלאַנט געפונען אין אַ שטאַרק נערוועזער שטימונג; ס'האָט עפּיס געברומט, געסאַפּעט ווי ביי אַ געבונדענע איינגעשפּאַרטע חיה, וואָס צענדליגע מענשען האָבען זיך געפּאָרעט ביי איהר...

געשרייען האָבען זיך געטראָגען איבער קעפּ, איבער משאות, וועגען, זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיט'ן פייפען פון לאָקאָמאָטיוען.

דער מאַן האָט זיך אין שטוב קיין אָרט נישט געקענט געפונען. אומגעוואָרפען אין בעט—פון היץ און קעלט, זיך באַגאָסען מיט אַ קאַלטען שווייס; ער איז איינגעשלאָפען און באַלד זיך אויפגעכאַפּט, אומרוהיג געוואָרפען נ'קאָפּ פון אַלע זייטען, און צו דעם וואָס ר'האָט זיך געפיהלט אַזוי עלענד, אומגליקליך—נאָך געפיינינט געוואָרען פון די בלינדע קולות; ערשט שפּעט אויפ'ן טאָג אַרויס אַריינגעפאַלען אין אַ שווערען אָבגעמאַטערטען שלאָף, גראָד ווי מ'וואָלט איהם דער'הרג'עט— און באַלד זיך אויפגעכאַפּט, אויפגעריסען די אויגען, געוואָרפען פאַרצווייפעלטע בליקען אויף די ווענט, אויפ'ן פענסטער, און נעבליבען ליגען פאַרשטאַרט, שוין מורא נעהאַט צו ריהרען מיט אַ גליד.

נעבען איהם איז געלעגען ס'ווייב; געלעגען אַזוי לייכט, אַז ר'האָט איהר כמעט נישט געשפּירט, און קוים אָבגעצויגען ז'אָטעם; עפּיס האָט איהם תיכף צעמישט, עס איז איהם וואַרים

געוואָרען אין אַלע גלידער, דער קאָפּ—פּאַרפּלייצט געוואָרען מיט פרישע קלאָרע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך אָבגעריסען אַזוי גיך, איינע פון דער אַנדערער, אַזוי ווי די שטראָמען...

זיינע הענט האָבען זיך אויסגעבויגען ווי די בייטשען, ס'האָט איהם אַדורכגענומען עפּיס אַ פרישער כח, גראָד ווי ס'נעמט אַדורך די ערד פריהלינג'ס־צייט, ווען ס'הויבט עפּיס אָן אין איהר זיך אויפצוטייען, אַראָבצווואַרפען די סטרופּעס, יעהרען—און מיט אַ צעוועהטאָגט האַרץ איהר געוואָלט אַרום־נעמען, „אויסקושען איטליכעס ביינדעלע, אָבער באַלד זיך צו־ריק געכאַפּט, עפּיס מורא געקריגען פאַר'ן פינסטערען שאָטען, וואָס רוהט אויף איהר בלייכען אָבגעצערטען פּנים...

זיין מח האָט אַצינד געאַרבייט ווי אַ שרויף, און נישט געקענט דערגעהן דאָס פּשוט'ע, ס'געווענליכע:

— אויב די אייגענע שטראָמען האָבען אויך איהר גע־ריהרט? אָדער—ס'איז נישט מעהר ווי אַ צופאַל ביי איהר, וואָס זי האָט זיך אַריינפאַרקליבען צו איהם...

ווייל, פון דער גאַנצער צייט, זינט די שטאָדט האָט זיי אַריינגענומען אין זיך, אַזוי האָט ער געהאַט ס'געפיהל:

— ווי ער לעבט נאָך פון פאַר די בחור'שע צייטען...

ס'איז אַ טעות אינגאַנצען זיין חתונה, ער זיצט דאָ און היט אָב אַ קראַנקע, וואָס דער שכל האָט זיך ביי איהר אויס־געגליטשט, געשעדיגט, אָדער—צעקלאַפּט געוואָרען, אַלץ־איינס, אין אַ האַרטען קיזעל־שטיין...

און אַצינד האָט ס'האַרץ גענומען וואַקסען אין איהם, ס'האָט זיך עפּיס אָבגעריסען,—אַ פאַרלאַנג, אַ שטומער וועהטאָג זיך צעגאָסען איבער זיינע גלידער, אַ שמערץ וואָס האָט נישט קיין לשון, קיין אויסדרוק, נאָר אַ ווילען, אַ טיפען, דורשטיגען ווילען, ווי ביי אַ חיה:

— צו לעבען מיט איהר...

און ער האָט איין רגע פאַרגעסען אין זיין אומגליק, אַז אַ קראַנקע ליגט דאָ,—און האָט איהר אַרומגעכאַפּט ווי אַ וואָלף, גענומען צודריקען, האַלזען, קושען מיט אַ פלאַם־פייער, עפּיס

מורמלען שטיל, נישט באַוואוסטזיניג, צעפלאַמט, און אָהן שכל

— טאָליע, לאָ׳מיך זיין מיט דיר צוזאַמען...

ס׳ווייב איז נאָך אַלץ געלעגען ווי אַ שטיק האָלץ, אַנ־אונטערגעזעגטער בוים, נישט געריהרט מיט קיין אבר, נישט אויפגעמאַכט די אויגען, אָבער מיט אַ מאָל זיך ראַפּטום געגעבען אַ וואָרף, אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, אויסגעקרומט די דאַרע פינגער מיט די אָנגעוואַקסענע נעגעל, די שוואַרצאַפּלען האָבען זיך צעצויגען ווי די שמאָלע שפּעלטעלעך ביי אַ קאַץ, אינגאַנצען אַ קאַפּוירגעהויבען זיך פון איהר מאָגערען ביינערדיגען קערפּער, און זיך אַ קעגענגעשטעלט, אָבגעוועהרט ווי פאַר אַ מחנה הינט, וואָס וואָלטען איהר באַפאַלען:

— געהט אַוועק, איהר האָט מיך שוין צעטרעטען!..

— — — — — — — — — — —

ער איז געשטאַנען אין מיטען שטוב, אויסגעגניכטערט פון אָפּיום, אַזוי ווי איינגעטונקט אין בלוט, טיף געקרענקט, מיט גרויסע איבערגעפולטע אויגען, און דאָס האַרץ האָט זיך אַצינד ביסלעכווייז געלאָשען, שטיקלעכווייז איז אינווייניג דאָרט עפּיס צעפאַלען געוואָרען, אַ גאַנץ געהייז, און ס׳איז געבליבען אַ פאַרלאָשענע קופּע ערד, אַ באַרג שטיינער, אַ הויפען „גראָז“, אַזוי ווי נאָך אַ שווערע שריפה...

---

און ער איז אַנטלאָפען פון שטוב, פאַרהאַקט אונטער זיך די טיר, פאַרקוועטשט אַ פויסט, און אַרויסגעברומט:

— זאָל זיין וואָס ס׳האָט צו זיין—מעהר אַ היים קום איך נישט!..

ער האָט זיך געדרעהט, דער מאַן, ווי אַ ווינט,—די גאַס האָט זיך געוויגט, ליידענשאַפטליך איהם מיטגעריסען; אַלע פיהרען, וועגענער, האָבען זיך דאָס מאָל אַזוי שטאַרק געפלאָנ־טערט, געאיילט, גראָד ווי לאַנגע אויסגעצויגענע בייטשען וואָלטען געפּאָכעט איבער זייערע קעפּ.

אויפ׳ן הימעל האָבען זיך געטראָגען וואָלקען, קריכענ־דיגע, אַזוי ווי מיט אַ שווערע עלטער אויף זיך און נאָך מעהר

אַ שווערערען וועג פאַר זיך... אַלץ האָט זיך געשפּירט פייכט, בלאָטיג-פאַרשפּריצט, בלאָטיג-צו'געחזר'ט...

פון די הויפען, מאַרקען, פלעצער, האָבען געריהרט די איינגעזעסענע וועגען, אָבאָזען, קיכען, פּאַלאַטקעס—זיי האָבען זיך צוזאַמענגעלייגט אין לאַנגע, אויס'געסדר'טע שנירען, גראָד ווי אַ שמאָלער פּאַס זיך אַראָבגעוויקעלט פון אַ ראָד, און געלאָזען הינטער זיך רויהע צופאַרעטע שטיינער פון וואַרימע מיסט און פערד'ס-ליינע...

ער איז געלאָפען אַ פאַר'חושטער, פון ערגיץ פאַרטריבען, און אין ערגיץ נישט געקענט צוקומען; ער האָט נישט געוואוסט פון קיין אָבהאַלט, און נישט געשפּירט דאָס פייכטקייט אין די ביינער,—נאָר וואָס אין זיין מח האָט זיך ביסלעכווייז געגומען קריסטאַליזירען אַ געדאַנק, אַ קלאָרער, אַ לויטערער:

— אייגענטליך, וואָס האָט ער נאָך דאָ צו לעבען?.. נישט גלייכער, ער זאָל מיט זיך אַ סוף מאַכען?

און ער וואָלט שוין אפשר געווען באַשטאַנען, ס'זאָל אויף איהם קומען אַ טויט, קומען אומגעריכט, ער זאָל נישט ברויכען צוטון די האַנט, נאָר אַליין פון זיך, פון הימעל, אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל, אַ שטאָרק מיט אַ דישעל גלייך אין קאָפּ אַריין, און ער זאָל מאָמענטאַל פאַרלירען ג'שכל, פאַלען—אַ שטיק פלאַק, אַזוי, אַ גרינגער טויט...

און ווי ער האָט אַזוי געטראַכט, האָט ער גאָר נישט געזעהן—ווי זיינע פיס האָבען איהם פאַרשלעפּט ערגיץ אין אַ שטיל ווינקעלע, דאָס איינציגע ווינקעלע פיליכט פון גאַנצען געגענד אַרום, וואו ס'האָט נישט געטומעלט, גערוישט, געהאַקט און נעבראָקט, און ווי ס'האָט איהם איינער אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאַרק, און אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעדריקט פאַר'ן האַלז, אַז די האַנט האָט געבראָכט זיין האַרט און אויסגעאַרבייט ווי אַ ברעט; ער האָט זיך אויף איין רגע פאַרלוירען, די אויגען האָבען אַרויסגעזעצט פון די לעכער, און באַלד דערהערט אַ ביינ געשריי:

— צו וואָס קריכסטו דאָ?

ער האָט אַלץ נישט געקענט רעדען גאָר, און געפּיהלט זיך אַזוי ענג אין האַלז, נאָר דערשטיקט צו ווערען...

— צו וואָס ביסטו דאָ אַהערגעקומען?—האָט יענער גע־שפּריצט מיט שוים, און אַזוי ווי בכיון נאָכגעלאָזט די האַנט פון האַלז, אַז ער זאָל קענען אַראָברעדען.

— כ'ווייס נישט וואָס ס'איז דאָ, אַז מ'טאָר דאָ נישט געהן!—האָט ער קוים־קוים אָבגעצויגען נ'אָטעם.

— אַזוי? דו זעהסט נישט וואָס ס'ליגט דאָ? אַ פּאַרק מיט גראַנאַטען, און דו ווייסט נישט...

ער האָט זיך ערשט אַרומגעקוקט, און דערזעהן דעם פּלאַץ, און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט עפּיס נאָכצו־טראַכטען שוין באַקומען אַ שטורק אונטער'ן האַרץ:

— געה, זאָלסט דיך נאָך אַ מאָל נישט דערוועגען אַהערצו־ווייזען, אַ נישט וועט פון דיר זיין אַ הייליגער!

ער איז אַוועקגעגאַנגען אַ באַליידיגטער, אַ טיפּ־געקריינק־טער, מיט פּאַמעליכע טריט,—אַזוי ווי חרטה־געהאַט, וואָס מ'האָט איהם אָבגעלאָזען.

— אָט האָט זיך געמאַכט אַזאַ גוטע געלעגענהייט, ער זאָל צעשאָסען ווערען, האָט מען איהם ערשט אָבגעלאָזען, אויף צו להכעיס... ס'איז שוין אַזוי, מיט אַנ'אַנדערען—וואָלט עס אַנדערשט געווען, אַנ'אַנדערער, וועמען ס'לעבען איז טייער וואָלט שוין צוריק נישט אַראָבגעגאַנגען קיין לעבעדיגער פון דעם פּלאַץ...

ער איז אַרויסגעקומען אויפ'ן מאַרק, איז שוין געווען גוט טונקעל, ס'האָט געקאַפּעט אַ פייכט רעגענד'ל, אַדורכגענו־מען ביז אין דער זיבעטער ריפּ—דאָך האָט ער זיך אָבגעשטעלט קוקען ווי די וועגענער ציהען זיך אַרויס פון שטאָדט... אין די טויערען זענען געשטאַנען מענשען, נייגיריגע.—זיי האָבען זיך צוגעקוקט צום הימעל, וואָס איז געווען רויט, בלוטיג, אַזוי אייגען ווי אין יענער נאַכט אויפ'ן דאָרף, ווען ס'האָט זיך אָנגערוקט אויף איהם.

מ'האָט גערעדט שטיל:

— אַז, ס׳האָט זיך עפּיס דאָרטען איבערגעוואויגען...
איבערגעבראָכען.. איבערגעריסען—גוואַלדיגע כחות...

ער האָט געהערט דערמאָנען ס׳דאָרף, און איז געבליבען פאַר איין רגע צעטומעלט; אין זיין מח האָט זיך גענומען עפּיס וועקען, שרעקליכע, פינסטערע זכרונות צו ריהרען. ס׳האַרץ האָט געקלאַפּט פאַר אויפרעגונג עפּיס איז אַ היילונג געקומען אויף זיין איינגעפרעסענע וואונד.

— פון דאָרט טאַקי, פון אייגענעם דאָרף איז עס געקומען, פון וואַנעט זיין אומגליק איז אַרויסגעוואַקסען?.. יאָ... ס׳האָט אַנדערש נישט געקענט זיין...

און אַ שרעקליכע פרייד האָט איהם באַהערשט, ער איז געלאָפען אַ היים, יאָ-אַ היים, און אַ מונטערער, פול מיט התלהבות, מיט אַ ברען, און אַריינגעפאַלען אין שטוב:

— טאָליע, טאָליע. קום-אויף, אויף איין רגע קום צום שכל, און זעה: מ׳האָט דיין עולה נישט פאַרשוויגען... ס׳איז אָבגעצאָהלט פאַר איהר...

אָבער ס׳ווייב האָט געגלאָצט מיט די אויגען, גאָר נישט באַנומען, ביז טרערען האָבען גענומען זיך שפּאַרען ביי איהם, געקייקעלט זיך, און געלאָזט אַ זעלכע צוויי לאַנגע זילבערנע שלאַדען אויף די באַקען, גראָד ווי אַ זומער-פייגעלע לאָזט איבער נאָך זיך אויף אַ בלאַט...

---

שפעט נאָך האַלבע נאַכט ברענט ס'לעמפּעל, העל־אַרויפּ־געדרעהט, און די שאַרפע ליכטיגקייט בלענדט העל איבער אַלעם, וואָס ס'איז צעשטעלט אין די ווינקלען, ביי די ווענט, אין מיטען שטוב, מיט וואָס ס'איז נאָר אויסגעפּוצט און צו־געקליבען.

ווינציג איז ס'מעבעל, אַלט־יודישלעך, אָב־בלאקירט און פּארעלטערט; א יאשינאָווע אלמער, א ספרים־שענקעל מיט כּאַר־גלאָזטע שויבען, א קליין טישעל מיט קינדערשע צאצקעס, און דער עיקר: א פּאָר הויכע מצבה־בעטען, גראָבע בולט'ע קריצונ־גען, און אויף גראָבע געטאָקטע פּיסלעך, שטארק שוין אָבגע־נוצט, אָבגעריבען דעם פּאָליטור, מאט—און זענעןביידע אָנ־געוואָרפען מיט בלאנקע, שניי־ווייסע איבערבעטען, וועלכע בלאנקען זיך אזוי הויך און לופטיג פון פריש איינגעשיטען פוך, אזוי ווי די באלאָנען.

פייגעלע ליגט אין בעט, ס'אויסגעוויינטע כּלה־מיידעל, אויסגעכאָוועטע אויף טרערען, אָבגעשפּראָכענעם בוימעל, אָב־געריבענע מטבעות; זי זעהט זיך קוים אַרויס, כמעט פאַרלוי־רען איז איהר מאָגערער קערפּער, נאָר וואָס דער קאָפּ־האָר שווימט אַרום אויף די קישענ'ס, עפּיס אַזוי ווי אַנ'אָבגעשטאַ־נענע שוים. ס'פּנים'ל איז איהר בלייך, די בעקלעך—איינגעצוי־גען, אָבגעצערט, גראָד אַזוי ווי זי וואָלט ערשט געהאַט אי־בערגעקומען עפּיס אַ שווערע קריינק, און צעהלט שוין די טעג

ווען ס'וועט איהר אינגאַנצען בעסער ווערען,—אַז זי זאָל קענען אויפשטעהן פון בעט. זי ציהט לייכט נאָטעם, און האַלט דער־ביי צוגעמאַכט די אויגען, פונקט אַזוי ווי זי האָלט מורא־געהאַט אַרויסצווייזען פאַר דער באָבעשי, וואָס ליגט אין'ם אַנ־דערען בעט, אַז זי שלאָפט נישט; א שווערע זאָרג פייניגט איהר, וואָס זי קען זיך נישט פולען אראָבצורעדען פון הארץ פאר ווענען, און ס'זאָל איהר עטוואָס גרינגער ווערען.

— מאָרגען איז איהר חופה־טאָג; מאָרגען געהט זי אונטער דער חופה מיט איהם, און דאָ געשיהט גאָר קיין, נס נישט, קיין צופאַל, ס'זאָל פון אלעם גאָר נישט ווערען ווענינגסטענס,—נאָך אויף א צייט...

כסדר, די לעצטע צייט, אזוי ווי מ'האָט נאָר אָבגע־שמועסט זמן־התונה,—האָט זי שוין געקוקט אין הימעל אריין, עפיס אזוי ווי א הילפלאָז קינד, וואָס האָט שוין יעדען בטחון צו מענשען פאַרלוירען, און זיי אויפגעהערט צו גלויבען, און געבעטען:

— באַווייז, הימעל, א נס, מאך אנ'ערד־ציטערניש, זאָל אין דעם דאָזיגען טאָג גאָר קיין טאָג נישט ווערען, נאָר פאַר־בלייבען נאכט, און אינגאנצען ארויסגענומען ווערען פון סדר העולם, אז זי זאָל פאַרשפּאָרען געהן מיט איהם צו דער חופה...

און אצינד איז זי דאָס־די נאכט; נאָך איהר, ברויך קומען דער לעצטער טאָג, דער טאָג, וואָס וואָלט אייגענטליך נישט געבראָכט קומען; נאָר די נאכט זאָל זיך פאַרציהען מיט א מעת־לעת און די וועלט כסדר אָנ'האלטען אין חושך. פאר דער גאנצער צייט זענען איהרע פארלאנגען נישט געבליבען באַ־פרידיגט, און איהרע געדאנקען—זיך צעשפרייט אין טיפען אויר העולם. ס'איז ביסלעכווייז דערגאנגען דער טאָג, ביז היינט איז קיין נס נישט געשעהן, האט קיין צופאל זיך נישט געמאכט—אזוי ווי אלע מאל איז דער טאג פונקטליך געקומען, צו דער רגע, צו דער האָר,—געבוירען געווארען, און געשטאָר־בען. האָט זיך די וועלט איינגעהילט דאָ אין חושך, דאָ אין

תּכלית, דא אנגענומען אַ שטראַלענדיק געזיכט, דא—אַ רחמנות'ש־דיק פאַרוויינט אויסזעהן...

נישט מעהר – אויף איהר פנים האָט זיך די זאָרג צעלעגט, עס גרין־געמאַכט, און קיינער נישט פון הויז, אַזוי גוט דער טאַטע, די מאַמע, האָבען געקענט פאַרשטעהן וואָס ביי זייער קינד איז נולד געוואָרען.

– טאָכטערשי, וואָס האָסטו אַרויסגעלאָזט די אויגען צו דער ערד?

– טאָכטערשי, זאָג, וואָס פייניגט דיך?

אָבער זי האָט זעהר זעלטען עפּיס געזאָגט, ס'רוב – פאַרשוויגען, נישט געוואָלט רעדען, נישט געקענט רעדען, און אַ זעלכע איז זי בּיז'ן לעצטען טאָג געווען. אַ שטילע, אַרומגעגאַנגען מיט שטילע טריט, און קוים האָט זי זיך אָבגעשטעלט אויף אַ רגע עפּיס באַטראַכטען, – אַזוי האָבען די אויגען גענומען פייכטען, און זי איז גלייך פאַרזונקען אין אַ טיפען אומעט, אַזוי ווי אַ שטילע, געפּרובטע, שווער־געפּייניגטע יודישע טאָכטער, וואָס קאָן נאָר רעדען פון איהר אומגליק בלויז מיט די אויגען...

אַ גראָבע, פעטע מוהמע, מיט אַ פאַרשוויצטען שמאַלץ־פנים, צוליב וועלכען די אייגלעך האָבען זיך קלענער אַרויס־געזעהן ווי מ'ברויך, – איז זיך זעהר גראָב באַגאַנגען מיט איהר, און אַלע רגע אויפגעוועקט פון די זיסע דרימלען:

– זעה נאָר, די יחסנ'טע, מיינס טאַקי – די ערשטע, קודם אַ חתונה; שטעהט—אַ גולם־נאַר, שפּירט נישט די פליגען וואָס שטעלען זיך איהר אויף די נאָז...

איהר מאַרק־מויל האָט פאַרטשעפּעט פייגעלע דענסטמאָל, ווען איהרע פאַרפעצטע הענט האָבען רוהיג אין נאָכאַנאַנד אָבגעמאַכט די געשאָכטענע גענז אויף דער באַנק; אונטער־געפּאַטשט די געפּאַשעטע ביילעך'ס, און כאַרמרוזשעט די אייגלעך אַלצאינאיינעם, נישט געלאָזט איהר זיין אַ רגע מיט זיך, און שוין פון תחלת־נאַכט איהר געטריבען:

– געה, לעג דיך שלאָפען, פייגעלע! – אַ כלה־מיידעל,

ברויך זיין אויסגערוט...

און אין איהר שטימע האָט דאַן געשטעקט לויטער איי־טעלקייט, רחמים, ממש־זייד, אַז פייגעלע האָט דאָס נישט געקענט סובל זיין, און ווי אַ גוט שטיל קינד אַרייגעגאַנגען אַהערצו, זיך אָװעקגעזעצט צום פענסטער, פאַרקוקט צום דרויסען, – וואו די זון איז פאַרגאַנגען אין מרה־שחורה, און האָט זיך געטראַכט:

– איהר מרה־שחורה!.. איינמאָל האָבען זיי זיך ביידע געטראָפען אויפ׳ן אייגענעם וועג – זי וויל נישט אונטערגעהן, און דער זון איז אויך אַזוי אַ שאָד אונטערצוגעהן!..

די באָבע, זיצענדיגביים אויוון, – האָט איהר דאָ ווידער נישט געלאָזט לאַנג אַריינטראַכטען, און באלד שוין ווידער גענומען איהר וועקען און רופען, פון איהר זיך־אָרט:

– פייגעלע, פייגעלע...

האָט זי זיך געכאַפּט, אראָבגעוואָרפען די בלוזקע, גענומען שנירוּוען א שוך, קנעפּלען, אויפבינדען בענדלעך, אָבער איהרע הענט האָבען באַלד גענומען אָבפאַלען, ס׳טון – זיך לעשען, ביז זי איז ווידער אמאָל אינגאנצען אָבגעשטאנען, אז ביי דער באָבע אויפ׳ן פּנים האָט זיך א שמייכעלע אריבערגעכאַפּט אויף די צעקנייטשטע איינגעשרומפּענע פאלדען, און פרעפעלדיג שטיל, אָהן ציין:

– נארישע מיידלעך...

זיך גענומען איהר אויסטון; ביסלעכווייז – פון איהר אראָבגעצויגען ס׳אונטוכץ, אריינגעלעגט א נאקעטע אין בעט, צווינגענדיג:

– געה שלאָפען, פייגעלע, שוין, דיין תענית הויבט זיך אָן, כאור הבוקר, כח ברויכען דיינע ביינדעלעך האָבען...

פייגעלע האָט שטיל א קרעכץ געטון, ווי א קינד, זיך געלאָזט איינדעקען, איינטוליען צווישען די קישענס, גראָד אזוי ווי ס׳וואָלט אין דרויסען א שטארקע פראָסט געהאַט איינ־געפרוירען די ערד, אָדער אזוי ווי זי וואָלט ריכטיג געווען נאָך א קרענק, און נישט קיין כח געהאט מיט זיך אליין

אומצוגעהן; די באָבעשי ווידער האָט זיך געוואשען די הענט, אוועקזעצענדיג זיך אקעגענאיבער אויפ'ן אנדערען בעט, בשכנות — זיי געווישט, געווישט, און פאַרגלאָצענדיג די אויגען שטיל און פרום געבעטען:

— באַשעפער, זעה, די וואָרצלען זענען נאָך גענוג פריש,
— גיב זיי ס'ביסעלע זאפט, חיות!.. באַשעפער גיב טהוי פאר דעם יונגען קאָפּ!..

פייגעלע ווידער האָט פארקלעמט ביים הארצעלע, און מיט איינמאָל אזוי רחמנות געקריגען אויף דער גוטער באָבע־שי, אז זי וואָלט גערן אַרויסגעשפּרונגען אין דעם אויגענבליק, איהר ארומגעכאפּט און אויסגעקושט יעדעס ביינדעלע באַזונדער...

— באָבעשי, באָבעשי, וועט דער זאפט מיינע וואָרצלען פעטער מאכען, און דער רעגען מיין קאָפּ אויפרישען?

---

ס'האָט געקענט זיין שפּעט, און גוט שפּעט — און אין דער אנדערער שטוב איז נאָך נישט געווען פאָלשטענדיג אלץ אָבגעשטאָרבען; א קליין אָדער'ל האָט געקלאפּט: טיק־טאק, נאָרמאל, רעגעלמעסיג — א סימן: דאָס נפש וועט זיך צוריק דערכאפּען, מיט די ערשטע שעה'ן וואָס אויפ'ן גראָהען טאָג ארויס; דאָס איינטאָניגע צאקען פון א האק־מעסער, האָט איהר געמאכט פאר נערוועז, אז זי האָט פאַרקריצט די ציין, און גערן ארויסגעשפּרונגען פון בעט, אָנגעכאפּט די קעכין דאָרט ביי דער האנט:

— ווייבעל, ווייבעל, איהר וואָלט אפשר אויפגעהערט? אויף א האלבע שעה כאָטש, אויף א פירטעל שעה, אויף — צעהן מינוט, פינף מינוט, א רגע — אזוי, א — אָ — א !..

— — — — — — — — — — — — — — —

העי? דוכט זיך: געשלאָפען? לאנג? אפשר — א מינוט? און פיליילכט א שעה?

דאָס האק־מעסער איז טאקי פאַרשוויגען.

שטיל. אבסאָלוט שטיל. און נאָך ערגער, אז די שטיל־קייט מאטערט, א קבר־שטילקייט! אך, ס'זאָל זיך עפּיס א ריהר־

טון, — אויף א רגע, א קלאפּ, א פּאָכע, — טיאָך־טיאָך!.. דער טיק־טאַק פון׳ם אייגענעם האַרץ; און וואָס א רגע — העכער, העכער, שטאַרקער, ברייטער, אַזוי ווי די קלעפּ אין עפּיס גאָר א גרויסען גוואַלד־גלאָק...

זי שאַרט אַראָב ס׳בעטגעוואַנד און — בלייבט ליגען האַלב אויפגעדעקט; די ליכטיגקייט שפּילט אויף איהר קלאָר־אויסגעוואַשענעם קערפּער, געהייליגטען גוף, כשר־גערייניגטען; איבער די אויערען, אונטערן וואַסער, האָבען ווייבער הויך פון אויבען נערופען:

— כשר... כשר...

און באַלד איז זי אויפגעשטיגען פון גרוב, ס׳האָבען גאַנצע קוואַלען אַרויסגעשלאָגען אויף איהר, — מיט א וואַרע ביי די הענט אַרויסגעצויגען, און אין ליילעכער געהילט, אין קלאָר געפּרעסטע, שניי־ווייסע ליילעכער.

— פאַר דיר מיין טריבער, פאַר דיר הייליג איך מיך, טובל איך זיך זיבען מאָל אין זיבען וואַסערן, א כשר׳ע וועל איך דיר זיין, א כשר׳ע... פאַר דיר...

— א הויכער איז ער, א שטאַרקער, זיידענער — זייד אין די אויגען, מאָרע־זייד — און די ברעמען, זיי גלעטען דיך ווי סאַמעט; און פוכיג ווייך — די באַקען, פאַרביג־רויט, און מיט אַ צאַרט געוועב די נאָז־לעכער, אַ מיידעלש געשטאַלט, אַ פרויען באַוועגונג, עלאַסטיש...

ס׳האָט אַ טעות געהאַט דער מלאך מיט איהם, ער האָט, מסתמא, עפּיס אַנדערש געמיינט, און ביי דער לעצטער רגע—זיך געכאַפּט:

— ס׳וועט זיין אַ בן־זכר...

אָבער די נאַטור, איז שוין שפּעט געוועזען צו איבער־אַנדערשען, דער ווילען, איז שוין פאַרבליבען — אַ פרויענליכער, צאַרטער, ווייבליכער, דאָס געמיט — אַ לייכטעס, שוועבענדעס, אַזוי ווי ביי אַ שמעטערלינג, זש־זש־זש.

פון מאָרגען־פריה,
גליה

אין זונען־שטויב;
און אויב
ס'פּעהלט דיר אָטעם אויס,
געה צו איהם אַוועק אין שויס...

— — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס איז דיין אויג אַזוי טריב, בלייכער קאָפּ? זאָג מיר, אייל דיך, באַרוהיג דיין כּלה'ס האַרץ!

און ער הערט ווי זי רעדט, און שווייגט.

— אייל דיך, און זאָך, אויף דיין פּנים ליגט שווער דער וואָלקען, פיל שווערער ווי אויפ'ן הימעל, אין רעגען־צייט.

זאָגט ער:

— כ'קעהר נישט־אָן מעהר דיר, כ'קעהר נישט מעהר־אָן זיך, — כ'בין אַ קינד פון גראָהען פעלד, פון זון־און־רעגען, בריה־און־קעלט...

נעמט ביי איהר ציטערען די ברעם ווי אַ שוואַרץ געוועב, פלאַטערען ווי אַ זומער־פויגעלע מיט די פליגעלעך:

— אין סאַראַ הפקרות קומסטו אַריין, מיין ליבער?

— ס'איז נישט קיין הפקרות קינד, ס'האָט איהר ליכט, איהר רייף, איהר זין, איהר כּשוף, איהר אומעט און איהר טרויער...

און זי הערט זיך איין ווי אַ לייכטזיניג קינד, וואָס לאָזט זיך איינרעדען אויף די געשטאָרבענע מאַמעשי, אַז זי וועט באַלד אין־גיך־קומען צוריק; זי ווייסט נישט, אַז אין אַ גרויזאַמע, שלעכטע צייט איז זי אויפגעוואַקסען, געוואָרען צייטיג. און יענער וואָס ברויך פון איהר האָניג ציהען — ליגט אין פעלד, אין דרויסען, מיט אַ שטאָלער'ן האַרץ, און ווערט געפּרובט מיט שווערע נסיונות, גראָבט זיך, צוגעלעגט, — שווערע משאות לעגען איהם צו, רעגענעס פאַרגיסען איהם...

און זי זיצט אליין אויפ'ן שטיין, קוקט צום הימעל מיט גרויס געוויין, וואו עס כמורעט זיך עפּעס אויס, ס'לייטערט זיך, ס'ריינינט זיך, און ס'ווערט ליכטיגער, שטראַלענדיגער;

פלעקען צעשווימען, פלעקען צערינען, ליכטיגע פאסען שלאָ-גען ארויס, זוניגע שטראָמען גיסען זיך אראָב אויף דער וועלט, ס'איז פריהלינג'ס צייט, די ערד הויבט-אָן צו שמעקען מיט ריחות, טרוקענע צווייגען — צו טריפען, שאָלען זיך שפאלטען, ס'שטעקען די פיש ארויס די פיסקלעך פון די וואסערען, און שלינגען די וואַרימע רעגען-טראָפענ'ס, בלא — בלא... און זשאבעס ווייזען זיך, פרישינקע, מיט באַגרינטע הויטען, ציהען זיך אויס אויף די בייכער, אויף די טרוקענע נישט באַגראָזטע ברעגעס, קווא — קווא — — —

מענשען קריכען ארויס, בלייכע באקען ווערען רויט, טריבע אויגען — קלאָר, יונגע מיידלעך צוואָגען זיך די קעפ גאָלדענע האָר; נאָר זי איינע אליין קוקט די ווייטע וועגען אויס, — און מיט יעדען טאָג ווערען איהרע אויגען מעהר גרויס קלאפט איהר הארץ מידער, און פאלט צו דער ערד אנידער, באַגראָבט ס'פנים אין די הענט, קלאָגט ביטער פאר די ווענט:

— נישט ווייסט איהר, הימלען, וואָס ס'האָט געטראָפען מיט א מאן, כ'וועל אייך זאָגען די סמנים: א הויכער, א שלאַנ-קער, מיט א פרויען-געזיכט, דער קאָפּ-האָר באַוואקסען גע-דיכט, אויגען אין בלאָהען געפאסט, אין געהן און אין רעדען, דוכט זיך, א פאנטאסט; איהר רעדט צו איהם און ער ענטפערט אייך נישט גלייך, כאפט זיך ערשט שפעטער, און ענטשולדיגט זיך ביי אייך...

ס'ווערט נאכט, איהר בליק הענגט נאָך פון פריהען-פריהמאָרגען איבערן דרויסען, — איבער די מויערען וואָס בלענדען אלע פארנאכט, יעדעס מאָל ווען די זון דרעהט זיך אויס צו זיי, איידער זי פארגעהט...

ס'איז שטיל, אָטעם-שטיל. — מ'הערט: א פויגעל פליהט, ס'אויער פארנעמט אַ טויב גערויש, מ'זעהט: א מענש געהט איינגעבויגען קוים, הינקט, און שטעלט זיך אָב, הויבט דעם קאָפּ אויף, קוקט ברייט און טיף, און זאָגט:

— דערקענסט מיך נישט, דיין בלייכען התן מיט די

בלאָהע אויגען?..

און זי קוקט זיך טיף איין אין זיי און זאָגט:

— ניין, נישט בלאָה זענען דיינע אויגען, נאָר שווארץ, אזוי ווי דער תהום...

— ס'איז פון די נעכט וואָס אויפ'ן פעלד, מיין כלה, זיי האָבען געבּיטען די פארב; דערקענסט נישט דיין הויכען, שלאנקען יונגען התן, וואָס איז גלייך געווען ווי א בוים?

— ניין, כ'זעה א קריכּעל איינגעבויגען, מיט אויסגעקרומ־טע פיס, מיט א הויקער אויף די פלייצעס...

— אזוי? — וואונדערט ער זיך — איז עס פון ליגען אין גרוב, כלה מיינע, פון רעגען און ווינט — אויסגערקרומט; דערקענסטו מיך נישט אין קול, וואָס האָט דיך געלאָקט און פארצויגען אונטער'ן וואלד?

— ניין, דיין קול איז אצינד טרוקען, הארט, אזוי ווי מען ווארפט א שטיין אין בלעך.

— אַזוי?—וואונדערט ער זיך נאָך מעהר—אויך פאַרלוירען: דאָרט... אַלץ פאַרלוירען: ס'קול, ס'געשטאַלט, די מראה, און דאָך זעהסטו בין איך דער אייגענער אינווענינ פאַרבליבען; און אויב דו האָסט מיך געליבּט—קאָנסטו מיך ווייטער ליבען; ווייל פון דרויסען—יאָ, בין איך נישט מעהר דער אייגענער, איבערגעגאָסען אין אנ־אַנדערע פאָרם, און איבערגעשמידט; אָבער דו ליבסט דאָך נישט, וואָס ס'איז געווען שען פון דרויסען, וואָס די צייט האָט מיר געשענקט, נאָר וואָס ס'האָט אין מיר געבליהט פון אייביג אין דער נשמה, וואָס דאָרט האָט די צייט נישט אָנ־געריהרט גאָר...

און זי פאַלט אויפ'ן פנים און וויינט:

— קענסטו מיך אין דעם איבערצייגען, אַז דו בּיסט אינווענינ יאָ געבליבען דער אייגענער?.. אַז ס'פעלד האָט דיין נשמה נישט צוקאַליטשעט? און זי איז נאָך אַזאַ ליכטיגע?.

---

ווי שרעקליך ס'זענען חלומות און אונזיכער, אויב זיי זענען דערצו אַזוי פאַרקרומט, שלעפען זיך נאָך מיט אַזאַ

געפּעהרליכען זיג=זאַג; און זיי וואַרפען וועמען אַראָב, כהרף עין,—אין אַ טיפען אָבגרונד, און הויבען איהם תיכף אויף ביז אונטער די וואָלקען...

ווי עלעכט האָט זיך פייגעלע געמוזט שפּירען — מיד, אבגעמאַטערט, אָהן כחות, אויפמאַכענדיג די אויגען, און אומ=קוקענדיג זיך איבער די שטוב, נאָכטראַכטענדיג:

— ס'אַראַ חלום...

און וואו איז זי שוין נישט געווען אין דער דאָזיגער נאַכט, אין ס'אַרא וועלדער, מדבריות, און וואָס האָט זי שוין נישט געזעהן? איהרע פאַרשטאָרבענע ברידער'לעך, שוועסטער=לעך, אַלע—ווי זיי האָבען זיך גענומען פאַר די הענטלעך, און זיך געשנירלט אין אַ ראָד, זי האָט זיי דאָך אַזוי פיל געהאַט! איהר מאַמע איז דאָך צוזאַמענגעפאַלען פאַר צרות, ווייל קיין איינ'ס האָט זיך לענגער נישט געכאָוועט ביי זיי אין שטוב ווי ביז אַ יאָהר, אַ האַלב=יאָהר, אַנדערטהאַלבען יאָהר הויך— און געשטאָרבען...

יאָ... אַ קאַליקע איז ער דאָך, איהר חתן; הינקען הינקט ער—דאָס האָט איהר גראָד דער חלום נישט מגזם געווען; אין קריג געווען, אַ מתנה א היים געבראַכט: אַ שטיקעל פוס, אונ=טערגעשטיקעוועט ביים קנעכעל, און א קליינע קוליע, אַ מאָ=דערנע, עטוואָס גרעבער פון אַ געוועהנליכען שטעקען, אָבגעטאָקט, פּאָלירט, ריין, עלעגאַנט, און ער זאָגט:

— אַז ר'ברויך נאָר פאָהרען זיך לאָזען צואַרבייטען אַ שטיקעל פוס פון גומי—וועט ער שוין נישט ברויכען האָבען די קוליע אויך, און קענען אָנטון אַנ'עלעגאַנטען שוך, באַשטע=לען אַ גלייכע פּאָר פאַר ביידע פיס אויף איין מאָס, און דער דאָזיגער וועט זיין נאָך מעוהר נעט, צוגעשניצטער, מיט מעהר לאָק, רייץ, נאָר ס'גאַנצע אומגליק, אַז ער וועט קיין מאַכט נישט האָבען אין איהם...

כאַ=כאַ=כאַ... יענעם וועט עס אויסגעציילענט קענען אָבּ=נאַרען, אָבער—אָבער זיך? זיך אַליין אַראָבגנב'נען ס'היטעל פון קאָפּ?

זי דערשפּירט עפּיס אַ וועהטאָג אין פוס, און זעצט זיך ראַפּטום אויף. זיצט רוהיג, שטיל, געלאַסען, הערט זיך איין. פון דער אַנדערער שטוב הערט זיך אַ מיד כראָפּען, דאָס האָ־בען זיך טאַטע־מאַמע צוגעלענט, פאַרהאַוועט, פאַרקאָכט, פון אָנלויפען זיך א גאנצען טאָג.

— אַ קליינינקייט? ס'אַראַ נחמה? זייער איינציגע בת־יחיד'קע דערלעבט מיט מזל צו דער חופּה פיהרען!

ליגען זיי אַצינד, אַוועקגעפאַלען איבער וואָס־ס'איז, אַ שטיין־אַ ביין,—שלאָפען זיס, טויט־מיד; און ארום זיי שטעהט אַלץ אָבגעשטעלט, שטעהן שטויסען טעלער—אָנגעברענגט, אַנ־דער געשיר, אָנגעבאָרגט ביי שכנים, קרובים, סתם—מענשען, און ס'איז נישטאָ, קיין אָרט זיך וואו אויסצודרעהען, אַ טריט־צו־טון—מ'זאָל נישט אויף עפּיס אַרויפקריכען...

אויף אַלעם ליגט דער שטעמפּעל פון צערידערטקייט, צע־טראָגענקייט, און אַלץ איז אַזוי אומבאַשטימט, און טראָגט דעם כאַראַקטער פון איילעניש, כאַפּ־לאַפּ, פאַרטון, אַוועקגעוואָרפען פון דער האַנט,—אַזוי ווי אַנ'אומגעריכטע זאַך. אַ שטייגער: די נאַכט—האָט זיך אַריינגעמישט און געשטערט, אָבגעשטעלט דעם גאַנג פון דער אַרבייט, אויף אַזוי לאַנג, ביז ס'וועט צוריק ווערען טאָג, און דאַן וועט זיך צוריק נעמען רידערען, פּי־בערהאַפּט. מאַכען די לעצטע הכנות פאַר שקיאה, וואָס זי האָט נאָך אַ מיידעל צו זיין,—ביז ס'וועלען זיך געסט צוזאַמענ־קומען, איהר אין כלה־שלייער פאַרהילען, אין וועלאָן אָנטון, אויפ'ן כלה־שטול זעצען...

און זי זינקט אַזוי אין מחשבות, ס'לעמפּעל ברענט כסדר העל־אַרויפגעדרעהט, די ליכטיגקייט באַגיסט די שטוב אָהן אויפהער, אַז ס'אַרט איהר אַזש אין די אויגען, וועלכע נעמען פינטלען; זיי מאַכען זיך־צו און מאַכען זיך־אויף, די ברעמען שליסען־אָב ס'אויג, שוואַרצע רעדער געהן אַרויף, נעמען זיך דרעהען פייל פון בויגען, פונקען שפּריצען...

— אַך, וואָס איז דאָס? מאַמעלע, היט מיך, נעם מיך צו דיר!.. באָבעשי!.. קליינע קינדערלעך מיינע, געשטאָרבענע

בריִדערלעך מיינע, געשטאָרבענע בריִדערלעך—זייט מגין אויף מיִר. נעמט מיִך איִן ראָד אַריין, כ'ביִן אייער שוועסטער'ל דאָך, פאַרשעמט מיִך ניִשט!..

האַרט אונטערן אויוּוען קריִכט אַרויס אַ קאָפּ, בלויז—אַ קאָפּ; באַלד! פריִהער—רודערט זיִך אַ וויילינקע, רודערט זיִך, און ס'ווייזט זיִך אַ פיִרעקענדיִגער קאָפּ מיִט אַ פיִרעקענדיִגע נאָז, מיִט פיִרעקענדיִגע נאָז-לעכער, אַ פיִרעקענדיִג מויל, פון וועלכען ס'קריִכט אַרויס אויף אַ צאָהל די גרעב—אַ פיער, עקענ'דיִג שטיִקעל צונג...

— כע? אָהן לייב און לעבען? יאָ? מאַמעלע, צו וואָס קומט ער, די נשמה איִהרע צונעמען?..

און ער רוקט זיִך ווי אַ קלעצעל,—זי שפיִרט איִהם נענטער, און רוקט זיך אָב פון איִהם: ער געהט איִהר נאָך; זי געהט ראַש אַוועק, און ער—ראַש נאָך, זעצט זיִך צו איִהר אויפ'ן האַרץ, נעמט די בריִסט-וואָרצלען איִן מויל אַריין, און זויגט ווי אַ זמאָרע. איִהר ווייסט פון אַ זמאָרע? זי וויל שרייען, מאַכען וועניִגסטענס מיִט די הענט,—איז אָבער ביי איִהר אַלץ געלעהמט, אָבגענומען קען זיִך ניִשט אַ ריהר טון, ביז—זי שטרענגט זיִך אָן, און גיט זיִך מיִט איִבערנאַטירליִכע כחות אַ וואָרף, רייסט זיִך אַרויס פון שלאָף, איִז איִהם מנצח, און ליִגט שוין ווידער אויף, קוקט און טראַכט:

— ס'אַביִטערע זאַך מיִט איִהר איִן דער נאַכט, ס'זאָל איִהר אַזוי פייניִגען וועט זי משוגע ווערען!.. בנאמנות—משוגע ווערען!..

און זי קריִכט דערנאָך אַראָב פון בעט, איִנגאַנצען שוין וואַכענדיִג, בלייבט שטעהן נאקעט-גאָל, איִן איינעם העמד, די פיס—בלאנק, שטייף, יונג-געבוירען, פריש-געוואַקסען, היִרשען-פליִנק,—געהט מיִט לייכטע טריִט, אויף די שפיִצען-פיִנגער, און בלייבט א ווייליִנקע שטעהן ביים פענסטער...

איִן דרויסען ליִגט די נאַכט, אַ שטיִלע קלאָרע נאכט. אַך, אַזוי איִן פרייען אַרויס, צו איִהר; מוטער-נאַקעט איִן דער מוטער-נאַכט-אַריין, עפּיס וואָלט איִהר קלאָרער געוואָרען דער

קאָפּ, און ליכטיגער מיט איהר—די נאַכט, אַזוי ווי מיט אַ שטערן, וואָס וואָלט אַראָבגעפאַלען צו דער ערד, זי וואָלט אַ שטערן געווען צו דער ערד, און געלויכטען פון עק ביז עק-וועלט, אַלעמענס אויגען וואָלטען געבליבען צוגעשמידט צו איהר לייב, און טויזענט בליקען — געשטילט זייער דורשט, אויף איהר קוקענדיג...

און איהרע באַקען נעמען ביי דעם געדאַנק זיך באַפּאַר-בען מיט אַ ראָזאָווער פאַרב. ס׳גערגעלע איבער׳ן גלעזעל פון לאָמפּ, אויפ׳ן באַלקען, פאַראינטערעסירט איהר מאָדנע שטאַרק, אַזוי ווי אַ זון-גערגעלע אויף דער וואַנט; זי טוט מיט אַמאָל אַ ציטער, די פייכטע לופט, וואָס ציהט פון דרויסען דורכ׳ן שלעכט-פאַרזעהנעם פענסטער, האָט שוין גוט גערונצעלט איהר לייב...

זי וואָלט שוין גערן צוריקגעגאַנגען אין בעט, האָט זי אָבער מורא פאַר׳ן שאָטען; זי איז גאָרנישט אַזוי הויך, אַזוי גרויס און לאַנג—ווי ס׳איז דער שאָטען. כע? עפּעס הייקעלט ער מיט זיך אַרום אַ האַלבע פאָדלאָגע, די גאַנצע וואַנט, ביז אַ העלפט אין באַלקען אַריין...

— ווענענס שאָטען? מ׳זאָגט—הושענה-רבא ביי נאַכט, יום-כפור, זעהט דער מענש נישט זיין שאָטען, אַז ס׳איז איהם אָנגעשריבען צו שטאַרבען דאָס יאָהר. ס׳איז טאקי קינדעריש, ווען זי איז געווען קליין, האָט זי בלויז מורא געהאַט, אָבער ווען ס׳האַרץ שרעקט—איז אַ קינדערשע מורא פאַר אַ דערוואַק-סענעם אויך נישט קליין. מיט וואָס איז די חתונה-נאַכט ביי איהר ערגער פאַר יום-כפור, הושנא-רבה?...

שטעהט זי פאַרגליווערט, אַ שטיק שטיין—זי וואָלט שוין גערן זיך צוריק אַריינגעקריכען אין בעט אַריין, האָט זי מורא — טאָמער ריהרט זיך נישט דער שאָטען? דענסטמאָל ווייסט זי, שטעהט שוין דער טויט ביי איהר אונטער׳ן טיר, און היט איהר אָב...

און אַזוי ווי דאָס צינגעל פון אַ וואָג-שאָל, וואָס וואַ-קעלט זיך אַהין-און-צוריק—צאַפּעלט זיך איהר פוס, ביז ער

באַוועגט זיך אויף אַ האָרעלע, גיט בלויז אַ ציטער, און אַ קינ־דערשע פרייד באַפאַלט איהר, זי פּאַטשט צוזאַמען די הענט:

— יאָ, ביים שאָטען האָט אויך דער פוס אַ ציטער־געטון... ס'איז איהר שאָטען, איהר שאָ—אָ—אָ—טען!..

— — — — — — — — — — — —

די באָבע האָט זיך אויפגעכאַפּט, שווער צו וויסען: אויב פון פּאַטש, צי פון געשריי, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פאַר פרייד פון איהר האַרץ, און זיך ראַפּטום אויפגעזעצט, אַ קוק געטון, און באַלד נישט געגלויבט איהרע אויגען:

— פייגעלע שטעהט אין מיטען שטוב, פאַרכאַפּט, צענומען די פיס, און מעסט זיי, מעסט זיי הין־און־צוריק, הין־און־צוריק...

און זי קנייפּט זיך אויס שטיקער פלייש פון די באַקען:

— אַ כלה, רבונו של עולם! ס'קען אַ כלה אַזוי אין איהר חופה־נאַכט?.. איז זי דאָך פאַרפאַלען!..

פייגעלע רייסט אויף די אויגען, קוקט זיך טיף־איין אין דער באָבעשי'ס אויגען—און פאַלט באַזינען אויף איהר האַרץ, אַרומגענומען איהר ווי אַ קליין קינד איידער ס'געהט שטאַרבען, פול מיט געבעט און הכנעה:

— באָבעשי, פאַר דיין שטיב זאָל איך אַוועקגעהן, אויב כ'האָב עפּעס געמיינט מיט דעם, און אויב דו וועסט דאָס מיר פאַרדענקען, באָבעשי!..

---

די באָבע האָט איהר אַריינגענומען צו זיך אין בעט, און לאָזט איהר מעהר נישט אַרויס; אַנ'אַלט מענש, אַ זקנה,—דאַר לייב, מאָגער, הויט־און־ביין, אָבגעציטערט, איינגעשרומפּען, קאַלט; און ס'איז איהר ענג אינאיינעם מיט'ן יונגען בלוט, ס'פאַרברענט איהר דער אָטעם, ס'פרישע לייב עס גליהט איהר אַדורך... נאָר ווייל זי איז בלויז שרעק פאַר'ן יונגען מענשעל, נעמט זי דאָס פאַרלייב, קורטשעט זיך איינגאַנצען איין, און בעט שטיל:

— ממיני מיכאל, משמאלי גבריאל...

נאָר פייגעלע הערט נישט צו איהר געבעט; אין איהר קאָפּ היצט דער געדאַנק וועגען איהם, איהר חתן. אַז ס'קומט איהר אויס צו זיין מיט איהם באַנאַנד אין שטוב, אַזוי האָט זי מורא צו קוקען דאָרטען, אויף יענעם אָרט, וואו ס'איז צו־געשטיקעוועט דער שטיק פוס—ביז דאָרטען וואו ס'לאָזט זיך אויס דער נאַטירליכער טייל קערפּער, און ס'ווערט איבערגע־האַקט דער שטראָם מיט'ן גאַנצען גוף, און ס'הענגט אַראָב אַן איבעריג שטיק, אַ צוגעטשעפּעטעס, וואָס איז לחלוטין נישט בייטיג; אַזוי, אַז מ'זאָל דאָס אַוועקוואַרפען, אָדער לאָזען באַ־זונדער—וועט עס דעם גוף גאָר נישט שאַטען...

אָבער דאָ פאַרגעסט זי באַלד ווידער אָן אַלעם, דער קאָפּ פאַרמישט זיך, דער שכל צעפּאַלט זיך אויף קליינע דראָבּי־נע פּיצעלעך, ס'ווערט עפּיס אַ מיש־מאַש, אַ כאַאָס, אַ גאַנצער קלימפּער...

דוכט זיך: אויף דער נאַכט... פידלען בעטען זיך ווייך, טראָמפּייטען רייסען־איין, און דער באַס בלאָזט זיך: ביה... ביה... וואָס ווינען זיי?. אויף וועמענ'ס חורבן?.. האָט מען דאָ אין שכנית ליכט אָנגעצונדען צו קאָפּענ'ס פון אַ בר־מנן? זיך שבעה געזעצט?.. ס'ברענען לאָמפּען, בליצען, ס'לייכטען שפּיגלען, גלאַנצען, גלימערען... ס'זייד רוישט, טאַפט, אַטלאַס,— שוואַרץ־ווייס, גאָלד־געשטיקט. ווייבער געהן—האָפּ־האָפּ, מ'האָט דער כלה צעפּלאָכטען איהר צאָפּ, שווערע פּיס געהן גרינג, צאַר־טע הענט פּלעסקען־צו, שוואַרצע בערד פּעכ־שוואַרץ, גראָבּע קולות—מאַנסבילשע... שאַ־שאַ־שאַ — — — — —

— — — — — — — — — —

— ? — — — — — — — — —

מ'פּ הרט די כלה פאַרביי — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — מ'געהט צו דער חופּה.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

אַ ליכטיגע לבנה-נאַכט.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

צווישען גאָלדענע שורות, געפלאָכטענע הענט, צעפלאַקערטע הבדלות – פיהרען איהר גראָבע פעטע ווייבער, איינגעהאַלטען, נאָר בשמחה'דיג, שטייף, אַריינגענומען.

– מיט'ן רעכטען פוס!

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

שטעהט אין גערטעל אַנ'עולם, שטעהן חופה-שטאַנגען אויפגעשטעלט, און אונטער איהר אין ווייסען קיטעל–אַ מענש; קליין איז ער אַ פּיצעל, אנ'איפּה'לע מ'זעהט קיין לייב נישט אַרויס, מ'הערט קיין קול נישט...

יאָ.. דאָרטען שטעהט דער מענש מיט'ן פיערעקענדיגען קאָפּ. זי געהט איהם אַקעגען במתיפים ובמחולות, מיט געזאַנג און טענץ, מ'מאַכט איהם אַ וואַרע, די אונטערפיהרערקעס שווימען מיט איהר אין לופטען, אַז ס'בלוט ווערט איהר געשטייפט אין די אָדערען, די האָר–ווי די נאָדלען אויפ'ן קאָפּ, זי קען נישט שרייען, נישט וויינען, נאָר מיט יעדער רגע שטאַרקט זי זיך, און מיט איטליכען טריט נענטער–זאַמעלט זי מעהר כחות, איבערנאַטירליכע כחות, ביז זי נעמט זיך רייסען, פליקען אָבוועהרען:

– איהם אַקעגען געה איך נישט, איהם פאַר אַ מאַן–וויל איך נישט; און נייטען מיך–קענט איהר נישט...

אַ טומעל...

די חופה-שטאַנגען פאַלען זיך צוזאַמען, כהרף עין, דער מענש אין ווייסען–אַנטקומט, ווערט אויס, צערינט, פון גאַנצען עולם ווערט איין קופּע, אַ געפּעהרליכע, אומגעלומ-

פערטע, וועלכע פאַלט אַריין אין ספּאַזמען, און וואַרפט זיך מיט טויזענט הענט, גליהט מיט טויזענט אויגען, שרייט מיט טויזענט העלזער, און איבער זיי אַלע שרייט דער באַס: ביה... ביה... שאַלט דער טרומייט: טראַ—טאַ—טאַ— — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

העלער, אויפגעוואָרפענער טאָג.

ס'בעט שטעהט אַרויסגערוקט אין מיטען שטוב, פייגעלע ליגט אַרומגעבינדען נ'קאָפּ, טאַטע־מאַמע ברעכען זיך די הענט, טיף־פּאַרצער'ט, מיט פאַרוויינטע אויגען:

— אַזאַ אומגליק?

— אַזאַ אומגליק?

פייגעלע איז רוהיג, פּאָלקאָם רוהיג, ס'לייב ברענט איהר, דער קאָפּ איז אַרומגעבינדען מיט אַ נאַסע טוך, און זי שפּירט אַ חלשות אויפ'ן האַרץ.

די באָבע, איז דוכט זיך, איינגעשרומפּען געוואָרען; זי רעדט אָהן ציין, הייזעריג, אַזוי ווי פון אַ פאַס אַרויס:

— ס'אַ—קליינגקייט, אַ נאַכט? איידער מ'האָט איהר געקענט איינעמען? געשלאָגען, געה'הרג'עט, געקראָכען אויף די גלייכע ווענט—מ'זאָל זיך געוועזן ריכטען? געלעגט שלאָפען פריש און געזונד, און אַרויסגעשפּרינגען—משוגע!..

זי הערט זיך איין, פייגעלע, און וואָלט זיך גערן אָנ־גערופען, אָבער די צונג איז ווי אַ שטיק האָלץ, די קעהל— צוגעשניירט, נאָר וואָס דער מח האַקט, די שלייפען רודערען, און די אויגען פינטלען שאַרף...

דער יונג איז געקומען אַהיים מיט אַ שטיק שגעון אין קאָפּ; אויפ׳ן פּנים האָט זיך אַפילו וועניג־וואָס געשפּירט דער טיפער אומרוה, וואָס האָט איהם אַרומגעטריבען מיט אַ זעלכע פּינסטערע באַהאַלטענע כחות; עס איז דאָרט געווען פאַרגליווערט איטליכעס געפיהל, און ס׳האָט זיך בלויז געטונקעלט אין דער פאַרב, גאַנץ נאַטירליך, מיט דעם וואָס ס׳איז אָבגעבערענט געוואָרען פון אויסערגעווענליך שטאַרקע היצען.

זיין אַהיימקומען האָט אויפגעלעבט די שטוב, איהר אַריינגעבלאָזען אַ נייע נשמה; צעטריבען די קאַלטע מרה־שחורה, וואָס האָט זיך געשפּירט אין דרינען, ווי דער ווילגאָטש, אין די ווענט, און עפּיס פרעהליכעס האָט אויפגעלויכטען,—ס׳האָט זיך גיכער עפּיס גענומען ריהרען, פּונקט ווי אַ צייטיג פעלד מיט זאַנגען, אונטער אַ פאַרכמאַרעט שטיקעל הימעל, מיט אַ רעגען־ווינטעל.

און באַזונדער איז דעם פאָטער׳ס בליק הייטערער געוואָרען, זיך אַרויסגעקליבען פון טריבען, אויסגעריינינגט, אויפגעהערט ראָפּיען, און רויט־צינדען.

— אָ—האָ! ביסט טאַקי געקומען, זינעלע, דעם טאַטענ׳ס געריכטסען האָבען אַ מאָדנעם ציהען פון טויזענט מייל!. און אַפילו אָרימע... האַ? צו דער רעכטער צייט, בנ׳אָקעל,—איהם געקלאַפּט איבער די פּלייצע—גיס־אויף בוימעל, די מאַשין ראָסט, טיק־טיק... שטעה ניש! דיינע הענט זענען מיר נייטיג

ס׳לעבען...

ביים יונג בליצט דער שגעון פון קאָפּ, ס׳שפּירט זיך, קוקענדיג, אַ מאָדנע עקשנות אין זיין טון, אַ פאַרביסענקייט פון אַ הונט, אַנ׳אויסגעהונגערטען דערצו,—וואָס וויל דורכאויס דעם ביין צעקנאַקען צווישען די ציין; דאָס אַרומפליהען פון זיין בליק ביים סטריגעווען—גיט־אָן, ווי זיין קאָפּ וואָלט עפּיס דערביי אַרומגעפלויגען אין שוואַרצע, געדיכטע, פינסטערע וועלדער, וואָס פאַרטעמפּען נאָך מעהר אין איהם איטליכעס געפיהל, מאַכען אַיהם פאַר אַ חיה, אַ חיה־רעה, וואָס קען זיין גרייט אויפצושפּרינגען יעדע רגע פון טיש, אויסגלאָצען אַ פּאָר אויגען, און זיך אַליין, אָדער—ועמען אַנ׳אַנדערען צעפלעטען נ׳קאָפּ.

אויפ׳ן אַלטען ווירקט עס באַזונדער; ער זעהט איין אין יונג—ווי ער וואָלט עפּיס צוריקגעקומען אין אַנ׳אַנדערען גלגל איבערגעניצעוועט; און לויט זיין אַמאָליגע ברייטקייט, אויפגעהייטערטקייט ביז איצט, איז עפּיס אַ שטייגער ווי ער וואָלט אַראָבגעפאַלען פון זיבטען שטאָק אין אַ קעלער אַריין. יאָ, ער קען זיך נישט באַשאַפען דעם ריכטיגען באַגריף וועגען אַ מלחמה, און ווידער משפּט׳ן לויט׳ן זוהן,—אַז מ׳זאָל אָנהויבען ליידען פון משוגעת, ווען מ׳געפינט זיך אַ צייט אין איהר... קומט איהם אויך שווער־אָן צו גלויבען; ער קען זיך נישט דערקלעהרען די זאַך, און טענה׳ט זיך, ווי־נישט־ס׳איז אויס מיט׳ן זוהן:

— זאָג נאָר, דו־זינעלע, כ׳וייס וואָס דו האָסט דאָרט געטון, אויף דער מלחמה דיינע. זיך געדראַפּעט אויף די גלייכע ווענט, צי־זיך געגראָבען ווי אַ מילדוואָרים אונטער דער ערד... ביסט דאָך פינסטער ווי אַ מילדוואָרים!...

ס׳רעדען מאַכט אויפ׳ן יונג קיין איינדרוק נישט, ס׳לאָזט קיין וואַרימען שפּור אויפ׳ן פּנים ביי איהם,—ער איז אַזוי ווי צוגעשניטען פון איין שטיק, אויסגעקאָוועט פון בלעך, אַ לייםענער גולם, אין וועלכען ס׳שוימען נישט קיין רעגונגען, ס׳יעהרט נישט קיין מאַטעריע,—און ס׳דערהאַלט זיך אין איהם

ס׳חיות אויף אַזוי פיל, אויף אַזוי לאַנג,—ווי מ׳האָט איהם אַרונטערגעלאָזט אַ שם אונטער׳ן אָרעם, און אויב מ׳זאָל דעם דאָזיגען שם אַרויסנעמען—בלייבט נישט מעהר ווי אַ שטיק ליים, אַ ריכטיגער גולם.

ער טוט, און זיין מלאכה טראָגט דעם כאַראַקטער פון איין און דעמזעלביגען פאָרמאַט; און דער פאָרמאַט, די פאָרם— די איינע, נישט מעהר: ס׳בייטען זיך די פאַרהעלטעניס־שען. מ׳זעהט: אַ פּח אַרבייט אין איהם, און דער עיקר—אַ ווילדע צערייצטקייט, וואָס קען ווערען געשפאַנט ביז גאָר. דורך אַ קליינינקייט, אַ האָרעלע—מ׳גיט אַ קלאַפּ נאַגלע מיט דער טיר, אַ קלינג מיט דער שער, און ס׳הויבט איהם גלייך אונטער, ס׳זידט, די ציינער דריזגען...

אָבער דער פאָטער קען נאָך ריכטיג נישט באַגרייפען דעם טיפען ערנסט פון זיין געמיט, די שווערקייט, וואָס ליגט דאָרט אַזוי ווי פון גאַנצע הייזער. ער זעהט: אַ שטיק חוש, אַ תם, און מיינט, אַז דערמיט, וואָס ר׳וועט איהם פּאַקען אויפ׳ן צימבעל, אויפ׳ן שפּיץ, אין יענער אָנגעשטרענגטער רגע, ווען דער יונג גלאָצט אויס אַפּאָר אויגען, גראָד אַזוי ווי אַ לאָקאָ־מאָטיוו וואָלט אַרויפגעלאָפען אויף איהם, און איהם דוקא אויפוועקען, מאַכען לעבעדיגער, באַוועגליכער, אַז ער וועט אונטערשטעלען די שער האַרט אונטער זיין באַק, און אַ גע־שריי טון מיט׳ן גאַנצען כח:

— מאיר!

אַז דער יונג זאָל ווירקליך ראַפּטום אומקעהרען דעם קאָפּ, באַקומען אַ שטאָך אין באַק; ס׳איז טאַקי אַ חכמה, אַ נישט־געראָטענע, דערמיט וואָס ער ווערט נישט לעבעדיגער, נאָר פאַרקעהרט: פאַרקרומט דערביי זויער ס׳פּנים, כּפי אַ קראַנ־קען, וואָס מ׳גיסט אַריין אַ לעפעל פון אַ ביטערע מעדיצין אין מויל; ביים אַלטען רייסט זיך אָב מיט אַ געלעכטערל, אין וועלכען עס ליגט נאָך לעת־אתה אַביסעל גוטמוטיגקייט, אָבער— האָט שוין אין זיך די ערשטע שפּורען פון שרעק, טאַקי פאַר׳ן אייגענעם זוהן, וואָס טראָגט דעם טיפען שגעון אין זיך,

---

די פרייד איז גיך צעפלאָסען געוואָרען. און נאָך א טיפערע זאָרג איז אַריינגעקראָכען אין יונג'ס מוטער, אַנ'אַלטע צוזאַמענגעפאַלענע יודענע, ביי וועלכער די וואַנגען אונטער'ן האַלז האָבען אַראָבגעהאָנגען ווי די שווערע קייטען פון משאות און זי האָט נאָך שווערער אָנגעהויבען טראָגען דעם קאָפּ, שטייפער, נאָר ווייל זי איז געווען אַביסעל טויבלעך, און אַליין געליטען, האָט זי טאַקי מעהר געקענט פאַרשטעהן איהר זוהנ'ס צעמישטקייט ווי רער אַלטער, אָבער גאַנץ עגאַל, ווי ער—נישט געקענט זיך אויך צונויפרעדען מיט איהם, דעם זוהן:

— מאַיר! וואָס אַרבייט אין דיר ארום, מאַיר?

מאַיר! דער יונג, הערט, און רעדט נאָך דערווייל—נאָר וואָס ער קוקט סטראַשנע מיט די אויגען, באַוועגט שטייף מיט'ן קערפּער און הדוש'ט זיך אויף איהר, דער מוטער:

— וואָס, מאַמע, אַרבייט אין מיר אַרום?

ביים פאָטער רונצעלט זיך אַ קלאָר שמייכעלדיג מינעלע אויף די ליפּלעך, אַזוי ווי אַ שנירעלע די לענג, און לאַכט זיך באַלד אויס:

— גולם-נאַר, וואָס ווילסטו זאָל ער דיר זאָגען, אַז אַ דבוק זיצט אין איהם? ער איז דען גלייך צו אַ קראַנקען, וואָס פּיהלט אַז ס'טוט איהם וועה?.. זעהסט נישט אין זיינע אויגען, אַז ר'האָט אַ מישונגג אויף די געהירען?

דער אַלטער האָט אויך נישט ווענינ יסורים, כאָטש אויף זיינע ליפּען שלענגעלט זיך ס'בלאָהע שמייכעלע; ס'קריינקט איהם טיף פאַר'ן זוהן, און אין צייטען ווען ר'איז מיט'ן אַליין אין שטוב,—כאַפּט איהם אָן אַ מורא צו זיצען אין זיינע ד'-אַמות.

— אַ קשיא אויף אַ מעשה מיט אַזעלכע זאַכען, אַז ס'משוגעת קען זיך אָנכאַפּען אין איהם, צעשפּרייטען אין אַ העליש פייער?

און כאָטש ס'האָט ביי איהם נאָך קיינמאָל זיך נישט אָנ־געכאַפּט, נישט אויסגעבראָכען אין ספּאַזמען, נאָר מיט איטלי־כען טאָג מעהר זיך פאַרטיפט, — האָט די שרעק ביים אַלטען געוואַקסען, און מיט יעדען טאָג זיך מעהר געשראָקען; ער האָט שוין אויפגעהערט מיט איהם זיך צו מאַכען געלעכטער־לעך, טרייבען הלצה'לעך. און געוואָלט גיכער עפּעס מעהר דערגעהן פון איהם, — כאָטש ר'האָט געוואוכט ס'איז אַ פאַר־פאַלענע זאַך.

— זאָג נאָר, מאַיר, דערקענסט דעם טאַטען?

דער יונג שטעלט־אויף די אויגען.

— וואָס ס'אַראַ שאַלה, טאַטע?

— און די מאַמע?

— איז מאַמע.

— און דעם ברודער?

— ברודער.

— נו, אויב דו זעהסט די שטוב ווי זי איז, ס'איז נישט קיין גרויסער חלוק אַפילו, טאָ וואָס־זשע ביסטו אַזוי פרעמד צו איהר?

דער יונג פאַרשווייגט; און דער אַלטער זוכט נאָכמעהר עפּיס אַרויסצופרעסען, אַזוי ווי ר'וואָלט באמת גליקליך געווען מיט יעדען וואָרט וואָס ר'קריגט אַרויס; און ער פאָרשט איהם ווייטער אויס:

— זאָג־זשע מיר, מאַיר, דעם יסוד אויף וואָס כ'האַלט זיך ביי דיר אָט ס'משוגעת, — אפשר קען מען געפינען אַנ'עצה ותחבילה עס אויסצוראָטען?

דער יונג רעדט נישט, ער פאַרבייסט נאָר די ליפּען, ציהט־איין די באַקען, — אַזוי ווי ר'וואָלט געהאַט לעכערדיגע יאַשלעס, אָהן ציין, און ווייזט אַרויס אַזאַ פאַרביסענקייט נישט צו רעדען קיין וואָרט, אַז דעם אַלטען ווערט קאַלט אין די ביינער.

אַנ'אַנדערס מאָל, דער אַלטער פאַרגעסט ווידער אין די שטומע אומגעוועגליכע רציחה, אין וועלכע ער טרייבט אַריין

דעם יונג, און ער זעהט איהם אַ רוהיגען, נאָר—אַ טעמפּען, אַ געפּיהללאָזען,—אַזוי הויבט ער ווייטער=אָן זיך אויסצופרעגען ביי איהם שטיל, געלאַסען—מיט אַ קאַלטע לונג=און=לעבער, פון אָנפאַנג גאָר=גאָר ווייך, דעליקאַט:

— מאַיר, דערשראָקען? ער שווייגט.

— מאַיר, אויסגעמישט זיך אין קאָפּ עפּיס, אָבגערי=סען, האַ?

ר׳זאָגט גאָרניטש.

— מאַיר, נישט אַמאָל חרטה? ווען געשטאָכען?..

דערמאָנט זיך דער יונג עפּיס, ס׳גיט אַ פּיק אינווענינ, און באַלד אַ שאָקעל אויפגעלעגען מיט׳ן קאָפּ:

— יאָ, געשטאָכען...

— איינמאָל?..

— ניין, אַ סך מאָל!

— אויפ׳ס טויט?

— אויפ׳ס טויט.

אַזוי קומט שוין אויס ביים פּאָטער גאַנץ נאַטירליך זיין משוגעת, און ער לאָזט אראָב נ׳קאָפּ, טראַכט גאַנץ געלאַסען, גראָד אַזוי ווי איבער אַנ׳ענטדעקונג ביי אַ פרעמדען, פאַר=געסט זיך, ביז ער הויבט געווענליך אויף נ׳קאָפּ,—דערזעהט אַ פּאָר אויגען בליצען, און בלייבט שטעהן אַקוראַט ווי איינער וואָס=געהט פאַרטראַכט דערשפּירענדיג במחשבה, ער איז אַרויף אויף דער גלייכער וואַנט.

---

און די שטוב האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלעבט מיט איהם; כאָטש זיין פעהלען האָט אַ סך מעהר אויסגעמאַכט ווי ס׳איצטיגע זיין אין דער היים, ווייל דער שווערער עול פון יונג׳ס זיין אויף דער מלחמה האָט נישט אָבגעטרעטען אויף קיין רגע, אַזוי גוט ביים עסען, ביים שלאָפען, און צוגעלעגט ווי אַ שווערע משא...

מ׳האָט זיך איינגעלעבט מיט איהם, גראָד ווי מ׳האָט אַ סוכאָטניק אין שטוב, פאַר וועלכען מ׳געהט אַרום מיט שטילע

טריט און מיט אַ באַהאַלטענעם ציטער, מיט אַ שטומען פּיין, וואָס גריבעלט כסדר ביים האַרץ, און מיט אַזאַ טיפע, קאַל־טע, אויסגערעכנטע און אומברחמנות'דיגע געלאַסענקייט,—ווי ס'לעבען פון אַזאַ שטייגער מענש איז...

מ'האָט זיך איינגעלעבט, ווייל—ס'איז פאַריבער אַ וואָך, אַ חודש, און דער יונג האָט זיך געפיהרט שטיל, אַרטיג,—האָט מען שוין נישט מעהר געקלערט וועגען איהם; ער איז קיין־מאָל נישט אַרויס פון דער ליניע, נאָר אַזוי איינטאָניג, מאָ־נאָטאָן איז געווען זיין האַלטונג, אַזוי ווי פון איין באַשטימ־טע פאַרב, פון איין מאַשטש,—אַזוי איז ער מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ מעהר נאַטירליכער פאַר דער שטוב, נאַטירלי־כער פאַר די מענשען, און אַפילו פאַר טאַטע־מאַמע.

— מילא, מ'זאָל וויסען, אַז מיט וואַרפען אַ שטיין אין הי־מעל אַריין, קען מען האָבען אַ שטיקעל פעולה—וואָלט מען אפשר געוואָרפען אויך. וואָס קומט אַרויס? אַ מענש ווערט קראַנק,—פיבערט, ס'וואַרפט איהם אין קדחות, שטרענגט ער אָן אַ שטוב מענשען, אַ הויז, ביז ער ווערט איבערהאַלטען, ס'אַ־קריזיס; און דאָס איז אַ זאַך וואָס האָט שוין נישט וואָס צו איבערקומען? ס'האָט געשיינט צו זיין אין איהר גרעסטען מעמד?

די מוטער האָט זיך סוף־כל־סוף, נאָכ'ן נאַנצען רעדען פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איינגאנצען זיך מיאש געווען און איהם־געהויבען מיט די שווערע וואַנגען אונטער'ן האַלז ווען ס'מויל האָט נאָר באַשטעטיגט איהר אומגליק:

— אַז ס'קומען זיינס האָט נאָר קלאָרער געמאַכט איהר בראָך; אַזוי איז עס געווען צעשווימען, צעפאַלען, און די רעיונות האָבען אַ סך מאָל איבערגעשטיגען די שרעק גופא—נאָר אַציינד קען מען עס אָנטאַפּען, ס'האָט אַ ממשות... ס'איז נישט מעהר קיין בלינדע זאַך...

אויפ'ן אַלטען'ס ליבען האָט זיך ס'שמייכעלע איינגעצוי־גען אין די ווינקעלעך געוואָרען בלאַסער, בלאַסער, ביז ס'איז

אײַנגאַנצען אױסגעגאַנגען: אױף ער האָט ס'אײגענע געהאַט שטעקען אױף דער שפּיץ־צונג, נישט אַראָבגערעדט, נאָר בײ יעדער געלעגענהײט מסכּים געװען אױף איהם:

— אַ לעבעדיגער בר־מנן...

אױפגעהערט צו פאַרפיהרען שמועסען, נאָר צוקוקען זיך צום משוגעת, װאָס האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהױבען מיט איט־ליכען טאָג צו פאַרענדערן, באַקומען אַ שיגוי; אַנ'אַנדערע קאָ־ליר; אַזוי האָט מען געקאָנט באַמערקען: װי ס'נעמט זיך עפּעס אָברײסען דאָרט, אינװעניג. פלאַמען אױף די באַקען, אַ בלישטשעל אין די אױגען...

און ער, דער פאָטער, האָט זיצענדיג בשכנות מיט'ן יונג, געשפּירט, װי ס'קומט צו אַנ'איבערבראָך בײ איהם; אַ רגע האָט עס איהם דערפרעהט ביז גאָר, און נישט געקענט זיך מעהר אײנהאַלטען אױסצושרײען:

— יענטעל, כ'זאָג דיר ער װעט נאָך אַרױסקומען!..

אָבער באַלד אַראָבפאַלען פון דער גדולה, און נישט צו גלױבען אין זײנע אײגענע רײד; און גיכער איז איהם אױס־געקומען צו פאַרטראַכטען איבער עפּעס אַ װילדקײט, װאָס װעט זיך אַמאָל אָנכאַפּען אין איהם, אין אַ צורײצטקײט אַ טעמפּע,—װאָס װעט אַראָבװאַרפען פון איהם דעם מענש, אַנט־פּלעקען די װילדע חיה, דעם רױהען אינסטינקט—אַז ער זאָל עלול זײן צו ממית'ן, דערשטיקען...

---

דער יונג געהט אין גאַס; ער געהט אָנגעצױגען, שטײף־פּונקט װי מ'לאָזט נאָך אַ שפּרינגזענע, פון אָנהױב—אַזוי װי אַ גראַנאַט, אַרױסגעשאָסען מיט אַ שמאַרקען אימפּעט, און װאָס אַ רגע—פאַמעליכער, פאַמעליכער, ביז ער בלײבט אײנגאַנצען שטעהן—טר־ר־ר!.. קוקט מיט אױסגעגלאָצטע אױגען, און צו־ריקגעהאַלטען—מיט אַזעלכע פינסטערע כּחות, גראָד װי עטלי־כע מענשען אױף אַ מאָל װאָלטען איהם געפּאַקט און געװאָלט דורכאױס אַװעקלעגען אונטער די שינעס פון טראַמװאַי, אַז די רעדער זאָלען איבער איהם אַדורך, און צערײבען...

דער יונג שפּירט די גאַס נישט; ס'בלענדעניש, דאָס פּילפאַרביגע אויסגעמישטקייט פונ'ם געהן, און פּילפאַכיגע צו־זאַמענרעדען פון לשונות, דער כאַאָס—ס'ווירקט נישט אויף איהם, פאַראינטערעסירט נישט זיין מח.–ער איז, פאַר זיך, געׅנומען–איינציג און אַליין אויף דער גאַנצער גאַס, און אַחוץ איהם איז קיינער מעהר נישטאָ; זיין באַסט, די נבורה, דער כח—דאָס געוועלטיגט איבער איהם, און ער איז שטאַרקער פאַר אַלעם וואָס ס'איז אַרום איהם, און טרייבט איהם אַזוי צווישען אַלעמען, ווי אַ ריז צווישען קאַרליקלעך, מילבען,— מיט אַ שטאָלערן האַרץ, שטאָלערנע שלייפען. געשטאָלטע מוס־קולען, צעגליהטען אָטעם.—אַלץ קאָכט אין איהם אַזוי ווי אין אַן'אויפגעזידטען קעסעל, וואָס נעמט ברומען, סאַפּען, און ברויך נאָר־וואָס אויסזעצען, אָנמאַכען חורבות, אָנקאָכען אויפ'ס טויט אַלץ און אַרום.

און עפּיס, אַ פּנים—פּיהלט ער דאָך, דער יונג, ווייל,— רגע'ס־ווייז פאַרשאַרפט זיך דער אויסדרוק אויף זיין פּנים, ס'ווערט ערנסטער, כמורנער, און רגע'ס־ווייז–מילדער, ווייכער, ס'הויבט־אָן שמייכלען, שמייכלען־אַזוי ווי פון טיפע אינערליכע הנאה, און צופרידענקייט...

און דאָס איז אויך קענטיג דענסטמאָל, ווען עפּיס אַ באַ־קאַנטער גיט איהם פריינדליך אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— הע, מאיר,–אַ שטיק חיה גאָר?..

פאַרקוועטשט ער די ליפּען מיט אַ זויערע מינע, און זוכט איהם שכל'דיג אויסצומיידען, צו פּטר'ן; ער לויפט באַלד אַוועק פון יענעם אויף אַ מהלך; און דוקא נישט באַוואוסטזיניג, ווייל— ס'קען זיין, אַז ער ווייסט אפשר גאָר נישט אַזוי זיך צו האַל־טען גאַלאַנט, אָבגעמאָסטען און אָבגעוואויגען איטליכען טריט.— טיק־טאַק; און גראָד ווען עמיץ, אַזעלכער, פאַקט איהם און נעמט געהן מיט איהם האַנט ביי האַנט, און וויל זיך אַ דורכ־שמועסען, ווי־ס'גיט־זיך:

— וואָס איז, מאיר, דיין קאָפּ טראָגט נישט אויס די גאַס? ביסט געוואָרען אַ שונא די מענשען?

פיהלט ער דאָס ניִשט, און געהט דענסטמאָל אַזוי מאַ־שינאַל־גיִך, אַז יענער בלייבט באַלד אונטערשטעליג אויף אַ מהלך, און הערט גאָר ניִשט ס־נאָכשרייען:

— מאיר, מאַיר, וואָס טראָגען דיִך די רוחות אַוועק?

---

אין שטוב פֿאַרשאַפּט ער דערמיִט צרות; מאַכט כסדר צורעכט וואַכ־נעכט, ווייל דער יונג פֿאַרגעסט אָפּטמאָל דעם חשבון, ער ווייסט ניִשט: ווען ס'נעמען זיִך אויס די נאָרמאַלע שפּאַציר־שעה'ן אין גאַס, און אַז אַרום דריי־פיִער פאַרטאָג'ס איז ניִשט ס'אייגענע וואָס תחלת־נאַכט, און ווערט אָפּטמאָל פֿאַרפאַלען ביִז'ן גראָהען טאָג אַריין.

טאַטע־מאַמע קריִכען ארום ניִשט דערשלאָפען, ווערען משוגע וואַרטענדיג, פאַרליִרען יעדע געדולד, ווערען גריִן פאַר זאָרג און קאָפּ־דרעהעניִש; מעסטען די נעכט אין דער לענג און אין דער ברייט, די שעה'ן, וואָס ציִהען זיִך אויס ווי אויף צו־להכעיס; דער אַלטער געהט קיינמאָל ניִשט שלאָפען, נאָר שלאָנד'רעוועט אַרום צו גאַנצע נעכט, וואָרקעט עפּיס שטיִל, וואָרקעט:

— נו, יענטעל, ניִשט געהאַט קיין מנוחה, האָט ער זי מיִר פאַרשאַפּט, האַ?

די מוטער רעדט גאָר נישט, ווייל דער אַלטער רעדט באַלד, ניִשט אויף עפּיס זיִך צו דערוואַרטען אַ תשובה פון איִהר; נאָר דערנאָך ווען ער דערשפּיִרט שוין די שפּעטקייט פון דער דריִטער אשמירה אין די ביינער, מיִט דער מאַט־קייט וואָס, צעלעגט זיך אויף זיין גוף, און, אַלץ ווערט אויף איִהם שווער, ער קען שוין מעהר ניִשט איינשטעהן אויף די פיִס,—אַזוי מאַכט ער זיִך קוראַזש, נעמט זיִך צום ווייב, און רעדט מיִט פאַרדרוס:

— יענטעל, כ'זאָג דיִר, יענטעל, ס'וואָלט גלייכער גע־ווען, ער וואָלט געשטאָרבען!. איידער אַזאַ לעבען?

די אַלטע שאָקעלט מיִט'ן קאָפּ אויף: אַזוי־זיִך, און רעדט ווייטער ניִשט,—דאָ ווערט שוין דער אַלטער מעהר אָנגעברויגזט'־

ער, און זאָגט העכער ס׳אייגענע:

— יענטעל, גלויב מיר, ער וואָלט זיך און אונז מעהר טובה געטון — ער וואָלט געשטאָרבען, אָדער אויסענגעבליבען דאָרטען!

די אַלטע שפייט־אויס, און בטל׳ט אויס אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ...

אָבער דער אַלטער האַלט זיך פעסט ביי ס׳זייניגע:

— גלויב מיר, יענטעל, ס׳וועט שוין פון איהם קיין לייט נישט זיין, נישט מעהר ער וועט זיך און אונז דערגעהן די יאָהרען...

די אַלטע קומט אין כעס אַריין, און שרייט־אָן אויף איהם:

— נו, מילא, נעם אַ מעסער, שעכט איהם, וועסטו זיינע פטור ווערען...

דער אַלטער רעדט מעהר נישט, נאָר טראַכט, און אַז דער זוהן קומט ענדליך אַהיים, פרעגט ער שוין מעהר גאָר נישט, מאַכט קיין כ״ע״ה נישט, נאָר פאַרלעשט גלייך ס׳לעמפעל, און נעמט זיך אויסטון, ברומענדיג:

— שלאָפען... שלאָפען...

דער יונג בלייבט שטעהן אַרומגעכאַפּט פון דער פינס־טערניש ווי אַ שטיק געשפענסט; זיין קאָפּ צעהיצט זיך, און ער נעמט בלאָזען פון זיך, עפּיס צו בורטשען, אַז דער פאָטער קריגט מורא; ער דערזעהט פלוצלינג אַ פּאָר אויגען גרינען, און לעגט זיך באַלד איבער, תוך־כדי־דבור:

— אַ שאלה, ס׳שטיק משוגעת זאָל זיך אין איהם צע־קאָכען, קען עס, ווער ווייסט־אומברענגען מענשען!..

ער צינדט־אָן אויף־דער־גיך ס׳לעמפעל און נעמט איהם איין:

— מאיר... מאיר גאַפּ... ביסט דאָך אַ גאַפּ!.. אַז כ׳לעש אויס ס׳לעמפעל ווערסטו ווילד ווי אַ חיה? געוויזען אַ גאַנג־ווע־גענע נישט צו שלאָפען אין דער פינסטער, טאָמער ווייסטו? אַהיימגעקומען, גאָט דער לעבעדיגער ווייסט, ס׳חיות אַרויסצו־

נעמען...

דער יונג לאָזט שווייגענדיג אַראָב נ׳קאָפּ, ווי ס׳וואָלט איהם גובר געווען די ליכטיגקייט, אָדער ער וואָלט ריכטיג דערשפירט די טיפע קריינקונג פון פאָטער, און טיף חרטה געהאַט.

---

ס׳קומט דער פאַרנאַכט, אַז דער יונג שטעהט אויף פון טיש, האַלט איהם דער פאָטער שטאַרק־אָן..

— מאיר, וואו וועסטו געהן? וואָס האָסטו דאָרטען אַ־זעלכעס?

די הויט אויפ׳ן לייב גרוילט איהם, שפירענדיג די שפע־טע חצות׳ן, ווען אַלץ אַרום וועט ליגען פאַרזונקען אין אַ טי־פען שלאָף, און ער וועט ברויכען זיצען, כאַפּען אַ דזשים און אויפכאַפּען זיך, אַ גאַנצע נאַכט זיך אויסקוקען די אויגען פון קאָפּ, טייל־מאָל ביז׳ן גראָהען טאָג אַריין, ביז ר׳וועט איהם דערלעבען צוריק זעהן, נ׳יונג; און דער יונג, ער בלייבט לכתחילה שטעהן, עפּיס באַדענקט, נאָכגיביג, און זעצט זיך ס׳רוב אָוועק אויף אַ בענקעל, זיצט אָב שעה׳ן, גיט נישט קיין פינטעל מיט קיין אויג, מאַכט נישט קיין תניעה צורעכט, נאָר וואָס ער גיט אלץ־איינאיינעם א שאָס, אין מיטען שטוב אַריין, דאָס אָנגעקליבענע שפייעכט׳ס פון מויל, און מיט אַזאַ כח, גראָד ווי עס וואָלט איהם שטארק געבריהט אינוועניג אונטער דער צונג, אָבער—ס׳וואָלט איהם שטאַרק געעקעלט דערפאַר.

דעם פאָטער ווערט נודנע אויפ׳ן האַרץ, און רופט זיך־אָן צו איהם:

— מאיר, בנאמנות, אויב דו זאָלסט נישט אויפהערען שפייען, קען מען ברויכען אָבגעבען די וויעטשערע...

דער יונג גיט אַ גלאָץ מיט די אויגען, אַ כלישנע מיט׳ן מויל, און אַ שאָס דאָס שפייעכט׳ס אין מיטען שטוב אַריין:

דער פאָטער, פאַר זיך:

— בנאמנות, ס׳איז נישט אויסצוהאַלטען מיט׳ן, ס׳וועט באַלד נישט זיין קיין אופן איין־צו־זיין אין שטוב...

דער יונג גיט נישט קיין מיגנע מיט׳ן אויג אַ קליינע ווײַלע—און ער גיט אַ שפּיי אין שטוב אַרײַן.

דעם פאָטער ווערט סוף־כל־סוף נמאס, ער קוקט זיך מעהר נישט אום, נאָר ברומט שטיל:

— אַלע גוטע תּניעות שטעקען אין איהם! אַ קאַט־שקע אין מויל—האַלט אין איין שפּייען!

דעם יונג ווידער ווערט אויך נמאס ס׳זיצען, און נעמט זיך ריהרען, פאַמעליך; אַ שעה—אַ טריט, און וואָס אַ מאָל—גי־כער, גיכער, ביז ער קומט אַרײַן און אַ ברען, לויפט, זוכט, שניפט, די נאָז־לעכער צעשפּרייטען זיך, די אויגען ווערען גרויס, אַ ווילדע אומגעווענליכע מורא הויבט־אָן אַרויסצושיסען פון זיי, עפּיס אַ פלאַטערניש, אַ צאַפּעלניש פאַרוואַרפט איטלי־כעס גליד זיינ׳ס...

און דענסטמאָל שטעהן שוין טאַטע־מאַמע פאַרבראָכען די הענט, אָבגענומען ס׳לשון, און קוקען נאָר צו ס׳גרייטע...

עפּיס מיינען זיי, אַז ס׳קומט דאָ זיין סוף, דעם יונג׳ס, ס׳וועט איהם אַ חולה־נופל אומוואַרפען צו דער ערד, און אַזוי לאַנג האַקען קאָפּ אָן ברעט, ביז ס׳לעצטע ביסעל חיות וועט זיך אָבטון פון איהם, און בלייבען ליגען אַ שטיק שטיין.

---

אין אַ שעה ווען דער יונג דערקענט נישט דעם וועג צו זיין היים, און די שטוב מאַטערט זיך, ווערט געפּייניגט—זיצט דער אַלטער פאַרטראַכט איבער זיך, און קומט נאָך אַ ברייטען ישוב הדעת, צום אַלטען:

— אַז ס׳וואָלט גאָר נישט געווען צו בעדויערען, ער זאָל דאָרטען געוועז פאַרבליבען...

די אַלטע שווייגט, און ער בלייבט ווייטער שטיל און האָט אַלץ מורא אַרויסצוברענגען פאַר׳ן מויל, וואָס ער קלערט שוין זייט אַ לענגערע צייט...

ס׳געהט אַוועק אַ קליינע ווײַלע, און ער גיט דערווייל עטליכע מאָל אַ קוק דורכ׳ן פענסטער אונטען־אַראָב, זעצט זיך

צוריק אויפ׳ן פריהערדיגען אָרט, און כאַפּט זיך אַרויס כמעט נישט ווילענדיג, אָבער זיכער:

— גלויב מיר, יענטעל, מ׳איז נישט זיכער מיט איהם אין שטוב צו זיין...

די אַלטע רעדט נישט.

דער אַלטער פיהרט ווייטער אויס ס׳זייניגע:

— טאַקי רוהיג, אַ שטיל משוגעת, אָבער, גאָט באַהיט. ס׳זאָל זיך אָנכאַפּען?.. יענטעל, דענסטמאָל זענען מיר קיין שום׳ס נישט זיכער מיט איהם... יענטעל...

די מוטער ווערט געשטאַרט פון זיינע רייד, אַ שטיק זאַלץ; דער אַלטער ברעכט זיך אונאויפהער נ׳קאָפּ, די מורא פאַר׳ן יונג׳ס משוגעת, וואָס איז איהם פאַרקראָכען אין קאָפּ, וואַקסט פון טאָג צו טאָג, פאַרגעהט צו ביסלעך ווי אַ בלאָנע איבער די געהירען; און צום ערגסטען איז איהם ביי נאַכט, ווען ער גיט זיך איבער צום שטיקעל שלאָף, אָהן אַ שמירה,— אַז דער יונג זאָל עפּעס נישט אָבטון מיט איהם אַ קינצעלע אַ שטייגער: ווי חם האָט נח׳ן אָבגעטון...

---

דער יונג, ווידער, שלאָפט זעהר שלעכט; ער לעגט זיך אַריין אין בעט—לויפט איהם אויף דער קאָפּ ווי אַ בייל; ס׳פּנים נעמט־אָן אַ שרעקליכען גרימאַס. אַ פינסטערע מראה, און די הויט ווערט צוזאַמענגעצויגען ווי אַ פענכאַרזש.

נאָכמעהר רעגט איהם ווען ס׳איז פינסטער; די געדיכטע שוואַרצקייט קומט איהם אויס, אַזוי ווי ר׳וואָלט געלעגען איינגעמויערט אין איהר, נישט אַ ריהר־צוטון זיך. און די פינסטערניש איז מסוגל דערצו, זי איז ממשות׳דיג־געדיכט, קלעביג, אַז מ׳קען טאַקי פאַרגעהן אין איהר; די שטוב־זאַכען זענען שוין פאַרגאַנגען, און אַציַנד—פאַרגעהט ער אַליין צו ביסלעך, אברים־ווייז, און ס׳וועט באַלד פון איהם אויך ווערען אַזאַ גראָה־קלעביג צעפלאָסען שטיק־פינסטערניש, מיט וועלכע די געדיכטקייט וועט נאָר שטאַרקער און פעטער ווערען מיט׳ן ביסעל קלעע אויף עטליכע גראַד.

דער כח־הדם, נעמט אַרבייטען ביי איִהם, פאַר דער האַלטונג פון שטיִקעל קערפּער, אַלע חושים נעמען זיִך צונויף לגבּאי די פּיִנסטערניש–איִהר גובר צו זיין, פאַרטרייבען, צע־בלאָזען און איִנאיינעם־אַריין דריִקט איִהם אויך דאָס שטיִלע שנאָרכען, וואָס וואַקסט זיִך אַרויס פון אָט דער פּיִנסטערניִש, וואָס זעהט אויס איִן זיינע אויגען, ווי עפּיִס אַ לעבעדיִגע חיה מיִט אַ גוף, און אָט די חיה מיִט איִהר שווערען אָטעם וואָס צעשפּיִלט זיִך רגע׳סווייז–שטאַרקער, שוואַכער, און וואַרפט איִהם ווי אַ שייטעל האָלץ איִן פייער...

זיינע הענט דרעהען זיִך צוזאַמען, ער פאַרהאַלט אויף גאַנצע רגע׳ס דעם אָטעם, גראָד ווי אַנ׳אָקס, וואָס שטעלט זיִך אַקעגען מיִט די הערנער גרייט צום שטויסען, און פאַלט פּלוצ־ליִנג באַלד אַוועק, אַזוי ווי ר׳וואָלט איִנגאַנצען אויסגעגאַנגען, ס׳וואָלט זיִך ראַפּטום אַלץ איִן איִהם אויסגעלאָשען...

אָבער דער צושטאַנד נעמט זיִך באַלד א׳יס, ער דער־שפּיִרט צוריִק ס׳חיות,—ווי עס הויבט־זיִך־אָן ביי די שפּיִצ־פּיִנגער פון די פּיִס, און ס׳געהט בליִצ־שנעל אַ קאַפּויר, אַזוי ווי עפּיס אַ וואַריִמער שטראָם איִבער׳ן גאַנצען קערפּער; און ער האָט ס׳געפּיִהל, ווי ס׳וואָלט עפּיס אַרומגעטאַנצט איִן איִהם, איִן בלוט, אַ שטייגער ווי ס׳איִז, ווען אַ פּוס ווערט אַנשלאָ־פענט, אָנגעשיִט, פולע אָדערן מיִט זאַמד; איִן קאָפּ רויעט, ס׳דוכט זיִך: מייז, פלעדערמייז, פליִגען, חיה׳לעך, היישעריִקען,—אַלץ צוזאַמען און איִנאיינעם. אַ גאַנצע מאָרעוויִסקע, און דאָס האָט איִהם באַזעצט. גראָד ווי ס׳באַזעצט אַ נבלה, אַ פגירה,— ערגיץ אויפ׳ן פרייען פעלד און פון וואָס ער האָט אויך קיין מאַכט ניִשט זיִך אַרויסצובאַקומען; און ער ליִגט אַזוי מאַכט־לאָז, אָבגענומען הענט־און־פּיִס, אַ שטיִק לייב־און־לעבען, נאָר מיִט אַ פּיִל שטאַרקערען שכל ווי ביי אַ געזונטען, וואָס פאַר־שטעהט, פּיִהלט און לעבט אַדורך די קלענסטע פּרטים פון יע־דע איִבערלעבעניִש, וואָס דרעהט זיִך מיִט דער גיִכקייט ווי פאַסען פון טראַנסמיִסיעס, און זעהן אויס ווי אויפגעמיִשטע זיילען שטויב אויף דער זון...

ער לויפט ערגיץ, פּראַלט, פינסטערע כחות יאָגען איהם עפּיס אונטער. אַ פינסטערע געדיכטעניש, צווישען שוואַרצע מחנות, מחנות שאָטענס; אַרום איהם, אין אַ טיפען וואָלקען, אין אַ געדיכטען קרייז, רינגלען איהם אַרום מחנות קראָהען, פלעדער־מייז, וואָס צופען, בייסען, פליקען, און ער קען נישט־לויפענ־דיג—אַרויס פון פאַרכשופ׳טען קרייז. מאָדנע קולות הילכען אַרום, בראַזגען, און ער שפירט נישט די ערד אונטער די פיס, קיין אָנטוכץ אויפ׳ן לייב, אַלץ איז אָבגעשיילט, צעפליקט, די פינסטערע כחות טרייבען איהם, טרייבען, ביז ער פאַלט, שטרויכעלט זיך איבער עפּיס, און בלייבט שוין ליגען אויף דער ערד, פאַרטויבט. איבער איהם—פאַלט נאָך עמיץ, איבער זיי ביידע—נאָך עמיץ, און איבער איין רגע ליגט שוין אַ גאנ־צער באַרג, אַ קלימפּער. ער ליגט גאָר פון הינטען, צוגעלעגט, אַז ס׳פעהלט באַלד אויס אָטעם, ס׳שטיקט, אַרום האַרץ ווערט ענגער, געפעהרליכער, אָט, שפּייט ער אויס דאָס לעצטע שטי־קעל אָטעם...

— ער קומט דאָ אויף, שפירט זיך נישט קיין אבר, אינגאַנצען פאַרשווייסט איז ס׳לייב, פערשטאַפּט ווי אַ האָרן, און טרעפט זיך באַלד ווידער דאָ, אויסער׳ן שלאָף—מיט דער אייגענער פינסטערקייט, אַנטקעגען וועלכער ס׳פאַרשאַפען זיך אַ זעלכע אומ׳היימליכע געפיהלען, און ער הויבט אָן בורטשען, צו־ערשט שטיל, באַלד העכער, טיפער, אומגעלומפּערטער, ביז ער שפּרינגט אַרויס, ס׳גיט איהם אַ הויב אין לופטען, אַ וואָרף אַראָב פון געלעגער, די אויגען קריכען שוין פון קאָפּ, די האָר ווערען שטייף ווי די דראָטען, די נאָז־לעכער שניפען געפעהרליך, ביז ער נעמט שאַרען מיט די הענט אָנטרייבען פון זיך די פינסטערניש, אַרויסקריגען זיך פון איהר, און ס׳הויבען־אָן פאַלען בענקלעך אונטער איהם, כלים, שענקלעך, אַלץ נעמט שפּרינגען, טאַנצען, קלינגען, דרעהען זיך, צוזאַמענ־פאַלען אין איין קופּע...

דער פאָטער שפּרינגט אַרויס פון בעט, אויפגעוועקט פון

געקלאַפּעריי, און פאַרביסען, אָהן לשון, נעמט ער זיך ראַנגלען מיט איהם אין דער פינסטער, איהם אָבשטע־לען, איינהאַלטען. אָבער דער יונג ווערט מיט יעדער רגע ווילדער, און וואָס מעהר ער דערפיהלט: מ׳שטעלט זיך איהם אַקעגען, אַלץ מעהר אַרבייט ער מיט זיך, און וואַרפט מיט מעהר גבורה, שליידערט מיט אַזאַ כח, אַז קיין צעהן פּאָר פערד קענען איהם מעהר נישט צוריקהאַלטען...

עס באַפאַלט איהם אַ מורא מיט איהם איינאיינעם צו זיין אין שטוב, און אַלע שאַרען זיך אַרויס אונטער דער טיר, איבערלאָזענדיג דעם יונג אַליין, אַרבייטען מיט זיך, מאַכען אַ תל פון אַלץ און אַלעמען...

און דער אַלטער שטעהט איינגעבויגען אין דרייען, ציטערט איינגאַנצען, און ברומט:

— כ׳האָב געוואוסט ס׳וועט אַמאָל אָנקומען ביי איהם, יענטעל, וועט מען נישט קענען מיט איהם מעהר איינזיין אין שטוב...

## פון פרידען:

דער גלח איז אָנגעקומען אין פּאַראַפּיע, נאָכדעם ווי דער אַלטער, אַ זקן, האָט אָבגעדינט ס׳דאָרף עטליכע זיבציג יאָהר, און געשטאָרבען אין טיפען עלטער; ער האָט זיך באַזעצט אינ׳ם הייזעל, וואָס איז געווען אין שכנות פון טמאה־הויף, און וואָס איז באַשטאַנען פון דריי אַלטמאָדישע שטיבלעך, פאַרעלטערטע, וועלכע האָבען אַ מאָל אָנגעקעהרט צום קאָשציאָל.

ס׳גלח׳ל איז נאָר־וואָס ארויס פון סעמינאַריע, און נאָך געהאַט די מוטער׳ס מילך אויף די ליפען; אויף זיינע באַקען האָט געשפּילט אַ יונג רויט פאַרב׳ל, ווייל די קלויס־טער־מויערען האָבען נאָך נישט אינגאַנצען געהאַט ארויסגע־צויגען דעם קלעע פון זיינע ביינער.

ס׳דאָרף האָט זיך מיט איהם דערפרעהט; ער האָט אָבגעריכט די תפילות מיט היץ, אינגאַנצען—פלאַם־פייער; ס׳פויע־רים־פאָלק איז שוין פון לאַנג נישט געוואוינט געווען אַזוינ׳ס צו הערען, ווייל דער זקן פלעגט דאָס מאַכען בלחש, מורמלען קוים־קוים מיט די ליפען, אויפגעהויבען די הענט, זיך שווער צוגעשאָקעלט, און מעהר געזאָגט אין־זיך, ווי אַרויסגע־ברענגט פאַר די ליפען.

די פויערים האָבען דערביי געקניט, און געציטערט אימת־מות:

— ס׳איז גאָר קיין גלח נישט, נאָר אַ שטיק פייער, ... אויגען בליצען מיט פייער, מ׳קען נישט נאָהנט איינ־

שטעהן ביי איהם...

אין אַ פּראָסטען טאָג איז ער קיינמאָל ניט איינגעזעסען אין שטוב, ס'גלח'ל; זיך אָנגעטון זיין ברייטע צעלאָזטע דעליע, דעם שטרויענעם הוט אויפ'ן קאָפּ, און זיך אַרומגעטראָגען צווישען די פעלדער, מיט די שטעקעס; באַבעס האָבען געקניהט פאַר איהם, געכאַפּט קושען די האַנט, און עלטערע, בעיאַהרטע פויערלעך—זיך איינגעבויגען אין דרייען און הכנעה'דיג איהם באַגריסט:

— ניעך-בענדזשע פּאָכוואַלאָני...

אַ פּראָסט פּנים, גרויסע אויגען, קעלבערנע, די ליפּען גראָע, עטוואָס אויפגעשאַרצט, אזוי ווי ביי אַ יונג פייער'ל, אָבער זעהר פרום, צוגעלאָזען, פּאָלקסטימליך, האָט ליב געהאַט אָבצושטעלען אַ קליין שייגעצעל, און זיך אַדורכצושמועסען—צי ער קען שוין גוט פּאַטזשערזש זאָגען...

אויף דער נאַכט איז ער געווען אין שטוב, אַרומגעגאַנגען הין-און-צוריק, אין בלויזען קאָפּ, אָנגעטון אין שוואַרצען כאַלאַט, וועלכער איז געלעגען אויסגעגאָסען אויף זיין גוף, און געווען פאַרקנעפּעלט פון אויבען ביז אַראָב ווי אַ קלייד; אָדער געזעסען פאַרטיפט איבער די ספרים'לעך, וואָס זענען געלעגען פאַר איהם אויפ'ן טישעל, פאַרגליווערט אין דער האַלב-פינסטערניש פון שטיבעל, אַזוי ווי אַ שאָטען צווישען שאָטענ'ס, זיך געפיינגט, און צומאָלט פאַרהערט ווען ס'פלעגט זיך אויפמאַכען די טיר, און איהם אָנזאָגען:

ס'וואַרט אין דרינען אויף איהם, אַ „קומע", זאָל געהן אַ חולה מתודה זיין...

---

אינאיינעם מיט'ן יונגען גלח'ל זענען די שטיבלעך אויך געוואָרען אויפגעריכט מיט אַ פרישע „גאָספּאָדיני"; די אַלטע, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אינאיינעם מיט'ן אַלטען גלח, האָט, נאָכדעם ווי מ'האָט דעם אַלטען גלח אַראָבגעלאָזען אין גרוב אַריין מיט'ן ארון זיך צוגעזעגענט מיט די שטיבלעך און געקושט די לייסט פון דער טיר.

זי וועט שוין מיט אַ פרישען גלח נישט מעהר אומ־געהן, און פאָהרט צו אַ קרובה אזוי אָבלעבען איהרע אַלטע יאָהרען, ווי לאַנג זי האָט נאָך צו לעבען...

די פרישע „גאָכפאָדיני" איז געווען אַ יונגע שיקסע, נאָר אַ פרומע, וואָס האָט זיך אויסגעכאָוועט אונטער די מויערען פון אַ שפּיטאָל, אין אַ קינדער־קלויסטער, וואו מ'האָט אויפגע־קליבען קינדער פון גאַס־אַראָב; זי איז געווען שטאַרק פרום, אזוי ווי די „שאָסטרע", וואָס האָט זי אויסגעכאָוועט. זי וואָלט אפשר אליין געווען אָנגעטון אַ ברייט צעלאָזט קלייד מיט אַ ווייסען קאַפּטור אויפ'ן קאָפּ, אַ בינט שוואַרצע קרעל מיט אַ גרויסען ווייסען זילבערנעם צלם אויפ'ן האַרץ, אַריינ־געגאַנגען אין שפּיטאָל, און אינאיינעם מיט זיי אַלע אומגע־גאַנגען מיט די קראַנקע, זיי מתודה געווען און געקושט ב'קאָפּ פאַר'ן טויט...

זי איז געווען שטיל, זעהר באַשיידען, זיך אָבגערוקט פאר זיינע טריט, איהם אַדורכגעלאָזט מיט א גרויס עהרענגע־פיהל; באַלד מיט'ן ערשטען טאָג פון איהר אָנקומען פאר א „גאָספאָדיני"—דערשפּירט די היילינקייט, וואָס רוהט אויף זיין קאָפּ. און זיך געהאלטען פאר א גרויסע זכיה:

— וואָס ס'איז אויף איהר אויסגעפאלען דער גורל מיט איהם אינאיינעם צו זיין, איהם אָבצווירען, און נישט געוואָרען קיין שוועסטער אין שפּיטאָל.

אז ער איז נישט געווען אין דער היים—האָט זי גע־רוימט די שטיבלעך, אָבגעשטויבט די „אָבראזען", געלופטערט די ספרים, אז די מאָל'ן זאָלען זיי נישט צופרעסען; איהם ריינ־געמאכט ס'געלעגער, און טאָמער איז ער גראָד אָנגעקומען —אזוי האָט איהר גענומען קלאפען ס'הארץ, ס'בלוט צו קומען אין פנים אריין און פאר גרויס צערידערונג פלעגט זי זיך פרום איבער'צלמ'ען און זאָגען:

— ניעך בענדזשע פאכוואלאָני...

ס'גלח'ל האָט עפּיס אונבאַשטימט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אָבער פאר גרויס צערידערונג, דערזעהענדיג איהרע באָר־

וויסע פּיס, די שווערע ברוסטען אַראָבהענגען איבער זיין בעט, —מורא האָבען א מינוט לענגער איינצושטעהן ביי זיך אין שטוב, און עוקר זיין אין פעלד, ארומגעהן אזוי צווישען די שטוזקעס, שטארק פארקלעהרט, נישט פיהלען צומאָלט ווי די באבעס קושען זיין האנט, און נישט הערען די פויערים, ווי זיי גריסען איהם:

— ניעך בענדושע פּאכוואלאָני...

ביז אויף דער נאַכט אַזוי, דערנאָך פּלעגט ער זיך אדורכגנב'נען צו זיך אין שטיב'ל, זיך פארגראָבען אין די ספרים, אָבער לערנען איז איהם שווער אָנגעקומען; עפּיס האָט נישט אָבגעטרעטען פון זיינע אויגען די שיקסע, וואָס פלעגט זיך גראָד אויסוואַקסען אין אזא הערליך געשטאלט, מיט א טיף־געקריינקט געפיהל, און זיך אוועקגעשטעלט פאר איהם שטייף און מאָנען:

— כ'בין געשיקט פון גאָט צו דיר, כ'זאָל באַגליקט ווערען פון דיין שויס...

און ער האָט אויפגעריסען די אויגען, זיך אַוועקגעשטעלט אַ דערציטערטער; אין די אויערן האָבען איהם געקלונגען די גלאָקען, אַזוי אייגען ווי ביי קריסטעס־געבורט, פאַר די אויגען איז געשמאַנען דער מויד'ס בילד מיט איהר שטילער, באַשיידענער מינע, אַזוי ווי ביי אַ הייליגער שוועסטער, אַ נאָנע, וואָס איז שווער געפּרובט געוואָרען, און געקומען אָבקומען פאַר איהרע זינד צווישען די מויערען פון קלויסטער'ס; ס'זעהט זיך־אָן אין איהרע אויגען דער טיפער צער פון אַ געליטענער, געפייניגטער צום טויט...

ער האָט מורא געהאַט צו רעדען, ס'האָט איהם אינוועניג געשטיקט, און נישט געקענט אַרויסברענגען פאַר די ליפּען:

— אַז, מ'זאָל איהר צונעמען פון די אויגען, פון זיינע ד'אמות, ווייל ער זינדיגט בלויז במחשבה, אַז ער דרעהט זיך אַרום מיט איהר אין איין שטוב...

די וועהטאָגען האָבען זיך אַלץ מעהר צעגאָסען אין זיין לייב, אָבער אויפ'ן פנים האָט עס זיך נישט אָנגעזעהן; עס איז געבליבען טרוקען, נאָר וואָס די רויטקייט אויף די שפּיץ־באַקען האָט זיך אַלץ מעהר געבלייכט, גראָד אַזוי ווי די גראָבע מויערען פונ'ם איינגעזעסענעם שטיבל וואָלטען זיי אויס־געגאָגט צו ביסלעך; ביי די תפילות־אָבריכטען האָט ערשט זיין וועהטאָג געפונען אַ טירעלע, וואו זיך אַרויסצושפּאַרען, און ער האָט זיך צעשריגען מיט ביטערע קולות, נעפלאַטערט אינגאַנ־צען ווי אַ דאָרן, אַ שטיק פייער, אַ סנה, און די פייערלעך פלעגען ליגען און קלאָגען אויף די פנים'ער, מורא־האָבען מיט זיין בליק זיך צו טרעפען...

אָבגעקיהלט האָט ער זיך ערשט נאָך די תפילות, אויפ'ן פעלד. אַליין געגאַנגען פאַמעלעך, מיט אַ פאַרלאָשען האַרץ, און צוגעקלאַפּט צו איטליכען טריט מיט'ן שטעקען, ווי אַ בלינ־דער; אַ קיהל ווינטעל האָט געבלאָזען אויף זיינע מאַטע באַ־קען, געלאָשען די פלאַמען, און באַלד זיך אָבגעשטעלט מיט אַ קליין שייגעצעל רעדען, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט פאַר־טרייבען פון זיך די שווערע ספקות, און לאַסקאַווע איהם פרעגען:

— פּאָקאָכאַש יעזוסאַ?

און דאָ דערשפּירען די שיקסע, ווי זי קניהט אין אַ ווינקעלע אויף דער ערד, ביידע הענט פאַרלעגט אויפ'ן האַרץ, אַזוי ווי אַ פרומע „שוועסטער" פריהמאָרגען, ווען אין דרויסען וועקען זיך די הימלען, באַלויכטען מיט'ן הייליגען הייל פון „אָבראַז", אויסגיסענדיג מיט אַזוי פיל געבעט איהרע שטומע קשות און פאַרלאַנגען...

---

ס'איז איהם געוואָרען ענג מיט איהר אין שטוב צו זיין און, אַז ער איז אַהיימגעקומען, האָט זיך די מרה־שחורה באַ־זעצט ביי איהם אויפ'ן פנים; מיט'ן אַריבערטרעטען די שוועל, האָט זיך אַ גראָב הייטעל פון אַ טויב פאַרצויגען איבער זיינע אויגען, און ער האָט אויפגעהערט צו זעהן; אַלעס אַרום, האָט

ער גיזשפּירט איז פול מיט'ן הייסען אָטעם פון איהר צעשמאָל־צענעם קערפּער, וואָט רוהט ווי אַ שווערער באַרג אויף איהם, און באַזונדער די ברוסטען, וואָס הענגען אַראָב איבער זיין מויל, אַזוי ווי די שווערע קאַנען, און טריפּען מיט פעטיגקייט אויף זיינע ליפּען:

— טרינק פרישע וואַרימע מילך, עס וועט זיך צעגעהן אין דיינע אברים, און דו וועסט נישט פיהלען אַזוי שטאַרק די יסורים...

ער פּרובט זיך לכתחילה אָבוועהרען, אָבער ס'האַרץ חלש'ט, ס'ציהט, און ער בייגט איין־קעגען זיין ווילען—ווי אַ קליין שעפּסעל, בייגט אײן ס'קעפּעל—צו די ציצלעך, און זויגט פון איהרע ברוסטען, וואָס זענען גלייך צו די שווערע קאַנען; און הערען נישט אויף צו טריפּען;—און מורמעלט שכור פון תענוג, פון געַנוס, אָנקלאַמערנדיג זיך מיטביידע הענט, אָן איהר קערפּער:

— לאָז מיך נעבטער, נעבטער, כ'וועל מיך אָנזייגען ביי דיר, שטילען מיין הייסען דורשט ביי דיר...

ס'איז איהם שוין שווער איינצוליגען אין בעט, אַלץ אַרום איז זיך צעשווימען, און די גראָבע מויד איז זיך צע־שווימען, זיך פאַרגרעסערט, אונגעהויער גרויס און איהר קערפּער ליגט, ווי א געשוואָלענער באַרג ביי איהם אויפ'ן האַרץ...

און דאָ דוכט זיך איהם, ער אַליין צעשווימט זיך, צע־פאַלט אין באַזונדערע שטיקער; הענט באַזונדער, פיס—באַזונדער, און עמיץ טראָגט אונטער אויף אַ קופּערנעם פייער־פאַן אַ קאָפּ, אַ געקעפּטען קאָפּ—זיין קאָפּ, אינגאַנצען פאַרשטייפט, די אוי־גען געשלאָסען, די האָר ווי שפּיזלען, און אַרום הערט זיך דאָס שטילע געבעט, אַזוי ווי פון טויזענט גלחים וואָס זאָלען קניהען, און שרפים זאָלען פלאַטערן, טויזענט וועקסענע ליכט־רויכערן, ערגיץ אין היילען, קעלערן פון פּאַמיליען־קברים און ס'שימערען ווענט, לייכטען, בלישטשען, און עפּעס אַנ'אומ־רוה ציטערט מיט אַ זילבערנעם הויך, אַזוי ווי פון איהרע נאָז־

לעכער, און ס׳דוכט זיך:

— מאַריא אַליין מאַכט זיך צורעכט, און הייליגט זיך פאַר׳ן חופה־בעט, וואו גאָט ברויך געבוירען ווערען...

---

אַז ס׳גלח׳ל איז אַראָבגעגאַנגען צו מאָרגענס פון בעט, האָט איהם די שיקסע ליבליך געשמייכעלט אין פנים אַריין; ער האָט נישט אויסגעהאַלטען איהר בליק, און איז אַריינגע־פאַלען דערנעבען אין קאָשציאָל, זיך געוואָרפען, מיט׳ן פנים צו דער ערד, פאַר׳ן אַלטאַר, און שרעקליך געוויינט...

זיין פנים איז שוין געווען אינגאַנצען געלב, פונקט ווי ער וואָלט זיינע יאָהרען באַשטאַדט צווישען די מויערן פון אַלטע קלויסטערס; אין זיין איצטיגען געהן האָט זיך געשפירט אַ לויפען, עפעס אַזוי ווי ר׳וואָלט די מנוחה פאַרלוירען, און געזוכט ערגעץ פון זיך אַליין אַנטרינען צו ווערען, פון זיינע אייגענע יסורים זיך אויפצורוימען...

די מויד האָט זיך שוין מעהר דרייסטער צוגעשאַרט צו איהם, געקושט דעם מאַנטעל פון קלייד, איהם אויסגערעדט, און געוואָלט פאַרגרינגערן ס׳האַרץ:

— זיי זיך נישט מצער, געטליכער מענש, ווען ס׳איז מיר באַשערט כ׳זאָל אויפגעריכט ווערען דורך דיר?..

און ער האָט מעהר גאָרנישט גערעדט, נאָר טיף־געטראָ־גען אין זיך די יסורים, נישט מעהר אָבגעוועהרט זיך פון איהר, נאָר איבערגעגעבען זיך שטיל, שווייגענדיג פאַר אַ קרבן, זיך געלאָזט גלעטען פון איהרע הענט, הילפלאָז זיך געפיהלט אין איהרע אָרעמען, געבונדען. נאָר וואָס אין טמאה אַליין האָט זיך דער שמערץ אַרויסגעריסען פון זיין ברוסט, און ער האָט זיך אַרויסגעצויגען מיט׳ן קערפער ביי די תפילות — ווי אַ לאַנגער דאַרער סקעלעט, אַ פינסטערער שאָטען מיט שוואַרצע פינסטערע לעכער, וואָס האָט עפעס געשריגען, געוויינט, אַז די פויערים זענען שוין געוואָרען אומרוהיג, אַרומגעגאַנגען צע־בראָגען, און שטאַרק איבערגעקלעהרט:

— ס׳איז גאָר קיין מענשליך בעטען נישט, האָט באַלד שוין קיין מענשליכע צורה נישט...

ער האָט פשוט מורא געהאַט מיט איהר אינאיינעם צו זיין אין שטוב, און פלעגט פאַרפאַלען צו ווערען אויף גאַנצע טעג; נישט אויפגעהערט זיך צו באַקלאָגען אין לאַנגע בריף פאַר׳ן קרושאָנדז-פראַלאַט, וואָס אין סעמינאַריע:

— פאַרוואָס מ׳האָט איהם דאָ אַריינגעשיקט, ס׳איז אַ פאַרגרעבט דאָרף, זיי פאַרשטעהן איהם נישט, די דאָרפס-לייט, און וואָלט דורכאויס געבעטען, אַז מ׳זאָל איהם צו-טיילען אין אַנ׳אַנדערע פּאַראַפיע...

אָבער, אַז ס׳פלעגט אָנקומען אַלץ די אייגענע תשובה:

— אַלע פּאַראַפיעס זענען פאַרנומען, און איבערטוישען איהם איז זעהר א שווערע זאך...

אזוי איז ער אינגאנצען אראָבגעפאלען ביי זיך, געבלי-בען דערשלאָגען, און שווייגענדיג זיך איבערגעגעבען דעם שיקזאל אין די הענט; געלאָזען אינגאנצען אויף הפקר די שטוב, און ארומגעהן די גאנצע טעג אויפ׳ן אלטען דאָרפישען צווינטער, אָבליגען צווישען די קברים, ארומהאלזען די צלמים, עפיס זיך צונויפגיסען מיט דער שטומער שווייגענדיגער שטילקייט, וואָס האָט דאָרטען געפלאָסען, און ביינאכט ווידער זיך פאַר-שליסען אין קאָשציאָל, אנידערקניהען פאר׳ן גרויסען הייליגען „אָבראַז“, פון וועלכען די הייליגע מוטער האָט פיינליך אראָב-געלויכטען; פאַרגלייווערט ווערען שעה׳ן לאנג, ביז ס׳פלעגט זיך עפיס נעמען ריהרען דאָרטען, אזוי ווי הענט איהם צו גלעטען, און דערשפירען ס׳קומט א היילונג אויף זיינע וואונ-דען; זיידענע פרוכת׳ן זיך צו וועבען, בלאָהע, הימעל-בלאָהע פאָרהאנגען, מיט זילבער-ווייסע שטערנדלעך, אזוי ווי די הימ-לען וואָלטען אראָבגענידערט צו זיינע פיס, איהר ארומגענומען, און ער וואָלט זיך אויסגעמישט מיט׳ן בלאָהען עטער, צע-שווימען געוואָרען...

---

אין טיפער נאכט, שנייען האָבען געהויערט איבער די

וועלט, די פּרעסט אָנגעטון אייזערנע רינגען אויף אַלעם, איז געזעסען ס׳גלח׳ל איבער די ספרים׳לעך, קיין שלאָף האָט איהם נישט גענומען פאַר די אויגען, — און ס׳איז אריינגעקו־מען עפּיס א פּייערעל, איינגעבאבעלט פון קאָפּ ביז צו די פיס אין א שווערען פעלץ, מיט א הויכע דובלינע איבער׳ן קאָפּ, און זיך געביקט ביז צו דער ערד:

— ניעך בענדזשע פּאָכוואלאָני!...

האָט זיך ס׳גלח׳ל אויפגעכאפּט פון זיינע שווערע רעיונות, אָבגעענטפערט במחשבה, און געפרעגט איהם:

— מה בקשתך?

אזוי האָט ס׳פּייער׳ל געזאָגט:

— ס׳ווייב׳רעל האלט איהם גאָר שמאָל, זי ברויך זיך מתודה זיין, און קען דעריבער נישט שטארבען...

אזוי האָט ס׳גלח׳ל נישט געזוימט קיין איבריגע מינוט, זיך אָנגעטון נ׳פּעלץ, און געפאָהרען מיט איהם.

דאָס שליטעל האָט זיך געגליטשט איבער די שנייען, וואָס האָבען געציטערט, געשמינקעלט, ווי באַצירט מיט שטערנ־דלעך; דאָס גלעקעל האָט געקלונגען, ווי א פייגעלע, ס׳ציטערט מיט׳ן העלזעל, און ס׳גלח׳ל האָט זיך צוזאמענגערוקט די הענט אין די ארבעל, עפּיס דערשפּירט א קעלט אין די פּיס, וואָס זענען איהם געוואָרען שווער ווי די צענטנערס, אָבער ס׳איז איהם געווען אזוי גוט, געשמעקט צו פאָהרען, געפּיהלט אזוי פריי, גרינג אויפ׳ן הארץ, און ס׳האָט זיך איהם אויסגעדוכט:

— אז דאָס פאָהרט צר אליין אצינד זיך ערגיץ מתודה זיין פאַר וועמען...

די פראָסט האָט גענומען שטארקער, די לופט איז גע־וואָרען שטייף און געקלונגען, ס׳שליטעל האָט געסקריפּעט; ס׳פּייער׳ל האָט זיך אריינגערוקט די הענט אין די ארבעל, זיך איינגעהויקערט. די ווארימקייט פון פעלץ, דאָס גלע־קעל, די גרויסע שנאָפּעס שטרוי, דאָס אלץ האָט איהם באלד איינגעשלעפערט, און ער האָט געלאָזען דאָס שליטעל אויף די פערד׳ס בעראָט...

ס׳גלח׳ל האָט נישט געשפּירט די קעלט, ער האָט זיך אַלץ מעהר צוזאַמענגעקװעטשט, ס׳איז איהם געװען װאַרים, װעניגסטענס, האָט זיך איהם אַזױ אױסגעדוכט, ס׳האַרץ האָט געקלאַפּט שטאַרק, אין קאָפּ זיך געמישט, ער האָט זיך געפיהלט אַזױ פריי, דערהױבען, ס׳איז איהם געװען ליכטיג. אין די אױגען, זיינע גרױסע יסורים זענען אױסגעגאַנגען; עפּיס א ליכטיגקייט האָט זיך אױסגעשפּרייט פאַר זיינע אױגען, א גן-עדן-ליכטיגקייט, די פערד האָבען באַקומען גאָלדענע גראַשיװעס, און צעפלאַטערט מיט איהם געפלױגען איבער װײַסע צעפלאָסענע װעגען, אַלע הייליגע קומען איהם אַנטקעגען, מיט צעפלאַמטע קרױנען אױף זייערע קעפּ, ברענענדיגע פייער-פאַנען אין די הענט, און זיי רױכערען פאַר איהם מיט װײַ-רױך, שפּרינגען קדוש; און די הענט פון דער הייליגער מרים גלע-טען איהם מיט ליבשאַפט, און טרייסטען איהם מיט גרױס געבעט:

— זיי דיך משמח, געטליכער מאַן, גאָט׳ס זוהן האָט באַװיליגט דיר צו פאַרגעבען, דו ביסט געהייליגט אין דיינע יסורים, און דערלייזט פון זיי...

— — — — — — — — — — — — —

אַז דער פּױער האָט זיך אױפגעכאַפּט, װען די פערדלעך זענען געבליבען שטעהן פאַר דער כאַלופּע, אַזױ איז ער אַראָבגעקראָכען פון בינט שטרױ, און גענומען װעקען דעם גלח:

— פּראַשע קרזשענדזאַ?

אַזױ איז דער גלח אַרונטערגעפאַלען װי א שטיקעל אייז פון שליטען, און מעהר קיין אָטעם נישט געהאַט.

מ׳האָט אױפ׳ן דאָרף זיך פּשוט ס׳לעבען גענומען פאַר איהם; געהאַלטען פאַר אַנ׳אבן טוב, נישט געלאָזט אױפ׳ן קיין שטױבעלע פאַלען, אָבגעהיט זיינע טריט, און זיך אַציינד גע-כאַפּט:

— ס׳איז מיט איהם נישט געװען גלאַט; ער איז צו גרױס, צו הייליג געװען, און זיי האָבען נישט די זכיה געהאַט זיך לאַנג אָבצופרעהען מיט איהם...

כ׳האָב זיך געטראָפען מיט אַ באַקאַנטען, וואָס כ׳האָב איהם פון אַ לענגערע צייט נישט געזעהן. און זיך פריינדליך צעשמועסט.

יענער האָט זיך פאַרשידען אויסגעפרעגט, און זיך שטאַרק גע׳חדוש׳ט:

— פאַרוואָס כ׳האָב נישט חתונה?

איך האָב זיך צעלאַכט:

— ס׳איז גרינגער די שאלה צו פרעגען, ווי צו ענטפערן אויף איהר.

ס׳איז איהם אויסגעקומען מאָדנע מיין בחור׳ש לעבען. און מיר באַלד אַ קלאַפּ געטון חבר׳ש אין פּלייצע:

— ווייסט, אַ מיידעל האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף דיר, דו געפעלסט איהר! זאָל איך רעדען מיט איהר, ס׳וועט זיך אפשר עפּיס מאַכען?

עס האָט מיר שטאַרק הנאה געטון. און נישט איבער־פרעגענדיג איהם צו מאָל ס׳געוועלכסטע, ביי אַזאַ זאַך:

— צי זי איז אַ שענע?

האָב איך מיך צוגעזעגענט מיט איהם; אוועקגעהענדיג האָב איך באַלד נישט מעהר געדענקט גאָר. כ׳האָב געהאַט אַנ־צאָל אָנצושרייבען עפּיס, און בין אַוועק אַהיים, וואו כ׳בין אָב־געזעסען עטליכע טעג דורכאַנאַנד, געשריבען, און זיך קנאַפּ אַרויסגעוויזען אין גאַס אַריין.

די זון האָט אַריינגעשיינט דורכ'ן פענסטער. זיך צערט־ליך געשפּילט דורך די לעכלעך פון דער גאַרדין, און ס'האָבען זיך געשמאָלצען די סלויעקלעך פּאָמאַדע. כ'בין מיר געלעגען באַקוועם אויסגעלעגט אויף דער קרוזעטקע, און ס'האָט זיך לייכט אַוועקגעמאַכט די טיר מיט אַ סקריפּע, ס'איז אַריינגע־קומען די בעל־הבית'טע און אַוועקגעלעגט אַ רעשטעל בריף אויפ'ן טישעל.

כ'האָב א קליינע ווײלע געראָיכערט, און זיך געפּוילט צו־נעמען די בריף אין דער האנט אריין; פון די שטעדט, וואָס זענען געלעגען אריינגעקריצט אין די חתימות, האָב איך שוין פון פריהער געוואוסט פון וועמען זיי קומען, און וואָס ס'איז אין זיי אינוועניג געשריבען...

נאָר איין ווייסער קאָנווערט, מרה־שחורה'דיג אָבגעשטעמ־פּעלט, און מיט אַ דינינקען כתב־יד אָנגעשריבען די אַדרעס– האָט מיך עפּיס מעהר אינטערעסירט. צום ערשטען איהם אויפ־געריסען, און איבערגעלייענט זעהר אַ פּאַרציקטע פּרויען־האַנט־שריפט:

„פּיל ג. ה.

כ'האָב באַקומען אַ גרוס פון אייך, אומבאַקאַנט, דורך מיינ'ס אַ פריינד, און איך דאַנק אייך זעהר פאַר איהם. מיט אכטונג–

אָלאַ ג.

כ'האָב זיך אַ ווײלע פּאַרטראַכט. צוגעמאַכט די אויגען, און ס'האָט זיך גענומען אויסמאָלען עפּיס אַ געשטאַלט פון אַ מיידעל, צוגעפּאסט צום כאַראַקטער פון איהר אַרט שרייבען, וואָס איז געווען אַזוי קורץ און קלאָר; אַ פיינליך געפיהל האָט מיך באַהערשט, און כ'האָב נישט געקענט פועל'ן ביי זיך:

– כ'זאָל איהר צוריק אָנשרייבען אַ פּאָר ווערטער.

כ'בין אַרומגעגאַנגען אַ האַלבען טאָג צעטראָגען, געוואָלט זיך פאַרשמועסען, פאַרטרייבען די געדאַנקען, אָבער ז' איז אַלץ מעהר ארויסגעקראָכען פאר די אויגען, מיך גע'חנ'דעלט, קאָ־קעטירט, צוגעזאָגט מיר גאָלדענע בריוועלעך, דערצעהלט פון

קיהלע, זומערדיגע פאַרנאַכטען, און איך האָב קיין מנוחה נישט געהאַט, ביז כ׳האָב מיך אַוועקגעזעצט צום טישעל, און אָנגע־שריבען איהר:

פיל גע. פרייל. אָלאַ ג.

ווען כ׳וואָלט געוואוסט, אַז מיין גרוס וועט אייך אַזוי אינטערעסירען, וואָלט איך איהם פיל וואַרימער און מיט מעהר סימפּאַטיע געשיקט.

אייער אומבאַקאַנטער פריינד—

ה. בראַנד.

---

און פאַר א קליינע צייט האָט זיך ביי מיר אויפגעקליבען אַ שפּאָר ביסעל בריוועלעך.

דאָס מיידעל האָט מיך מאָדנע פאַראינטריגירט, און כ׳האָב מיט איטליכען טאָג גענומען מעהר טראַכטען וועגען איהר: עפּיס אַ מאָדנע פּרעמד באַשעפעניש, וואָס כ׳קען מיר נישט פאַרשאַפען קיין באַגריף וועגען איהר—רעגט מיך מיט אַזעלכע געהיימניספולע בריוועלעך, וואָס ברענגען מיך אריין אין אַ מאָדנער שטימונג. פון איינציגע—בין איך אויפגעלעגט, צופרידען, אָבער די אַנדערע רייצען מיך, איך קריץ מיט די ציין, וואָלט זיי גערן צעריסען, צעפּיצעלט, זיך אָנגעביסען די נעגעל פון די פינגער:

— וואָס כ׳האָב זיך צוגעלאָזט צו איהר?...

כ׳פלעג איהר אָבשלעפען מיט אַ טאָג, צוויי טעג, און נישט ענטפערען, אָבער מעהר האָב איך נישט געקענט; ס׳האָט מיך געצויגען אַ מאַגנעס, אַז כ׳האָב מיך געמוזט אַוועקזעצען צום טישעל, אָנשרייבען אַזוי, אַז ס׳זאָל איהר אָננעמען ביי דער לעבער, און זיך טראַכטען:

— נאָך דעם דאָזיגען מאָל—שוין! איז שוין איהר לעצט שרייבען...

און ס׳געהן נישט פאַריבער עטליכע טעג, כ׳באַקום אַ פרישע בריוועלע:

פיל גע. ה. ב.

איהר רעגט זיך אויף בחנם; איהר ווילט זיין נער-
וועז און זענט עס נישט; איהר כעס'ט זיך, אָבער אייער
כעס איז אַ געמאַכטער, אין איהם שפּירט זיך ערשט
אייער רוהיגער כאַראַקטער.

מיט אַכטונג—

אָלאַ ג.

און זי האָט מיך אַזוי צענומען, אַז כ'האָב אויפגעהערט
צו ארבייטען, און פלעג אַרומגעהן צו גאַנצע טעג אַ צעדול-
טער, אַ פאַר'מח'טער, און שטארק אָבגעקומען פון פנים;
די באַקאַנטע פלעגען זיך חדוש'ן:

— וואָס כ'זעה אזוי שלעכט אויס
און מיר נאָכטראָגען א חשד.

די שטוב איז מיר געוואָרען ענג, לאַנגווייליג די שטאָדט
מיט איהרע מענשען, ס'איז פוסט אין מח, שווער ס'האַרץ...

אַז כ'פאַרמאַך די אויגען שווימט אַרויס אַ קליין מאָ-
גער מיידעל—עפּיס אַ צעקראָכענע פיגור מיט אַ מאָדנע שאַרף
פנים'ל, שפּיציגע, כיטרע אייגלעך, און אַ קורץ צוגעשוירען
קעפּעל אויף אַ פּאָלקע.

כ'קלויב צוזאַמען ס'גאַנצע בינטעל בריוולעך, סדר זיי
אויס לויט דער צייט פון זייער אָנקומען, לייען זיי דורך
דורכ'אַנאַנד, און עפּיס אַ מאָדנער שטריך געהט דורך זיי
אַלע אַדורך, איין פעדימעל פאַרבינדט דעם געדאַנק, אַ
זינ'ס, אַ צאַרטעס, אַ זיידענעס, וואָס ציטערט אזוי ווי אַ
האָר...

איך פרעג זיך אָן ביי איהר:

— זאָגט: ווער זענט איהר? וואָס ר'ווילט? וואָס ברויבט
איהר שפּילען מיט מיר אין בלינדע באַבע? מאַכען דערפון אַ
סוד?

אָבער אין די בריוועלעך, וואָס קומען שפּעטער נאָך,
שפּיר איך, ווי די הויט אויף איהר פנים איז צאַרט, דער שטע-
רען-גלאַט, ער קנייטשט זיך נישט, דאָס האַרץ קאָכט נישט-

אויף, און אַז אזוי שרייבען קען נאָר אַ מענש אָהן אַ גאַל, אָדער וואָס די אַמביציע האָט איהם אַזוי ארייגעטריבען.

איך ברעך מיר דעם מח, ביז ס׳קומט מיר אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין, א פשוט׳ער געדאַנק:

— כ׳זאָל אַריבערפאָהרען צו איהר...

זעהן איהר, זיך פאָרשטעלען, און אַדורכשפּאַצירען, זיך באַרוהיגען; ס׳האַרץ זאָל ווערען פרייער, אויפגעבונדענער, און דער קאָפּ אָנהייבען צו טראַכטען מיט אַנדערע געדאַנקען, אַנדערע רעיונות...

---

כ׳בין אויפגעשטאַנען פון דער קרוזעטקע, וואו כ׳בין אָבגעלעגען אַ לענגערע צייט, אַוועק צום באַהן, און זיך אַריינגעזעצט אין צוג.

אין וואַגאָן האָט זיך געפיהלט אַנ׳ענגשאַפט.

כ׳בין געשטאַנען פאַרן פענסטער, פון דרויסען האָט אַ שאַרפער ווינט געריסען ס׳פנים; אַזוי ביז אויף איין סטאַציע, אַז עטליכע מענשען זענען אויסגעשטיגען, האָב איך ערשט באַקומען אַנ׳אָרט צו זיצען.

מיט מיר אויף דער אייגענער באַנק זענען געזעסען עטליכע מענשען: אַ יונגע פרוי, עפּיס אַנ׳עלטערער באַטראָגענער מענש, און אַקעגענאיבער מיר, ווי־זאַ־ווי—אַ יונג מיידעל מיט אַ שאַטין קעפּעל, וועלכע האָט זיך געהאַלטען פרעמד צום גאַנצען קופּע.

די אַרומיגע האָבען צווישען זיך פאַרפיהרט לייכטע אונ־טערוועג׳ס־שמועסען, אַז די צייט זאָל זיך זיי נישט לאַנגוויי־ליגען, נאָר איך בין געווען עפּיס פּאַרטון מיט זיך, און האָב געקוקט אין דרויסען אַרויס, וואו דער הימעל איז אַזוי טריב געווען, און האָט געטריפט מיט קליינע רעגען־טראָ־פּענס.

אַ קליין טייכעלע האָט זיך געשלענגעלט לענג־אויס די רעלסען; זיך פאר׳גנבה׳ט דאָ נענטער, דאָרט זיך אָבגערוקט און סוף־כל־סוף אַדורכגעריסען דעם באַהנ־טאָר, און זיך

אַוועקגעשפּאַצירט פון דער אַנדערער זייט, אונטער אַ קליין שמאָל אייזערן בריקעל, אין פעלד אריין.

דאָס מיידעל האָט מיך גענומען פאַראינטערעסירען מיט איהר באַנעמען, און כ'האָב עטליכע מאָל אָנגעהויבען רעדען צו איהר, אָבער זי האָט אַלץ מעהר אָנגעוואַנדען נ'קאָפּ, און קיין איין מאָל זיך נישט אָנגערופען.

מ'איז געזעסען אזוי ענג צוזאַמענגעפּרעסט, אַז מיין קניה האָט לייכט אָנגערירט איהרע, און כ'האָב כמעט געשפּירט דאָס לייכטע ציטערען פון איהר פוס. כ'בין שוין געוואָרען שטאַרק אומגעדולדיג און זיך אָבגערופען:

– הם... מ'ווערט געשטויעט פאָרענדיג...

דאָס מיידעל האָט געשוויגען.

– ווען דער צוג זאָל זיך אַזוי אָבשטעלען, און מ'זאָל זיך קענען אַ ביסעל אַדורכגעהן, אָבפרישען זיך אין וועלדעל?

ביים מיידעל צעשמייכעלט זיך ס'פנים:

– אַודאי, אויב פאַר אייער פאַרגעניגען?

עס האָט מיר הנאה געטון, וואָס זי האָט מיך נישט פאַרשוויגען...

איך בין געוואָרען מעהר דרייסט, און זיך ערלויבט צו פרעגען:

– איהר פאָהרט ווייט?

– אַזוי—האָט זי אונבאַשטימט אַ קנייטש געטון.

– געשעפט?

זי האָט נישט געענטפערט.

– קרובים?

זי שווייגט.

— צו אַ חתן?

זי האָט זיך צעלאַכט.

– כ'האָב נישט געטראָפען?

– וואָס טויג אייך טרעפען?–האָט זי אָבגעהאַקט.

ס'בלוט איז מיר געקומען אין פנים אַריין; כ'האָב אַ

שאַפּ געטון ס׳בינטעל בריוולעך אויפ׳ן בוזים, און האָב זיך געטראַכט:

— הם.., פרויען— סודות; אַזא משלחת אַודאי, שלעפּט מיך אויך אַצינד אַוועק ערגיץ אין אַ שטאָדט אַריין, אַז כ׳וואָלט געקענט אויכלעבען. מיינע יאָהרען און נישט זיין אין איהר...

אין אַ ווײלע אַרום פרעג איך:

— מ׳קען וויסען: מיט וועמען איך פאָהר?

און זי:

— פון נאָמען וועט איהר שוין וויסען?

דאָס געדולד פּלאַצט דאָ אין מיר, כ׳זאָל נישט אַ ברומ-טון:

— איהר זייט מאָדנע

אַזוי?

— יאָ.

— מיט וואָס, ווייל כ׳רעד נישט?

— יאָ.

— זייט איהר אַ נאַר...

ס׳איז מיר געוואָרען מאָדנע קאַלט, אַזוי ווי מ׳וואָלט מיך אָבגעגאָסען; אָבער באלד האָב איך איינגעזעהן, אַז כ׳האָב עפּיס פאַר זיך אַ מאָדנע בריאה, און האָב זיך פונאַנדערגעלאַכט אויפ׳ן קול:

— איהר זייט גערעכט... נאָך מעהר פון אַ נאַר, א-שטיק גולם, אַנ׳אייזעל-קאָפּ, אַ-שטיק אָבגעריסענע בהמה, אַז-כ׳זיך מיט אייך...

דאָס מיידעל האָט זיך פאַרפלאַמט אויף די באַקען, העט ביז אונטער די אויגען אַרונטער.

און איך האָב איהר נאָך געזוכט צו-צודריקען:

— איהר באַהאַלט א סוד, כ׳שטעל מיר פאָר!

זי האָט פאַרקריצט מיט די ציין, זיך געפיהלט געקריינקט:

— און איהר ווילט איהם וויסען?

אין דרויסען האָבען גראָד אָנגעהויבען צו פאַלען גרוי-

סע טראָפּענ׳ס, וואָס זענען אריין צו אונז אין קופּע; איך האָב מיך א ביסעל אָבגערוקט, כ׳זאָל ניט איינגערעגענט ווע־רען, און זי האָט זיך אָנגערופען:

— וואָס, איהר האָט מורא פאר׳ן רעגען?

אצינד איז זי פאר מיר גאָר געוועזן א רעטעניש; כ׳בין געווען זיכער, אז נאָכדעם וועט זי שוין ניט וועלען קוקען מיר אין פנים אריין, און אצינד שמייכלען איהרע אויגען:

וואָס, איהר זענט פון צוקער, און האָט מורא ר׳זאָלט ניט צעגעהן?

און בייגט זיך ארויס אין דרויסען, אויפ׳ן רעגען, וועל־כער האָט געהאקט ווי דורך א קראן פון א פול פאַס; און נאָך א קליינער ווײַלע האָט זי איהם צוריק ארייגענומען, ער איז געווען פיטש—נאַס, אָנגעצוואָגען, ווי א קאץ; די אויגען האָבען איהר געפינקעלט ווי בורשטין; און אין־גאנצען געווען אזוי קינדעריש צעלאָזען, אז זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ווילדער סאַרנע, וועלכע מ׳ברויך נאָר אָנבלאָזען אויפ׳ן פעלד, אַזוי וועט זי באַלד אַראָבוואַרפען פון זיך ס׳אָנטוכץ, ווערען צוגלייך ווי אַ נימפע, וואָס קומט אַרויס צעפלאָסענער־הייט פון טייך, מיט צעלאָזענע האָר, און טאַנצט פאַרשייט איהר נימפען־טאַנץ...

כ׳האָב אַ טאַפּגעטון די בריוועלעך ביי מיר אויפ׳ן האַרץ, און ס׳האָט מיר מאָדנע גענומען נאָגען אין גריבעל:

— אַ פּאָר נאַרישע זינלאָזע בריוולעך האָבען מיך גע־קענט אַזוי צעטראָגען, און פאַרשלעפען, און דאָ האָב איך אָנ־געטראָפען גאַנץ געוועגליך אויף אַ מענש׳ל, וואָס איין קניי־טשעלע, איין חנ׳דעלע, פאַלדעלע,—פאַרמאָגט מעהר אין זיך, ווי די אַלע בריוועלעך אינאיינעם.

— — — — — — — — — — — —

דער צוג האָט זיך אַצינד געקורטשעט, געוואָרען איינגעש־שרימפען אין מיטען געהן, און מיט אַ פאַרשטיקטען בריל זיך אָבגעשטעלט.

דאָס מיידעל האָט מיר לאַכענדיג געדריקט די האַנט, און איז אויסגעשטיגען.

ערגיץ האָט אַ ווײַלע שפּעטער שוין אַ פּייפערל געפּיפען, און דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צוריק פאַרמאָסטען מיט זיינע אָבגעשטאַנענע כחות,—ווי איך בין אָהן יעדע איבערלעגונג אַראָבגעשפּרונגען פון די שטיגעלעך אויף דער ערד.

דאָס מיידעל, וואָס איז שוין אָבגעגאַנגען אַ שטיקעל וועג׳ס, האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגען:

— וואָס, איהר געהט מיר נאָך?

— חלילה! ווי פאַלט איהר אויס?

— און צו וועמען זייט איהר דאָ אַהערגעקומען?

— ס׳איז שוין מיין זאַך...

דאָס מיידעל האָט זיך פאַרשעמט און איז אַוועקגעגאַנגען.

דער צוג האָט באַלד אָבגעשוועבט. איך האָב איינער אַליין זיך אַרי געדרעהט אויפ׳ן פוסטען פעראָן פון דער פאַרלעגענער סטאַציע און זיך נאָכגעפרעגט:

— ווען געהט אַ צוג צוריק?

פאָהרען ווייטער, האָב איך מיר באַקלעהרט, האָט שוין מעהר קיין זין נישט. ווען אַ פּראָסט, איינפאַך מיידעל, וואָס כ׳האָב גאַנץ צופעליג אָנגעטראָפען אויפ׳ן צוג, האָט מיך געקענט אַזוי איבעראַשען, פאַרוואונדערען, — אַז די געשיכטע מיט די בריוועלעך האָבען אויסגעוויזען קעגען איהר אַזוי בלאַס צו זיין, ווי וואַסער קעגען בלוט.

---

ס׳איז באַלד געוואָרען נאַכט. דער הימעל איז ערטערווייז געבליבען פאַרפלעקט פון וואָלקענעס, וואָס זענען געבליבען שטעהן פאַרגליווערט פון ביי טאָג, און זיך נישט געריהרט מעהר פון אָרט.

אין דער פינסטערניש האָבען געגלאַנצט די רעלסען ווי שאַרפע גאָל־מעסער׳ס; און קליינע רויטע לעמפּלעך האָבען פון ביידע עקען־וועלט פאַרהיטען דאָס פיצעלע אָרט, אַז קיין צוגען זאָלען זיך דאָ נישט צוזאַמענשטויסען.

ביי נאַכט בין איך געפאָהרען צוריק; כ׳בין געקומען אַ־

היים צו מאָרגענ׳ס מיטאָג׳ס=צייט. אַ פּריש ווינטעל האָט אויף מיר געוויעהט; איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, און ס׳איז מיר געוועזן אַזוי לייכט, פּונקט ווי מ׳וואָלט מיר אַ שטיין אַראָבגענומען פון האַרץ; כ׳האָב אַרויסגענומען ס׳בינטעל בריוו פון בוזים, אַ ווײַלע נאָך געטראַכט איבער׳ן מיידעל, וואָס באַהאַלט זיך אונטער זיי, און אַריינגעשמיסען אין פייער...

כ׳בין געשטאַנען, און רוהיג זיך צוגעקוקט ווי די בלעטלעך זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרען פון די פלאַמען, האָבען זיך אויפגעוויקעלט, און צוזאַמענגעלעגט אין שוואַרצע, אַדורכגעגליהטע אויף אַש.

אין עטליכע טעג אַרום האָט מיר מיין בעל=הבית׳טע דערלאַנגט אַ בריוועל, און כ׳האָב באַלד דערקענט, ס׳איז פון איהר. ס׳האַרץ האָט מיר גענומען קלאַפּען, און כ׳האָב מיר אַליין נישט געקענט העלפען, וואָס כ׳זאָל טון:

— א דורכלייענען. און איהר אָנשרייבען אַזוי, אַז ס׳זאָל איהר פאַרגעהן דער חשק מיר מעהר צו שרייבען, אָדער איננגאַנצען לאָזען ליגען אומגעלייענט?

כ׳האָב זיך אַוועקגע׳זע׳ט אויף דער קרוזעטקע, און עפּיס אַ געפּיל האָט זיך געריסען, מיך געוועקט, געפּייניגט, נישט געלאָזט איינרוהען, ביז כ׳בין אויפגעשטאַנען געגומען דאָס בריוועל, אויפגעריסען נערוועז דעם קאָנווערט, און געלייענט:

פּיל ג. ה. ב.

איהר וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך שרייב אַ= צינד צו אייך צום לעצטען מאָל; זינט כ׳האָב מיך באַ= געגענט פאָריגע וואָך מיט אַ מענש, פאָהרענדיג אויפ׳ן צוג—האָט מיך יענער אַזוי ווייט איינטערעסירט, אַז איך מוז איננגאַנצען אויפהערען צו טראַכטען וועגען אייך.

כ׳דריק אייך די האַנט, און פאַרבלייב אויף אייביג אומבאַקאַנט.

אייער אָלאַ ג.

— — — — — — — — — — —

ס׳איִז נאָך האַלבע נאַכט.

דער ברייטער גרוימער זאַל פון צווייטען קלאַס, וואָס לעבט אַ גאַנצען טאָג איִן טומעל, רוהט איִן שטילקייט. די לאָמפּען ברענען טונקעל פון דער הייסער אָנגעדריִקטע־ לופט, וויִ עטוואָס אַרונטערגעדרעהט. די טיִפע וויִנקעל־ווענט ליִגען איִן דריִמעל פון שאָטען. ווייט איִן דער טיִפקייט איִז דער בופעט. לאַנגע הויכע שפּיִגלען, איִן וועלכע עס הלום׳ט דער אייגענער זאַל מיִט דער אייגענער פאַרטראַכטער שטיִלקייט, און ס׳דוכט זיִך: וויִ ער וואָלט דאָרט זיִך אָבגערוהט נאָך זיין שווערען טאָג. לאַנגע טיִשען זענען אויפגעשטעלט מיִט איִבער־געדרעהטע לעדיִגע גלעזער, פאַרחתמה׳טע פלעשלעך וויי״ן, — וואָס ווערען זעלטען אויפגעמאַכט, און ליִכט אונטער פּאָמסאָווע פּערוועטלעך,—וואָס ווערען קיינמאָל ניִשט אָנגעצונדען. די שטולען אַרום די טיִשען זענען פאַרלאָזען, ניִשט צעשטעלט וויִ ס׳ברויך צו זיין,—גראָד וויִ די געסט וואָלטען זיי ערשט געהאַט פאַרלאָזען און ס׳איז שוין ניִשט געווען קיינער מעהר וואָס זאָל זיי צוריִק גלייכשטעלען.

נחום איִז אַריינגעקומען און זיִך אַוועקגעזעצט איִן אַ וויִנקעל, אויף אַ שטול. ער האָט אַראָבגעלאָזען נ׳קאָפּ און זיִך פאַרטראַכט זיִך געפיִהלט אַזוי גוט צוזאַמען מיט דער שטיִל־קייט, אַזוי וויִ זי וואָלט איִהם מוטערליִך געגלעט און באַרוהיִגט. די אויגען אין קאָפּ האָבען זיך איִהם געדרעהט, און די

ברעמען האָבען אומרוהיג געציטערט.

ניִשט ווייט פון איהם איז געזעסען נאָך אַ מענש, אַריינ־געדרוקט די הענט אין די אַרבעל, אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, און זיִצענדיג שווער געדרימעלט. אַביסעל ווייטער איז געזעסען אַ פרוי אין אַ ברייטען שוואַרצען שטרוי־הוט, און איבער איהר געזיכט איז געלעגען דער טיפער שאָטען פונ׳ם שוואַרצען ראַנד, וואָס האָט עס אין טיפען טרויער איינ־געהילט.

און די שטולען זענען מיט דער צייט אַלץ מעהר גע־וואָרען פאַרנומען. איטליכער ביים אַריינקומען האָט גלייך דער־שפירט די אַרומיגע שטילקייט, און ווי מורא־האָבענדיג, אַז ער זאָל ניִשט דאָ אויפוועקען אַ שווער קראַנקען, וואָס ליגט דאָ אין שלאָפט מיד, פלעגט יענער מאַכען איינִיגע טריט אויף די שפּיץ פינגער, פאַרהאַלטען דעם אָטעם און זיך, שווייגענ־דיג, אַנידערזעצען.

שפּעטער איז אויך אָנגעקומען בראָן, אַ יונגערמאַן פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ שוואַרצען ראָסט אויפ׳ן געזיכט, ווי ער וואָלט שוין איינִיגע טעג ניִשט געווען ראַזירט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער׳ן זאַל, ווי עמיצען געזוכט מיט די אויגען, און דערזעהענדיג נחומ׳ן איז ער צוגעגאַנגען צו איהם, שווייגענדיג באַגריסט, און זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהם. אַלע ווײַלע האָט ער אויפגעהויבען נ׳קאָפּ, אַ קוק געטון אויף די אומרוהיגע באַוועגונג, וואָס ליגט אויף נחומ׳ס געזיכט. און ווי אַ ביסעל דערשראָקען אַ פרעג־געטון:

— און דו פּאָהרסט טאַקי?

— יאָ, כ׳פאָהר טאַקי.

און ווייטער איז אין זאַל געווען שטיל. ווען ס׳פלעגט צוקומען נאָך אַ מענש, און ביים אויפמאַכען אויף אַ קליינע ווײַלע די טיר בלויז אַדורכצוגעהן, פלעגט זיך אַריינ־רייסען אַ גערויש פון קולות פון יענע ערטער, וואו די מענ־שען האָבען געלאָדענט זייער באַגאַזש.

עס איז געוואָרען עטוואָס פרעהליכער. איינִיגע מיידלעך

זענען אַריינגעקומען. מאַנכע זענען געווען אָנגעטון אין בראָנע קליידלעך, ברייטע זומערדיגע שטרוי־היטען, וואָס האָבען זיך געוויגט ביים געהן. און שטאַרק געשאָטענט אויף די פּנימ׳ער. זיי זענען אַריבער די שוועל מיט אַ הויך גערעדעריי, מיט אַ זאָרגלאָז געשפּרעך, וואָס איז געווען פיל מעהר עהנליך צו אַ געלעכטער און, דערפיהלענדיג די רוהיגקייט אַזוי ווי אין אַ פאָ־הויז פון אַ קראַנקענצימער, זענען זיי באַלד שטילגעבליבען, פאַרנומען ערטער אַרומ׳ן טיש, און שוין געשוויגען.

באַלד זענען אויך אַריינגעקומען עטליכע יונגע יודען, נאָר די האָבען זיך אָבגערוקט צו דער וואַנט, מאַנכע פון זיי — זיך צוגעשפּאַרט צום קאַפּעל־אויווען, כאָטש ער איז געווען קאַלט, נישט געהייצט פון מיטען ווינטער־אָן; און געקוקט האָבען זיי מיט פינטעלדיגע אויגען, פאַרטראַכט זיך איבער עפּיס, ווי אַנ׳אומגליק וואָלט זיך דערנענטערט צו זיי מיט׳ן אָנקומען פון צוג.. זיי האָבען געקייעט די בערדלעך, שאַרף עפּיס גערעדט מיט די שוואַרצע לויפענדע ברעמען, און געשוויגען מיט די מיילער; און שווער האָט זיך געלעגט דאָס שווייגען אינ׳ער׳ן גאַנצען זאַל, און איבער אַלע מידע, האַלב־דרימלענדיגע מענשען, און געפיהלט האָט זיך אין דעם עפּיס אַנ׳אומרוהיגקייט, אַ פאָרגעפיהל פון אַ קומענדיגען שמערץ, וואָס הענגט צאַפּלענדיג אין לופטען.

מיט אַ סקריפּ האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר, און אויף יענער זייט שוועל זענען געבליבען צוגעשמידט מיט אַ מאָל שטעהן צוויי ווייבער. איינע — אַנ׳אַלטע, מיט אַ הויקער פון אַלטקייט, ווייסגרויע ברעמען, און די אַנדערע: אַ סך יונגער, מיט אַ געל שייטעל אויפ׳ן קאָפּ, אַ קיילעכדיג עפּעלגעזיכט מיט רויטליכע ברעמען, געלע פלעקען אויף די באַקען. קענטיג: אַ מוטער מיט אַ טאָכטער.ביידע האָבען זיי געוואָרפען אומרוהיגע בליקען צו די מיידלעך מיט די יונגע יודען, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך עפּיס גאָר נאָהנט אָנגעקעהרט, און האָבען זיך איצט צוליב איין זאַך צונויפגעקליבען אַהער, —

און אַלץ געקוקט מיט די שטומע בליקען פון זייערע אויגען:
— צי זיי זאָלען אַריינגעהן?

און נישט באקומענדיג קיין ענטפער, זענען זיי ביידע עטוואָס טיפער אַריין אין זאַל; אין דער זקנה׳ס טריבע אויגען האָט אַ בלענד־געטון די ליכטיגקייט, דער גלאַנץ פון די שטולען, פון די שפיגלען, און זי איז געבליבען שטעהן, נישט וויסענדיג וואָס צו טון:

זאָל זי זיך אַוועקזעצען? אמת, די פיס טון איר וועה, זי איז זיך שוין נישט אַזוי אָנגעגאַנגען פון וויפיל יאָהרען, און מורא האָט זי דאָך — אַ פרעמד אָרט, צווישען גוים, אַ שלעכט וואָרט, נישטאָ ביי די יונגע כוחות.

די טאָכטער, דאָס ווייבעל, וואָס מיט׳ן געלען שייטעל, האָט געזעהן: ווי דאָס יונג־וואַרג זיצט — האָט זי זיך אָנגעטון אַ כח און זיך אַוועקגעזעצט; נאָר די זקנה איז שוין אַזוי געשטאַנען.

נחום מיט בראָנ׳ען האָבען זיך ביידע דענסטמאָל אויפגעהויבען פון די ערטער, און גענומען געהן איבער׳ן זאַל, נישט מיט קיין גאַנץ שווערע טריט.

בראָן האָט מיט אַמאָל אַקוקגעטון אין זיינע אויגען, און געפרעגט:

וואָס איז דאָס געווען צווישען אייך ביידען?

נחום האָט זיך געערגערט:

— לאָז מיך צורוה, כ׳וויל שוין מעהר נישט רעדען דערפון.

בראָן האָט איהם אָבער נישט אָבגעלאָזען:

— כ׳ווייס, אַז ס׳טרעפט נישט ס׳ערשטע מאָל צווישען אייך, און דו ברויכסט נישט איבער דעם אַוועק!.. מאָרגען, איבערמאָרגען וועט צוריק זיין שלום צווישען אייך...

— ניין, איך וויל איצט אָבטרעטען אויף תמיד — האָט נחום שטיל גערעדט און פאַרביסען — זאָל זי זיין אַזוי ווי זי איז געווען פריהער, איידער כ׳האָב זי דערקענט... כ׳וועל אַוועק.. און פאַרגעסען...

ביידע האָבען נאָכדעם געשוויגען. אויף נחום'ס געזיכט האָט זיך געפּיהלט אַ טיפע קריינקונג, אַזוי ווי ער וואָלט איצט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אַלץ פון פריהער, צוליב וואָס ער פאָהרט אַוועק.

— זעץ דיך פאָרט אַוועק! — האָט זיך געהערט, ווי דאָס ווייבעל האָט געצויגען די זקנה אין איהר ווינקעלע.

און די אַלטע האָט איהר צוליבגעטון.

ווייטער איז געוועזען שטיל. אין דרויסען האָט מען גע־קלונגען, און דאָס האָט געהייסען: דער צוג איז אַרויסגעגאַנ־גען פון דער לעצטער סטאַציע, און איבער די נאַכט, פעלדער וואָס שטעהן איינגעהילט אין שוואַרצען, איילט ער זיך וואָס גיכער אַוועקצוכאַפּען די מיד־דרעמעלדיגע מענשען פון זאַל.

אין איין ווינקעל פון טיפען זאַל האָט זיך גענומען לעשען אַ לאָמפּ. און איין מענש, וואָס איז דאָרטען געזעסען און געדרימעלט, האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט. און זיך אינגאַנצען צוזאַמענגעגאָסען מיט דער פינס־טערניש.

ביים בופעט האָט דער קעלנער גערייניגט די גלעזער, געשליפען, געגאָסען פון איין פלאַש אין אַנדערע, געשטעלט די געטראַנקען, גראָד ווי ער וואָלט געוואוסט דעם געשמאַק פון די אַלע טומעלדיגע מענשען, וועלכע פאָהרען דאָ אַדורך ביי־טאָג און ביי־נאַכט, שטייגען אָב און פאָהרען ווייטער.

---

די אַלטע האָט זיך צורעדט:

— אַלץ, רחל, האָסטו דיר געטון מיט דיינע אייגענע הענט; האָסט שוין געקענט אין איהר האָבען אַ־יודיש ווייבעל, וואָס וואָלט געלעבט מיט אַ מאַן און געהאַט קינדער, ווי גאָט האָט געהייסען... כ'האָב אָבגעלעבט אַלע מיינע יאָהרען, און אויף דער עלטער געבראָכט דאָ אָנקומען... אַמעריקא איז גע־וואָרען אַ לאַנד און דיין טאָכטער אַ מענש, זי קען נישט לע־בען מעהר דאָ...

דאָס יונגע ווייבעל, איהר טאָכטער, איז געווען עפּיס אונרוהיג. זי האָט געוואָרפען שטומע פאַרצווייפעלטע בליקען אַרום זיך, אַ מאָל אויף די מיידלעך און אַ מאָל אויף די יונגע יודען, וואָס זענען אַלץ אַזוי געשטאַנען און געטראַכט, צוועקלאָז געקוקט אויף דעם טונקלען טיפען זאַל, און איבער דעם דרויסענדיגען פלאַנט מיט די שאַרפע רעלסען, וועלכע פיהרען אוועק, אַוועק... און דערפיהלט האָט זי אין דעם אַלעם אַ שונא, וואָס עמיצער האָט אומישנע געבראַכט אַהער אויף איהר חורבן, און דער אייגענער שונא וועט באַלד ביי איהר אָבנעמען אַ לעבעדיג, דערוואַקסענע טאָכטער, וואָס זי האָט אויסגעזויגען מיט בלוט און טרערען...

און די זקנה האָט נישט געפיהלט דעם שטומען וועה־טאָג פון איהר טאָכטער, וועלכער האָט זיך פונאַנדערגעצויגען אויף די געלבליכע פאַלדען פון איהר מאַט־געזיכט, און האָט ווייטער גערעדט:

— האָסט איהם נישט געברויכט אַריינלאָזען צו דיר אין שטוב. כ'האָב דיך געוואָרנט, אַז ס'וועט פון דעם קיין גוט'ס נישט אַרויסקומען... קאַרג יונגע לייט האָט מען איהר גערעדט?.. וואָלט ער נאָך געווען אין דערהיים — אַ האַלבע צרה. ווען וועסטו זי זעהן נאָכאַמאָל? וועסט דיר איינרעדען, אַז דו יועסט פאָהרען צו איהר? שפעט האָסטו זיך אַרומגעזעהן. ביסט אויף דיינע אַלטע יאָהרען געווען פאַרנאַרט, ווי זי; און דיין שכל איז אויף אַ האָר נישט קלוגער געווען פון איהרען...

די אַלטע האָט אויפגעהערט צו רעדען.

אין זאַל איז עפּיס געשעהן: דאָס יונגע ווייבעל האָט זיך מיט אַ מאָל געגעבען אַ שטעל־אויף, גראָד ווי מ'וואָלט איהר בלוטיג אַ ציפּגעטון; אַ רגע האָט זי געטראַכט דעריבער, וואָס ס'קומט דאָ פאָר אַרום איהר, ווי איבער עפּיס אַ זאַך, וואָס איז נאָך געווען אַזוי ווייט פון איהר, און ערשט וואָס־נאָר געשעהן; זי האָט דערזעהן מיט איהרע אויגען דעם ביטערען אמת, וועלכער איז אַזוי נאָהנט... אַזוי נאָהנט... אַז דער גרוי־סער שמערץ וועט זיך באַלד איינשניידען אין איהר מוטער־

האַרץ, און דאָס קינד, וואָס ווערט איצט אָבגעריסען פון איהר, וועט זיין אויס קינד... און באַלד וועט זי צוריק געהן פון דאַנעט — פון אַ לויה וועט זי צוריקגעהן, און ס'וועט זיין אַ בראָך צו איהרע יאָהר...

און זי האָט שוין מעהר נישט געקענט אויסהאַלטען די יסורים פון שווייגען, און ס'איז געוואָרען אויפגעמאַכט דער קוואַל פון טרערען, יענער קוואַל וואָס גיסט זיך, ווי בלוט פון האַרצען, און דער גאַנצער זאַל איז פאַרהילכט געוואָרען מיט די קולות פון איהרע געשרייען און שלוכצען.

עס האָבען זיך אויפגעכאַפּט די מענשען צעטומעלטע פון זייערע ערטער, און האָבען נישט געוואוסט, וואָס ס'איז דאָ געשעהן; יענער מענש, וואָס האָט זיך פריהער געהאַט אויסגעמישט מיט דער פינכטערניש, איז איצט אויך אַרויסגעשוואימען פון ווינקעל, געריבען זיך די אויגען און אַרומגעקוקט אַ פאַרשלאָפענער:

— וואָס האָט דאָ געטראָפען?

ס'האָט נישט געהאָלפען דאָס בעטען פון די מיידלעך, וועלכע זענען אָנגעפאַלען אויף איהר, און נישט די שטרענגע בליקען פון ביסעל יודען, וואָס האָבען געפעהרליך געפינטעלט מיט די אויגען. נאָר די אַלטע האָט איהר אָנגענומען פאַר אַן אַרבעל, און מיט איהרע אויגען, וואָס זענען געווען אויסגעוויינט, טרוקען, פון די יונגע יאָהרען — האָט זי אַריינגעקוקט אין איהר פנים, און זיך געבעטען מיט אַ הייזעריג קול:

— שווייג, רחל, וויינט מען איבער אַ טויטען...

און די טאָכטער האָט זיך באַרוהיגט.

— — — — — — — — — — — — —

ס'איז שוין נישט געבליבען לאַנג צו וואַרטען ביז דער צוג וועט קומען. אין זאַל זענען איצט עפטער אַריינגעקומען מענשען. די רוהיגע און שווייגענדיגע האָבען זיך אָבגערוקט. דורך דער טיר צו דער דריטער קלאַס האָט זיך אַריינגעריסען דער פאַרשטיקטער גערויש פון מענשען, וואָס איילען זיך אייביג, זענען תמיד פאַרנומען, צעטראָגען...

דער זאַל האָט מיט אַ מאָל באַקומען אַ גאַנץ אַנדערען אויסזעהן. ווידער אַ מאָל זענען געוואָרען פאַרנומען די שטולען. און מענשען: איינציגע, אין צווייען, — זענען געזעסען, געטרינקען טיי, גערעדט וועגען זייערע נסיעות און זייערע מסחרים.

עס איז איצט אַריינגעקומען אַ הויך שלאַנק מיידעל, פון אַ טונקעל־ברונעטער פאַרב. ווען נחום האָט איהר דערזעהן, האָט ער אַראָבגעלאָזען די אויגען צו דער ערד. זי איז איינציגע מאָל אַדורך דעם זאַל, קאַלט זיך באַגריסט מיט נחום׳ן און בראָנ׳ען, וועלכער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט איהר אָבגעגאַנגען אין אַ זייט.

— וואָס איז מיט איהם געשעהן? — האָט זי געפרעגט
— ער פאָהרט טאַקי אַוועק?

— יאָ, ער פאָהרט אַוועק — האָט בראָן צוגעשטימט, און געהויבען מיט די אַקסלען:

— כ׳זאָל דאָס וויסען, וואָס ס׳איז געשעהן צווישען זיי?.. כ׳קום, אַ היים טרעף איהר זיצען מיט פאַרוויינטע אויגען...

— כ׳קען גאָר נישט איבערקלעהרען — האָט זי געזאָגט, און אַוועק נעהנטער מיט איהם צום בופעט. — קומט, כ׳וויל נישט ער זאָל הערען, אַז מ׳רעדט פון איהם... איהר ווייסט, בראָן, זי וועט׳ס נישט איבערהאַלטען!

— און ער איז אויך נישט ווייניג צעטראָגען, מ׳דערקענט איהם אויפ׳ן פנים!. כ׳ווייס: ס׳איז נאָר אַנ׳עקשנות! זאָל איך נאָך אַ מאָל רעדען מיט איהם דעריבער?..

אין דער רגע האָט זיך נחום אויפגעכאַפּט, ווי ער וואָלט געפיהלט, אַז מען מיינט דאָ איהם, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז פאַרשווינדען געוואָרען דורך דער טיר פון דריטען קלאַס.

— מ׳ברויך נישט—האָט דאָס מיידעל זיך אָנגערופען, זעהענדיג, ווי נחום איז אַזוי ענטשלאָסען אַרויס מיט פעסטע טריט. — האָט אַ גוטע נאַכט, און זאָגט גאָר נישט פאַר איהם, אַז כ׳האָב גערעדט דעריבער, האָט זי איהם דערלאַנגט די

האַנט, געזעגענט זיך און אַוועקגעגאַנגען.

בראָן איז אַליין אויך אַרויסגעגאַנגען מיט דער טיר, וואו נחום איז פריִהער פאַרשוווּנדען געוואָרען.

און איבער'ן זאַל האָבען אַציִנד פרייער געשפּאַציִרט די מיידלעך, וואָס האָבען נאָך פון פריִהער, ביי די געוויינען פון ווייבעל, פאַרלאָזט דעם טיש, וואָס איז דערווייל פון אַנדערע פאַרנומען געוואָרען, און זיך אַדורכגעשמועסט:

— בראָניע — האָט איינע גערופען, ווען דאָרט געדענקען אָן מיין ברודער?

— יאָ, כ'וועל געהן צו איהם און מיט איהם רעדען: ער זאָל דיך אויך אַראָבנעמען...

די, וואָס האָט דאָס געענטפערט, האָט זיך פלוצלינג אַרומגעקוקט און געזעהן, ווי דאָס ווייבעל איז געלעגען שייטעל ווינט נאך אין דער שטיל. איז זי געוואָרען ערנסט, און זיך געבעטען:

— וויין נישט, מאַמע, איך פאָהר דאָך נאָר נאָך איהם; האָסט נישט געזעהן עטלען, וועלכע איז אַראָב פאַר צוויי יאָהר? אויך אַ היימגעקומען...

— און האָט מען דאָס געדאַרפט? — האָט זיך אַריינגעמישט די זקנה, איהר באָבע.

אין זאַל איז אַריינגעקומען עפּיס אַ יונגע פרוי מיט פאַרטערערטע אויגען. צו איהר איז באַלד צוגעקומען איינער אין אַנ'אוניפאָרם-היטעל פון אַ רוסישער הויכשולע און העפ-ליך זיך באַגריסט:

— וואָס זענט איהר אַזוי פאַרטרויערט?

— כ'האָב באַקומען אַ טעלעגראַמע פון מיין מאַן, כ'זאָל גלייך קומען — האָט די פרוי זיך געקלאָגט.

אין דרויסען האָט מען געגעבען אַנ'איינציגען קלינג. פאַר די פענסטער האָט מיט רעש זיך אַדורכגעשלעפט אַ צוג. די ליכטיגע וואַגאָן-פענסטער האָבען זיך בלענדיג אַ דורכגעוויקעלט פאַר די אויגען, און קרעכצענדיג שווער איז דער צוג געבליבען שטעהן.

אין זאַל האָט אויפגעלעבט אַנ׳אָדער פון ביי טאָג. די מענשען האָבען זיך אַלע אויפגעכאַפּט פון די ערטער. ס׳האָבען זיך אַריינבאַוויזען פון דרויסען מענשען, פאַרביי דעם בופעט, עפּיס ט׳עם געווען, און ווייטער אַוועק, — ווער אין שטאָדט, און ווער צוריק אַרויף אין די וואַגאָנען.



בראָן האָט אין דרויסען געפּאַקט נחום׳ן, וועלכער איז געלאָפען איבערן פּעראָן, ווי אַ משוגענער, און האָט איהם אָבּגעשטעלט:

— עפּיס פליהסטו דאָך אַרום, ווי אַ טייוועל!

נחום איז געבליבען אַנ׳אויפגערעגטער שטעהן:

— פאַרוואָס איז זי אַליין נישט געקומען?

— דערפאַר — האָט בראָן געענטפערט, — ווייל זי וועט דאָך נישט אויסשטעהן דיינע משוגעת׳ן?..

כ׳בין איהר מוחל! — האָט זיך נחום צעשריגען אויפ׳ן קול — זאָל זי אַרויסווייזען איהרע צערטליכקייטען צו איהם, מיט וועמען זי איז נעכטען געפאָהרען שפּאַצירען און פאַרבראַכט ביז אין דער האַלבער נאַכט... כ׳ווייס, זי האָט איהם שוין פון לאַנג ליב!

— ס׳אַ-ליגען! — האָט בראָן קאַלט און שטרענג אויסגערופען.

נחום איז אַנטלאָפען, און מעהר נישט געוואָלט הערען.

אויף דער פּלאַטפאָרם האָבען זיך געפונען וועניג מענשען. אַלע, די וואָס האָבען געברויכט אַוועקצופאָהרען מיט דעם צוג, זענען שוין געזעסען אין די וואַגאָנען, און די, וואָס זענען געקומען מיט איהם — זענען אַראָב אין שטאָדט. עס איז געווען אַ פינסטערער אָוונט, די הימלען האָבען עפּיס געלויכטען, ווי פון זיך, אויסגעשפּרייט אַ בלאַסע ליכטיגקייט. פון הינטען האָבען אַרויסגעקוקט צוויי הויכע שווייגענדיגע קוימענס פון פאַבריקען, וואָס זענען געשטאַנען פאַריסטע, ווי די שוואַרצע נאַכט-ריזען.

נעבען קליינעם געווטעל האָבען שפּאַציִרט דער אַקאַדע־מיקער מיִט דער יונגער פרוי. ער האָט זיִ געהאַלטען פאַר'ן אָרעם, און שמייכלענדיִג אַלע ווייִלע איִהר אַריינגעקוקט איִן דיִ אויגען; אָפּט פלעגט זיִך הערען אַ שטיִל געלעכטער'ל, וואָס איז באַלד פאַרשוויִגען געוואָרען. באַלד איִז זיִ אַרויף אויף דיִ טרעפּלעך פון אַ וואַגאָן. ער האָט איִהר צערטליִך גע־דריִקט ס'הענטעל, און אויפגעפרעסט אַ וואַרימען קוש.

ביים לעצטען וואַגאָן האָבען זיִך אויפגעקליִבען דיִ אַלע יודען מיִט מיידלעך און ווייבער. דאָס ווייבעל, דיִ מוטער, האָט זיִך איינגעהילט טיפער איִן איִהר שאַל, און גאָר ניִשט גע־ויינט; זיִ האָט געשוויִגען, און דאָס שווייגען איִז געווען אַזוי טיף... און דאָס מיידעל, וואָס האָט געזאָלט אַוועק, איִז גע־שטאַנען דערשראָקען, בלייך, ווי מען וואָלט זיִ איִצט באַלד געברויכט אַריינעמען איִן אַ שטוב, וואו ס'שטעהט דער כיִרורג, וואָס וועט שניידען איִהר לייב... דיִ בלאַסע הויט איִבער איִהרע באַקען האָט געציִטערט מיט אַ לייכטען נערוועז־צוק, און אַרום'ן מיילכעל האָבען זיִך דיִ חן־גריִבלעך געגריִבעלט מיִט אַ פאַר־באָרגענער שרעק...

און דיִ אַלטע זקנה, וועלכע איִז קוים איינגעשטאַנען אויף איהרע פיִס—האָט געקוקט מיִט אַ פאַראַכטונגס־בליִק פון איִהרע טריִב־אַלטע אויגען; און מיִט אַ צעבראָכען געמיִט, ווי איִהר גאַנצע עלטער איִז, האָט זיִ גערעדט מיִט אַ לשון, ווי זיִ וואָלט געשטאַנען און זיִך אויסגערעדט פאַר'ן אָפענעם קבר פון איִהר'ס אַ קיִנד, אַנ'איינִיקעל, נאָך וועלכען זיִ האָט דערלעבט אַזוי פיִל מאָל נאָכצוגעהן און באַגלייטען דאָס צום הייליִגען פעלד.

— פאָהר... פאָהר... און זאָל ווערען קליין דער וועג אונטער דיינע פיִס, און דער גרויסער ים זאָל זיין שטיִל, ווי אַ קליין טייכעלע, ווייל ניִשט אַביִ־ווער וועט איִצט פאָהרען אויף איִהם; זאָל ער וויִסען, דער ים, אַז דאָס פאָהרסטו, בראָנ־קע, וואָס דיין זיידע איִז אַ גרויסער יוד געווען, און איִן זיין זכות דיִך ברענגען בשלום איִן יענע מדינה אריין...

נחום איז געשטאַנען אויפ׳ן ערשטען טרעפעל פון וואַ-גאָן, ער האָט געהאַלטען בראָנ׳ס האַנט אין זיינע הענט און איהר געדריקט:

— רייד גאָר נישט, אַז דו וועסט זיך טרעפען מיט איהר— און אין זיין קול האָט זיך געפיהלט אַ חרטה מיט אַנ׳עקשנות.

— שרייב עפּיס!—האָט געבעטען אַ מיידעל ביי יענעם, וואָס איז געשטאַנען אין וואַגאָן—וועסט נישט פאַרגעסען?

מען האָט געגעבען דעם לעצטען קלינג, און באַלד האָט זיך דער צוג אַ ריהר געטון; אַ קאַלטער גריליץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון אונטער די רעדער, און זיי האָבען זיך פאַמעלעך גענומען גליטשען איבער די רעלסען.

דאָס מיידעל האָט אַרויסגענומען אַ ווייס טיכעל, און גע-פאָכט, געפאָכט...

בראָן האָט געגריסט מיט׳ן הוט.

— — — — — — — — — — — — — —

צוויי מענשען זענען אַוועקגעפאָהרען; איינע צום חתן, און דער אַנדערער—פון דער כלה...

---

דאָס יונגע ווייבעל האָט זיך באַלד נאָך דער חתונה אָבּ־געקילט; איהר הייס פלאַטערן, וואָס איז געווען עהנליך, ווי ביי אַ טויב, האָט זיך צו־ביסלעך געלאָשען, און דאָס גיריג־חלש׳ן צו זיין אינאיינעם מיט׳ן מאַן, זיך אַרומכאַפּען מיט איהם, לאָזען אויסקנעטען מיט איהם אַזוי ווי פון איין שטיקל טייג, אַבּסאָלוט פאַרפאַלען ווערען אין איהם און מיט איהם, האָט אָנגעהויבען צעפאַלען ווערען און זיך אָבּטיילען; און איז פּלוצלינג געבליבען גאַנץ אַליין, כמעט ווי אַנטוישט. מעה אויסגעניכטערט, אויסגעלייטערט, און מיט ריינערע אויגען גע־קענט אַריינקוקען אין דער פאַרנעפּעלטער פאַרגאַנגענהייט, זיך איבערלעגען מיט אַ קלאָרען ישוב־הדעת:

— אַז, ס׳איז מעהר געווען דער בלאָסק, דער שימער, ס׳חלש׳ן, ווי ס׳דערגרייכען...

און פּונקט ווי אויף די פּעדערען פון אַן׳אַלטער, פאַרעל־טערטער פּאַווע,—זיי ווערען מאַטער, גרויער, אַזוי האָבען די פלאַמען אין איהרע באַקען זיך פאַרענדערט; איהר גליק האָט אַצינד אַרומגעשוועבט אין שטוב, אויף די אַלע קליינע פּאָר־ציליינע קעפּלעך, וואַזאָנען, וואָס זי האָט באַקומען צוגעשיקט צו דער חתונה און וועלכע פלעגען איהר אַצינד בלויז דער־מאָנען, אַז זי האָט געלעבט אַמאָל אין אַ מיידעלשע צייט, און

פאַרבלייבען שוין אַ סימבאָל, אַ גאָלדענע ערינערונג...

זי האָט זיך אַצינד געפיהלט אַזוי איינזאַם, אָבגעריסען פון אַלע חבר׳טאָרינס, נאָכ׳ן אָנקומען צו אַ מאַן, וואָס ברויך אויספולען מיט זיך די פוסטקייט, און איהר פאַרזיסען די טעג, אַז זי זאָל ערשט אָנהויבען בליהען ווי אַ יונגע רויז, זיך שפּיגלען אין דער ליכטיגקייט פון דער גאָלדענער זון...

צו איהר מאַן, אַ יונגען בלייכען שאַטין, צו וועלכען זי האָט געשפּירט אַ שטאַרקע ליבשאַפט פון פריהער׳-נאָך, און זיין בלייכקייט איז געווען אין איהרע אויגען אַזוי ווי ס׳בלייכקייט פון די הימלען,—האָבען אַצינד, נאָכ׳ן ביסעל צו־זאַמענלעבען מיט איהם, פאַרשידענע פרעמדע געפיהלען זי באַהערשט, ווייטע, אומהיימליכע, און זי געמאַכט ציטעריג ווי אַ שוואַלב, און קאַפּריזנע ווי אַ קינד...

אין דער פריה, ליגענדיג אין בעט, פלעגט זיך איהר זעהר לאַנגווייליגען, ביז צום ברעכען; דאָס פּנים צעקנייטשט, האַלב-אויסגעווייקט, געלב.—פלעגט זי דערזעהן אין דער גרוי־סער שפּיגעל-טיר פון דער וועש-שאַנק, וואָס איז געשטאַנען צופיסענס פון די בעטען, אַז איהר מאַן, דער בלייכער שאַטין, געהט אַוועק אַרום ניינע — בלייבט שוין שטיל אין שטוב, פּוסט, און זי ליגט דאַן אומגעשטערט, נישט אָנגעזעהן אין בעט, — שאַרט אַראָב די דעק פון זיך, אַנטפּלעקט די גאָלע פיס, און האָט אַזוי ליב צו באַטראַכטען איהר קערפּער שעה׳ן לאַנג... שפּעטער — אַרויסשפּרונגען ראַפּטים פון בעט, נישט וויסענדיג צומאָלט, אַז זי טוט עס, און אַרומגעהן אַזוי אַ שפּאָרע ווײַלע איבער די דריי שטובען. פון שלאָף-שטיבעל ביז צו דער קיך, אָבשטעלען זיך סתם, פאַרהאַלטען אויף אַ רגע און ווייטער קריכען אָהן אַ צוועק. נישט באַמערקען די ריינקייט און די לויטערע שטילקייט, וואָס ליגט אויסגעגאָסען אויף אַלעם, פון אַ קליין בעטעלע ביז אַ גרויסע מאַסיווע קרעדענץ-שאַנק, פאַר־צילין געפעס, און מיט איינמאָל—אַזוי ווי אין עפּיס זיך דער־מאָנען,—כאַפּען אויף דער גיך זיך אָנטון; פאַרטיג ווערען אי־

בער עטליכע רגע׳ס, אַזוי ווי אַ פאַרשפעטיגטע זאַך וואָלט איהר
געטריבען. לענגער אָבער פלעגט זי האָבען צו כון מיט׳ן פנים,
און זיך קרייזלען די לעקלעך ביים טואַלעט-שפיגעל. זיצענדיג
דערביי אין אַ העל-זיידענער אונטער-האַלקע, פאַרלעגט אַ פיס,
אַז ס׳גראָבע פלייש האָט זיך שרעקליך צושפרייט אין צע-
צויגענעם זיידענעם, שיטערען שטרימף; אויפרישען זיך די באַ-
קען, אָנבייסען די ליפען רויטליכער, די אויגען צוגעבען עט-
וואָס גלאַנץ, און אַזוי שוין אַוועקגעהן אין גאַס-אַריין שפּאַ-
צירען.

זעלטען, אַז זי פלעגט אַדורכלאָזען אַ שפּאַציר. עס איז
ביי איהר שוין געווען אַזאַ געוואוינהייט, כאָטש—צוויי-דריי מאָל
זיך אַדורכצוגעהן איבער דער גאַס, און אַהיימקומען צום מי-
טאָג; ביי מיטאָג ווידער איז זי געזעסען אין אַ פעניואַר, האַל-
בע נאַקעטע הענט ביז איבער די עלענבויגען, און פון די
עלענבויגענס—העכער, ברייטע גלח׳שע אַרבעל, צוליב וועלכע
מ׳האָט אויך אַרויסגעזעהן די רעשט האַנט ביז אין שאָטענדיגען
ווינקעל; דער קאָפ האָר איז ביי איהר געווען יאַפּאַניש אַרויפ-
געדרעהט, אַזאַ אַרט סאַלאָן-פריזורע, וועלכע האָט זיך צו
דער צייט נאָך געהאַלטען פריש און פייכט פון קעלנער וואַ-
סער און פאַרשמעקט איהר גוף און צוגעגעבען זעהר אַ צאַר-
טע פרישקייט; זי האָט געשניטען פעניצלעך מיט׳ן מעסער,
צוהאַלטענדיג מיט׳ן גאָפעל, און געקייט פויל אויף די באַק-ציין,
אַזוי ווי מיט איבערלעגונג, און מעהר געקוקט אויף די פּאָליר-
טע מאַניקיר-נעגעל, אויף די גערייניגטע קינסטליכע ציין,—אַקעגנאיבער אין שפיגעל, ווי אין עסען זיך אינטערעסירט...

מיט׳ן מאַן האָט זי דענסטמאָל קנאַפּ גערעדט. ס׳האָט זיך
עפּיס געפיהלט צווישען זיי אַזוי ווי אָנגעצויגען, אַ שלעכטע
שטימונג, און ס׳האָט אויסגעזעהן—אַזוי ווי מ׳וואָלט אַלע מאָל
באַדאַרפען אַ דריטען מענש, וואָס זאָל קענען עפּיס אַדורכ-
ברענגען צווישען זיי, אַזעלכעס וואָס הענגט אין לופטען,
און קאָן נישט דערעדט ווערען; זי האָט נישט געקוקט צו

איהם, גראָד ווי זי וואָלט זיך עפּיס געפיהלט איהם שולדיג, נאָך פון דער התונה-נאַכט, אַזעלכֿעס וואָס זי קען איהם נישט אַרויס-צאָהלען, און דער מאַן קען זיך אַפּילו נישט אויכמאָנען מעהר ביי איהר...

---

עפּיס האָט איהר, דער פרוי, ניכט אָנגעהויבען באַלד שמעקען דאָס פרויענלעבען; פּונקט אַזוי ווי ס'האָט איהר פריהער גערייסען און געוואָלט דורכֿאויס אַריבעריאָגען יענע צייט, וועלכֿע זאָל בלייבען אונטער איהר,—האָט עס איהר באַזונדער נישט געשמעקט אַצינד; פון דרויסען, האָט זיך אַלץ געטווישט,—זי געפינט זיך אין אַ פּאָר ליכטיגע באַקוועמע שטובען און קוקענדיג אויף די שטאָרען, וואָס זענען בלאַס-בלוי פון די פּיאָלעטע, מאַט-רויטליכֿע אָיוענדען,—רייסט זיך נאָכֿמעהר איהר הארץ. דערשפּירט זי ערשט איהר גרויסע אייביגע בענקשאַפט, וואָס ציהט זיך אין דער אומענדליכֿקייט; און ווי אין אַ ראָזע ערינערונג שווימט אַרויף עפּיס אַ גאָלדענער פּאַרלאַנג פון מיידעלשע געגוסען, ווי האַלב-צייטיגע קאָרן-פעלדער, נישט דערשטאַנענע, טיילווייז— באַגילדטע...

זי האָט זיך אין מאַן נישט גענאַרט, אין דעם בלייכֿען שאַטין, לאַנגען, אויסגעצויגענעם, מיט'ן שמאָלען געזיכט און דאַרע זשעבערעס, וואָס מ'האָט געקענט אָנצעהלען אויפ'ן לייב ווי ביי אַ כֿאַרט; ער איז נאָר געווען אַ קליין ביסעלע טרוקען, אָהן אַ ברעקעל כּאָזיע, אָבער דערפאַר—מיט זעהר פיל נאַטירליכֿער גוטסקייט. איהר צעטראָגענקייט האָט איהם נישט ווייניג אויך שלעכֿט נעשטימט; ער איז אַרומגעגאַנגען אָהן אַ קאָפּ, ס'האָט איהם נישט געלאָזט איינזיצען רוהיג ביי אַנ'אַרבייט, און האָט נישט געקאָנט פריי אַראָבשלונגען אָ ביסען ביים מיטאָג, אַז זיין בליק זאָל זיך דערביי נישט פאַרטיפען אין איהר פנים, דעם ווייב'ס, און פרעגען אַלצאינאיינעם מיט אַ מאָדנער צאַרטקייט:

—וואָס ס'פּייניגט איהר אַזעלכֿעס און גראָבט אונטער איהר, אַזוי ווי אַ וואורם ס'גראָבט אונטער אַ בוים; און ס'אַראַוואָלקען עס רוהט אויף איהר פנים, וואָס לויטערט זיך קיינמאָל

נישט אויס, אַזוי ווי דער הימעל אין עווערע צייטען ?..

זי פלעגט נאָר דענסטמאָל קריינקליך שמייכלען, אומנאַ־טירליך—שמייכלען, זוכען עפּיס אַ תירוץ, אַנ'אויסרייד פון דער וואַנט, און ווידער נישט קענען זיך אויסרעדען מיט איהם; אַ מאָדנע שעמעוודיג געפיהל האָט איהר אַרומגענומען אין אַזעלכע מינוטען, ווען דער מאַן איז צוגעשטאַנען צו איהר. איהר זיס געפייניגט מיט נאַרישע רייד, אַז זי האָט שוין געמוזט פאַרשטעלען ס'פּנים מיטביידע הענט, באַהאַלטען דעם גאַנצען קאָפּ איהרען אין אַ פאָלע פון קלייד און זיך קווינקלען, מאָדנע־קינדעריש...

אַ נישט—אַוועקגעהן אינגאַנצען פון טיש, אַראָבלאָזען די פאָרהאַנגען, אַז ס'זאָל בלייבען טונקלער אין שטוב און זיך אויסלעגען אויף דער העל־דעסענירטער פלושענע אָטאָמאַנע. זיך אויסשפּרייטען און צונעמען די פּיס, בלייבען ליגען אין אַזאַ פּאָזע, פאַר וועלכע זי וואָלט זיך אַליין אפשר געשעמט מיידעלוויז, און באַלד פאַרהאַלטען אַ געדאַנק אין קאָפּ:

—ווי נאַטירליך ס'איז, אַז מ'האָט נאָר חתונה, און מ'איז מיט אַ מאַן אינאיינעם...

זי ווייסט דענסטמאָל אַליין נישט, ווי לאַנג זי ליגט אַזוי אָב, אָהן אַ ברעקעל מחשבה און נאָר וואָס דורך אַ צופאַל גיט זי זיך אַ שטעל אויף די פּיס, נעמט גיך אויף זיך צורעכט מאַכען די טאַולעטע און געהט ווידער אַוועק אין גאַס אַריין.

---

אין איהר צוטראָגענקייט האָט זיך געשפּירט אַ לייט־מאָטיוו, איין־אונדערזעלביגער, וואָס האָט זיך אַדורכגעצויגען, ווי אַ קלאָרער שטריך אין איהר גאַנצער באַנעמונג, און אַרט לעבען.

באַלד נאָך אַפּאָר טאָג זיין מיט איהם נאָך דער חתונה, האָט זי גלייך פאַרלוירען איהר צייט. און דאָס פּנים האָט זיך ביי איהר פאַרטונקעלט; עפּיס אַזוי ווי אומגעריכט, אומגערן, אָהן וועלכער־ס'איז איבערלעגונג, אַ קליין ביסעלע פריה־

צייטיג איז איהר דאָס פאָרגעקומען, און זי האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי זי זאָל דאָס פאַרשטעהן; זי איז אין אויגענבליק געוואָרען אַזוי איבעראַשט, און באַלד—אַזוי גיך זיך פאַרלוירען, אַראָבגעפאַלען פון מוט, און שוין פאָרלויפיג נישט געקענט קומען אַזוי גיך צו זיך; זי האָט געזוכט אַ צייכען אויף איהר קערפער. און מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר געזוכט, געוואָלט עפּיס שפּירען, אָבער גאָר נישט געשפּירט; זי האָט גוט געוואוסט, אַז ס'ועט ערשט אָנהויבען צאַפּלען ביי איהר, לעבען,— אין די העכערע חדשים, און דערווייל אַנטוויקעלט זיך עפּיס ביי איהר אינעווייניג, אין די געדערים, ס'נעמט זיך צונויף פון אַ פלעק, אַ רויע אומבשאַטימטע זאַך, וואָס וועט זיך שפּע-טער ערשט פאָרמירען אין אַ געשטאַלט, באַקומען אַ חיות, און געבען אַ ריהר:

—פּיק... פּיק...

און דערווייל שלאָפט דאָרט אַלץ, נישט מעהר—ס'יעהרט, ס'האַלט אין ווערען, אַזוי מיט איטליכען טאָג, מיט יעדע שעה, רגע, אויגענבליק. און דאָס איינציגע, וואָס גיט איהר אָנצוגע-הערען פון דער זאַך איז—ס'ברעכען, וואָס זי ברעכט אַראָב ס'עסען, ס'דריקט איהר כסדר אונטערן גריבעל פון האַרץ, און באַקלאָגט זיך שטאַרק:

—אַז זי שפּירט נישט קיין טעם אין עסען, אַזוי ווי ס'וואָלט נישט געווען ריכטיג דערזאַלצען...

ס'האָט איהר נישט אַזוי שטאַרק געאַרט ס'טראָגען, ווייל זי האָט דאָך פריהער געוואוסט, ס'איז אַנ'אומפאַרמיידליכע זאַך; נישט מעהר, וואָס ס'האָט זיך אַזוי רעש געמאַכט, פּלוצ-לינג, מוז זיין, אַז ס'איז נישט נאָרמאַל ביי איהר, אַז זי וועט נישט האָבען קיין נאָרמאַל קינד, ס'ייעט זיין עפּיס אַ פאַרזעהעניש מיט אַ קעפּעל פון אַ חזיר'ל, אָדער מיט אַ פּאָר פיסלעך פון אַ פערדעל, מיט קאָפּיטלעך אָדער ס'קלענסטע שוין—אַ פלאַם אויף דער באַק, אַ מייזעל אויפ'ן שטערן, אַ שראַם, אַ בעלמע, אָדער גאָר מיט אַנ'אַנדערען חסרון...

מ'האָט איר געַ'עצה'ט: זי זאָל זיין שטאַרק אויסגעהיטען די מינדסטע באַריהרונג אויף איר לייב, באַוואוסטזיניג, אָדער—נישט באַוואוסטזיניג, דאָס קלענסטע ביסעל וויסען, אָדער—דער-שרעק, באַגעגעניש, קען זיך באַלד אָפּרופען אויפן קינד; זי ווייסט פון אַ סך פרויען צו דערצעהלען, וואָס האָבען זיך אין די צייט אָנגעכאַפּט ביים פנים, דערזעהענדיג אַ פייער,—איז ס'קינד געבוירען געוואָרען מיט אַ פלאַם אויפ'ן בעקעל; אַנ'אַנדערע האָט זיך אַזויערנאָך פאַרזעהן אין אַ הויקער. אַזוי—ס'איז נאָר פון פאַרזעהן זיך, און גאָר נישט דערפאַר ווייל זי האָט אָנ-געהויבען אַזוי פריה צו טראָגען; און פונדעסטוועגען האָט איהר נישט אויפגעהערט פייניגען דער געדאַנק, ס'האָט זיך עפּיס אויפגעמישט אינאיינעם דאָס און יענץ. און נישט זי האָט זיך געקענט באַפרייען, לעבען פריי, אַ צולאָזטע, זי זאָל נישט זיין שטאַרק געוואָרענט און אויסגעהיטען מיט איטליכען טריט...

פאַר'ן מאַן איהרען, דעם שאַטין, זאָגט זי דערווייל גאָר נישט, נאָר ווען זי געהט מיט איהם אַרויס אויפ'ן שפּאַציר. ער דער-פיהלט איהר שטייפקייט, אַז ס'פּייניגט איהר,—קען ער מעהר נישט פאַרשווייגען, און בעט זיך ביי איהר:

—קינדעלע, כ'וויים, דו ביסט אויף אַזאַ צייט, נו, ברויכ-סטו נישט זיין נאָך אַזוי טרויעריג!.. קאַרג פרויען, וואָס זענען גלייך מיט דיר, און זענען גאָר נישט אַזוי קאַפּריזנע?..

זי דריקט זיין אָרעם,—נערוועזער, האָט מורא עפּיס אַרויסצורעדען, האָט מורא זיך רעכט אַרומצוקוקען, נאָר האַלט נ'קאָפּ אַזוי ווי פאַרגליווערט; און טרעפט זי זיך פּנים-על-פּנים מיט אַ שטיינער'ן-געטעל וואָס אויף אַ ראָג-גאַס, ווי ס'שטעהט איינגעמויערט אַזוי און פאַרקרומט, אויסגעבויגען, נאָר אַראָפּצו-פאַלען—אַזוי דריקט זי נאָך פעסטער דעם מאַנ'ס אָרעם, און מור-מעלט פאַרלוירען:

—אַ יוזל... אַ יוזל...

ער הויבט די אויגען אויף, קוקט איהר אין פּנים אַריין, וואָס איז אַזוי טיף-דערשראָקען, בלייך, און פרעגט:

—איז וואָס, קינדעלע, אַ יוזל?

זי שווייגט, רעדט נישט מעהר, נאָר פינטעלט עפּיס, און געהט דערווייל ווייטער; און ביז ער קען זיך רעכט און עפּיס אָריענטירען—אַזוי באַגעגענט זי זיך מיט אַ קליין מענשעלע, עפּיס אַ הויקערל, וואָס געהט זיך טריט-ביי-טריט, מיט אַנ׳-אויסגעגלאַנצט שמאַלצענדיג פּנימ׳ל, און דריקט צוזאַמען מיט׳ן גאַנצען כח זיין האַנט:

—זעהסט, אַ הויקער?..

בלייבט ער מעהר נאָך פאַרוואונדערט, און פרעגט·

—איז וואָס, אַז אַ הויקער?

זי קען זיך אָבער נישט אויסרעדען מיט איהם, און געהט ווייטער טריט-ביי-טריט, אַזוי ווי אָנגעמאָסטען, שרעקט פון רגע-צו-רגע—מעהר, ביז זי באַגעגענט זיך עפּיס מיט אַ נעגער, אַ שוואַרצען שמייכעלדיגען נעגער, עלעגאַנט אָנגעטון, נאָר מיט אַ קויל-שוואַרץ פּנים, און הויבט-אָן ציטערן, פלאַטערן,—ס׳פּנים ווערט ביי איהר בלייך, אַז ער כאַפּט איהר אונטער, זי זאָל נישט אומפאַלען.

—וואָס האָסטו זיך דערשראָקען, קינדעלע, וואָס האָסטו געזעהן?..

—אַ נעגער,—שטאַמעלט זי—אַ שוואַרצען מענש!..

—נו, איז וואָס, אַ שוואַרצער מענש? וואָס געהט ער דיך אָן? דער שוואַרצער מענש?..

—מאַמעלע,—ציטערט זי מיט׳ן גאַנצען קערפּער, און קען זיך אַלץ נישט באַרוהיגען—מ׳קען זיך דאָך פאַרזעהן אין איהם?..

—האָסטו מורא, זאָלסט זיך נישט פאַרזעהן, קינדעלע?..

—כ׳ווייס?.. אין דער צייט, מ׳זאָגט: ס׳האָט אַ סך דערצו. דו וואָלסט זיך נישט געשראָקען, אַז איך וואָלט געהאַט אַ קינד מיט אַזאַ שוואַרץ פּנימ׳ל און שוואַרצע הענטלעך?..

אויף זיין בלייכֿען פּנים, דעם מאַנס, האָט געשפּילט אַ קריינקליכֿער, צוצויגענער שמייכעל; ער איז געזעסען האַלב אָנגעלענט אין בענקעל, אין אַ באַקוועמע פּאָזע, און גע-לאַכֿט:

—האָסטו טאַקי מורא פאַר אַ פאַרזעהעניש? פאַר אַ קינד מיט אַ קעפּעל פון אַ פערדעל? ס'אַ וואונדערליכֿע זאַך!..

זי האָט געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזט צו דער ערד. נישט געקאָנט איהם קוקען אין פּנים אַריין, און געווען פעסט ביי זיך:

—ס'קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין, מיינסטו?

—נישט געהערט!—האָט ער אָבגעהאַקט, און אַ ווײַלע נאָכֿ-געטראַכֿט,—יאָ, געטראָפען זיך ערגעץ אין אַפריקאַ, זאָגט מען, און געבּרענגט עס אַזש אַהער קיין אייראָפּאַ, זיך באַווייזען דערמיט, כֿאַ-כֿאַ...

די פרוי מיינט שוין טאַקי, און הויבּט-אויף ס'קעפּעל ניי-גיריג, מיט איין אָטעם:

—און ס'האָט געלעבט?

ער לאַכֿט זיך פונאַנדער האַרציג און זעצט זיך איבער צו איהר, קושט איהר ס'קעפּעל.

—נאַריש קעצעל. ס'איז נישט קיין מעגליכֿע זאַך—פאַר-שטעהסט זיך נישט אויף קיין געלעכֿטער?

—און דו ווילסט זיך נישט לאָזען צו גלויבען?—פרעגט זי זיך צוטוליענדיג צו איהם.

—יאָ,—ענטפערט ער,—ביי יונגע פרויען, וואָס הויבען-ערשט אָן צו-טראָגען, אין דער פאַנטאַזיע, אַז זי צושפּילט זיך...

זי לאָזט זיך אָבער נישט איבּעררעדען, און ווערט מיט איטליכֿען טאָג מעהר אויפגערעגטער; זי האָט שוין אַראָבגענומען די בילדער פון דער וואַנט, אַריינגעשטעלט די גיפּסענע קעפּלעך אין דער שאַנק אַריין. און דרעהט זיך אַרום אין די שטובען, וועלכֿע מאַכֿען דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען נישט געווען דערוימט; ביי איהם צושמייכֿעלט זיך אָפּט ס'פּנים פאַר קריינקונג. און נאָך איטליכֿען מאָל, ווען זי פאַרשטעקט עפּיס

אַנדערש, נעמט ער איהר אויף דער שויס, דריקט איהר קאַפּריזנע צו זיך. און רעדט איהר אויס:

—נאַרעלע, ס'איז מיט אַלע אַזוי, ביי אַנ'ערשטלינג, וואָס פאַר אַ וואונדער? ס'איז ביי דיר אַלע יאָהרען געווען פאַרשלאָסען, און איבער וואָס דו האָסט זיך אַ מאָל געקענט פאַרקלעהרען, לעבסטו עס אַצינד איבער אין דער ווירקליכקייט; נישט מעהר דו וועסט זיך פריהער נישט באַרוהיגען ביז דו וועסט אויסטראָגען, האָבען... און... זעהן...

איהר באַרוהיגט עס נישט; די שרעק וואַקסט, די מורא שטייגט, נאָר-וואָס פון פאַר די לעצטע טעג איז איהר עפּיס געקומען אַ ליכטיגער געדאַנק אין קאָפּ אַריין, אַז זי ברויך דאָך אייגענטליך, גאָר נישט אויסוואַרטען ביז צום סוף, און פרעגט זיך:

—אַ פאַרזעהעניש מיט אַ קעפּעל פון אַ חזיר'ל—קאָן לעבען? ער ענטפערט קורץ, אָבער זיכער:

—ניין.

—דו ווייסט באַשטימט, אַז נישט?

—באַשטימט.

—און ווען הויבט-אָן צו לעבען אַ קינד ביי דער מוטער אין בויך?—פרעגט זי נייגיריג.

ער קלעהרט אַ ווייל נאָך, און זאָגט:

—כ'וויים? אויפ'ן פינפטען חודש שפירט זי עס; אַז מען לייגט צו די האַנט צום לייב, גיט אַ פּיק...

—אויב אַזוי,—ווערט זי פרעהליכער,—וועל איך דאָך נאָך פריהער קענען וויסען...

און זי צעהלט, רעכענט—אַלע טאָג צעהלט זי, נאָך איטליכען מיטאָג צעהלט זי—איז פאַרטון ביי טאָג און ביי נאַכט מיט'ן רעכענען די טעג, די וואָכען, און באַקלערט זיך:

—אַפילו נישט קיין סך, אָבער אַלץ גוט, אַז זי וועט נישט ברויכען אויסוואַרטען ביז אין דער לעצטער מינוט, ווען זי וועט געהן צו בעט...

אויפ'ן האַרץ ווערט איהר צייטענווייז עטוואָס גרינגער,

אָבער די שווערקייט רוהט דורכאַנאַנד אויף איהר פּנים, פּונקט ווי אַ וואָלקען אין הערבסט-צייט, וואָס טוט זיך נישט אָב פון הימעל...

אין איהר געהן, אין איהר טון — שפּירט זיך אַלץ די אָנגעשטרענגטקייט, ס'נערוועזע ציטערן חזר'ט זיך איבער, אָנפאַלען; זי שפּירט זיך כסדר ערגער, גאָר נישט ווי אַ פרוי אין דער צייט, ביים ערשטען מאָל, פּלוצלינג, נאָכ'ן איבערלעבען די גאַנצע מיידעלשע יוגענד,— אַז ס'הויבט אָן בליהען ביי איהר, אומגעריכט, זי ווייסט נישט פון וואַנעט און ווי אַזוי, גאָר אויף אַ וואונדערליכען אופן; און דאָס אינערליכע, דאָס פרויענליכע אין איהר באַקומט אַ גאַנץ אַנדערען מהות, איהר קערפּער בויט זיך איבער, ער פאַרלירט צו ביסלעך די אַלטע מיידעלשע פאָרמען, ווערט אינ-גאַנצען אַנ'אַנדערער, מעהר—צעלאָזענער, צעשווימענער...

---

אַז זי וועט האָבען אַ פאַרזעהניש, איז שוין ביי איהר גע-ווען גוט איינגעפּאַסט אין קאָפּ; נישט געוואוסט האָט זי נאָר, און נישט געקענט זיך דערצו אויסמאָלען אין דער פאַנטאַזיע, ס'אַראַ באַשעפעניש זי וועט אויסשפּייען פון איהרע געדערים? און וויפיל זי האָט זיך נישט געמאַטערט, געזוכט סימנים—איז פאַר איהר אַלץ געבליבען אַ סוד, גראָד ווי יענער אייגענער סוד, וואָס ס'איז פריהער אונמעגליך צו דערגעהן ביי אַ טראָגען:

—אויב ס'קינד וועט זיין אַ יונגעל צי אַ מיידעל?

זי האָט זיך נאָר געוואָלט דערמאָנען אין איהרע באַגעגע-נישען פון פאַר דער לעצטער צייט, אויף וואָס זי האָט זיך לענגער פאַרקוקט, און ווי אויף צו להכעיס האָבען איהר אַלערליי קאַליקעס גראָד געטראָפען, מאָדנע ברואים, פלעדערמייז זיך גע-טשעפעט, שאָטענס אויף די גלייכע ווענט געקראָכען...

און דאָס האָט איהר נאָכמעהר נערוועזיש געמאַכט. און זי האָט אינגאַנצען געציטערט, געהענדיג אין גאַס מיט'ן מאַן, אַזוי, אַז ס'איז איהם שוין אונמעגליך געווען ווייטער אַריין אינ-גאַנצען מיט איהר אַרויסצוגעהן...

איהר איינציגע טרייסט איז נאָר געווען, אַז זי וועט דער־שפּירען ס'קינד, ווייל דאָס האָט זיך איהר שוין גיכער געלעגט אויפ'ן שכל:

—אַז אַזאַ כאַרזעהעניש פון אַ קינד מיט אַ קעפּעל פון אַ חזר'ל, אָדער פיסלעך פון אַ פערדעל—זאָל קענען לעבען? נאָר מיט אַ שראַם, אַ פלאַם אויפ'ן בעקעל,—דאָס וואָלט איהר שוין גאָר נישט באַלד געאַרט!..

זי האָט אינסטינקטיוו אויסגעמיטען די גאַס. צוליב אַ שלעכט באַגעגעניש, און זיך ווייטער נישט געריהרט איבער דעם שוועל פון איהר שטוב; אָבער אויך דאָ האָט איהר געפעהרליך גע־פייניגט די איינזאַמקייט; ס'ליידיגקייט פון די שטובען האָט אויף איהר זעהר שלעכט זיך אָבגערופען, און זי פלעגט זיך פיהלען אַזוי ווי אָבגעשלאָסען אין אַ תפיסה...

ס'האָט שוין אַזוי ווייט געהאַלטען, אַז זי האָט זיך מורא געהאַט צו ווייזען פאַר'ן פענסטער פון דער גאַס; ווייל עטלי־כע מאָל, ווען זי האָט צענומען די גאַרדינען, און זיך פאַרקוקט אונטען-אַראָב—האָט זיך עפּיס אַלץ אינאיינעם אַדורכגעוואָרפען אַ הייקערל, אַ קליין ריהרעוודיג מענש'ל, נאָר אין אַזאַ עלע־גאַנט אָנטון, מיט אַ קורץ פראַקעלע, און לאַקירטע שיכלעך, אַז מ'האָט—קוקענדיג, זיך נאָר געקענט צעשמייכלען! זיין פּנים איז געווען שוואַרץ אָבגעראַזירט, געגלאַנצט ווי באַשמירט מיט פּאָמאַדע, און ס'האָט שטאַרק געעקעלט דערפאַר, אַזוי ווי ס'וואָלט זיך געשמאָלצען פון דער זון, און צעגאָסען געוואָרען.

אָט, דאָס הייקערל האָט עפּיס ווי אויף צו להכעיס נישט אָבגעטרעטען פון איהר פענסטער, כאָטש ער האָט קיין איינציג מאָל פאַר זיין אַריבערקייקלען זיך אויפ'ן טראָטואַר—נישט אויפגעהויבען די אויגען צו איהר,—האָט זי איהם דאָך דריי מאָל אין איין טאָג געזעהן פאַרבייגעהן; איינמאָל האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין מיטען געהן, זיך פאַרנומען אַ טריט צו־ריק, ווידער זיך אויסגעדרעהט, גראָד ווי ער וואָלט זיך גע־האַט דערמאָנט אין אַ פאַרגעסענע זאַך,—און ס'האַרץ האָט איהר גענומען קלאַפּען, שרעקענדיג:

—אַט, אָט, קוקט ער אַרויף צו איהר, זיי זעהען זיך, און... שוין !.. אַזאַ הייקערעל וועט עס אויך זיין !.. און זי ברויך שוין מעהר נישט !..

אויף איהר פנים שיינט אַ גליקליכער שמייכעל, אָבער— אַ קורצער, ווי די זון אין אַ פריהלינגס-טאָג ; איהרע אויגען גלאַנ-צען-אויף גרינליך, און ווערען באַלד טריב, ווי די הימלען אין גראָהען הערבסט...

אין שטוב הערשט דאַן אַנ׳אומעטיגע שטילקייט, ס׳הערט זיך אַזש ס׳זשומען פון אַ פליגעלע ; אַ זוניגער זייל ליגט פון פענסטער אויס, און שטעכט אַריין אין דיוואַן, און ציטערט, רויעט, ווי אָנגעפולט מיט לעבעדיגע מיקראָבען...

זי זיצט לאַנג. פאַרלירט זיך צו-ביסלעך, קומט אַוועק אין דער דאָזיגער פוסטקייט, צעגעהט ווי אַ שטיקעל אייז אין וואַ-רים וואַסער ; בלויז ס׳האַרץ נאָר פּאָכט, די לונגען בלאָזען זיך-אָן ווי אַ לעבעדיגע זאַך,—ווייטער איז זי אינגאַנצען טויט, די פיס אָבגעשטאָרבען, די הענט—אָבגעשטאָרבען, ס׳גאַנצע גוף פאַרגליווערט, און נאָר-וואָס אין בויך, דוכט זיך, אינוועניג— ריהרט זיך עפּיס... ס׳ריהרט זיך... פּיק... אפשר—אַ פיסעלע גע-ריהרט... אַ הענטעל געוואָלט אויסגלייכען, און אַזוי ווי אַ פלי-געלע אַ דראַפּגעטון אויף אַ האָרעלע, אַ געדאַנק...

און זי שטעהט שוין גלייך אויף די פיס, שטעהט אָנגע-שטרענגט, ס׳פנים פאַרכאַפּט ; און מיט אַ מאָדנעם גרימאַס פון טי-פער אַנטציקונג, פאָלקאָמער פאַרגעסענהייט,—איז זי אַריינגע-טון אין זיך, מיט אַלע חושים הערט זי און וויל נאָך אַמאָל דערשפירען, נישט צופעליג, נאָר—נאָכאַמאָל, אַזוי ווי ס׳האָט זיך געריהרט פריהער, אָנגעהויבען לעבען פון זיך אַליין, דורך אַ וואונדערליכען אופן ; אָבער אַזוי ווי זי שפירט שוין מעהר גאָר נישט,—נעמט זי זיך גלייך אויסלענגערען, ס׳פנים—לייטערען, און זי קומט צום שכל. ווערט גאַנץ באַוואוסטזיניג, פאַרשטעהט ערשט אַצינד :

—ס׳איז אַנ׳אונמעגליכע זאַך, ס׳זאָל שוין אַצינד אָנהויבען לעבען, ווען ס׳איז נאָך קיין גאַנצע צוויי חדשים נישט, און

ס'האַלט זיך ערשט אין אויספּיקען !..

זי געהט אַוועק איבער די שטוב, וויל זיך צעשטרייען, טוט אַ טרינק, און שפּירט זיך נאָך ס'האַרץ נישט,—אַזוי נעמט זי די אויפגעשניטענע לימענע פון טיש-אַראָב, בייסט איין מיט די ציין, אַז ס'לייב ווערט אויף איהר גערונצעלט פאַר זויער-קייט, און נעמט ציטערן, שפּילען מיט די ציין ; לעגט זיך ווי-דער אַוועק אויף דער אָטאָמאַנע, אונטערשפּאַרענדיג ביידע הענט אונטער'ן קאָפּ, ציהט אויס די פיס גאַנץ באַקוועם, וועל-כע בלייבען ליגען צוזאַמען, ווי אַ צווילינג ; ס'לייכטע באַטיס-טינע שטובקלייד פאַלט איהר אַריין צווישען זיי, און ס'קומט אויס אַ לאַנגער טיפער צווישענשייד, וואָס העכער צום לייב— שמעלערער, ענגערער און געדיכטער...

זי באַטראַכט איהרע פיס, דעם גאַנצען קערפּער, וועל-כער איז פון דרויסען גאָר נישט צו דערקענען, און באַהאַלט אין זיך אַצינד עפּיס רעשטלעך פון אַ באַשעפעניש ; און חען די דאָזיגע רעשטלעך,—טראַכט זי—וועלען זיך אויסבילדען, צו-זאַמענגעהן, אָנהויבען וואַקסען אין איהרע געדערים, אַזוי וועט דער בויך מיטוואַקסען, צו-ביסלעך אויפהויבען, צו-ציהען, ווע-רען העכער, פולער, קיילעכדיגער, אַז ס'וועט אַזש עקלען פאַר-איהם ; ס'מוז זיין אַ מאוסע זאַך, מיינט זי, ווייל אָנטון זיך איז שוין דענסטמאָל נישט מעגליך, די טאַליע איז פאַרלוירען, און איינשנירען זיך אין גאָרסעט קאָן שטאַרק צודריקען ס'לייב, פאַרשאַפען אונאַנגענעמליכע שמערצען, זי וועט שוין אַזוי מוזען געהן אין אַ לייכטען מאַנטעל, אָנגעבלאָזען ווי אַ באַ-לאָן, ביז זי וועט איבערקומען. אין סאַמע סוף אַריין, ביז זי וועט געלעגען ווערען...

אַ שטיל וויינענדיג געזאַנג לאָזט זיך פון אונטען הערען, עפּיס אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער, קלאָגענדיגער מאָטיוו, וועל-כער גיט איהר אַ בריה ; זי שפּרינגט אויף, פאַלט אַרויף אויפן פענסטער, אינגאַנצען זיך פאַרגעסענדיג,—און דאָ דערזעהט זי עפּיס אַ מענש מיט אַ קליין מאַלפּעלע, מיט וואָס ער געהט איבער בעטלען. דאָס מאַלפּעלע טאַנצט משינה אויף אַ

שטריקעל, שפּרינגט, בּרעכט זיך, האָפּ... האָפּ... און דער מענש, אָבּגעריסען, צוגעשנירט די פיס מיט שמאַטעס—אַזוי ווי פון אַ ווייטער מדינה—זינגט, בּעט עפּיס, וויינט זיך אויס ס'האַרץ...

ס'ווערט איהר שרעקליך נישט גוט, די פיס הויבּען-אָן ציטערן, זי לויפט אַוועק. וויל זיך בּאַהאַלטען, פאַרשטעקען, און פאַלט אַריין אין דער אַנדערער שטוב, אַזוי ווי אַ שטיק משוגענע.—אָבּער אויך דאָ דערגרייכט ס'בּעטלער-געזאַנג, און זי בּלייבּט שטעהן צעטומעלט, די אויגען קריכען איהר פון קאָפּ, ווערען גרין, און איבּער איין רגע—זי גיט אַ ר״ס די טירען פון קליידער-שאַנק, קריכט אינווענעניג אַריין, בּאַהאַלט זיך צווי-שען די מלבּושים, דרעהט זיך צוזאַמען—אַ בּייגעל, קורטשעט זיך איין ווי אַ קליין קינדעלע, אַ פּיצעלע, אינגאַנצען צוגעלעגט פון די קליידער, אויף וועלכע ס'פלאַצען כּסדר די הענ-גערס, פאַלען אַראָבּ אויף איהר, און דעקען איהר אינגאַנצען צו...

און זי ליגט אַזוי אַ קליינע ווײַלע. ס'איז שטיל. זי הערט גאָר נישט מעהר, זעהט נישט, אָבּער דאָ דערשפּירט זי אַצינד עפּיס אַ וועהטאָג אינווענעניג, יסורים, ס'כאַפּען וועהען. זיי קומען איינע אונטער דער אַנדערער נאָך קליינע הפסקות, און מיט יע-דער ווײַלע—שטאַרקער. ס'זענען וועהען, טאַקי וועהען. אָבּער—ס'קען זיך עפּיס מאַכען בּיי איהר?..

זי קריכט אַרויס פון אינווענעניג אין איין טויט-שרעק, פּרובּט זיך אויסגלייכען, און זי קען נישט, אַ קורטש האַלט איהר צוזאַמען, די פיס קרומען זיך אויס, דער גאַנצער קער-פּער פאַלט צוזאַמען; זי דערשפּירט אַ פּייכטקייט אויפ'ן לייבּ, ס'ווערט איהר הייס, ס'שוידערט, אַ טויט-שווייס בּאַגיסט איהר און זי ווייסט:

אַז זי האָט זיך דאָ שוין צורעכט געמאַכט!.. דער'-הרג'עט...

און קוים וואָס זי דראַפּעט זיך צו צום בּעט, לעגט זיך אַוועק און הויבּט-אָן קרייסען. צוערשט—שטילער, אָבּער אינ-

איינ'ם מיט די וועהען וואָס נעמען שטאַרקער—שרייט זי אויך העכער, העכער...

— — — — — — — — — — —

אַז דער מאַן איז געקומען אַהיים אָוועגד-צייט, אַזוי האָט ער די שטוב נישט דערקענט; דער פרוי'ס בעט איז געשטאַנען אין עס-שטוב, מענשען האָבען זיך געדרעהט, פרעמדע מענשען, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים, און זיך גאָר נישט פרעמד געפיהלט; זיי זענען ערשט אויף איהם אָנגעפאַלען:

—פאַרוואָס מ'האָט די פרוי געלאָזען אַליין אין אַזאַ צייט? מ'זאָל נישט האָבען דערזעהן באַצייטענס—וואָלט ער שוין קיין ווייב נישט געווען געהאַט...

ער איז געשטאַנען טויט, און קוים געקאָנט איבערפרעגען:

—וואָס טוט זיך?..

האָט מען איהם באַרוהיגט:

—ס'איז אויף אַ מאַפּלונג, נאָר נישקשה...




וואַרשע טוואַרדע 4 וו. 2

# ערשינענע ביכער:

„פלאַמען" אַ באַנד געדיכטען פון ש. י. לאַנדינסקי. קינסטלערישע הילע געצייכענט פון ה. בערלעווי. פאַר ד
דריי חדשים זינט דאָס בוך איז ערשינען, איז וועגען דעם שוי
אַ סך געשריבען געוואָרען. מיר ברענגען בלויז איינצעלנע ציטאַ
טען פון די פאַרשידענע רעצענזיעס.

„פון ש. י. לאַנדינסקיס לידער בלאָזט עפּיס אַ שטילער וועהמוט, אַ חשבון איבערן לעבען. דאָס לעבען איז ביי איהם אַ שטענדיגער יום־הדין. דער דאָזיגער טאָ לאָזט זיך אויך מערקען אין דער פראַכטפולער פּאָעמע: „איך און מיין שאָטען", וועלכע בליצט מיט אָריגינעלע געדאַנקען. אַ־שעהנע באמת ביבלישע סטרונע לאָזט זיך אויך פיהלען פון די לידער: „פון שמואל הנביאס געזאַנגען", וואָס זענע גאַנץ אייגענאַרטיג געשריבען. בכלל האָט לאַנדינסקי מיט דעם דאָזיגען בוך געמאַכט דעם ערשטען געלונגענעם טריט אין גאָרטען פון דער יודישער פּאָעזיע.

(לאָדזער טאַגעבלאַט נומער 120 1920)

„ס'זענען אין דעם בוך פאַרהאַנען אַ סך לידער, וואָס זענען רייך לויט זייער אינהאַלט. ס'פיהלט זיך אינדיווידועלע איבערלעבונג און אַ דרייסטער זיכערער טאָן".
(מאָמענט נומר 95 1920)

„דאָס ביכעל איז אינגאַנצען גענומען אַ זעהר געלונגענער אַריינטריט אין דער יונגסטער יודישער פּאָעזיע. מיט דעם ביכעל האָט לאַנדינסקי באַוויזען, דאָס ער האָט עפּיס פּאַר אונז צו זאָגען און דאָס אין זיין אַרבייט ליגט אומבאַדינגט אַ צוקונפט פון נישט קיין מיטעלמעסיגען דיכטער".
(זאַגלעמביער צייטונג נומר 19 1920)

„דער וויכטיגסטער שטריך פון לאַנדינסקיס פּאָעזיע איז דאָס אומקערן זיך צו דער נאַטור. די ליבע צו דער נאַטור פאַרלאָזט אים נישט אויף קיין אויגענבליק די „וואַלדגעזאַנגען" זענען אַנ'אויסדרוק פון אַיידעלע, נישט פאַרוויינטע געפיהלען. אין זיי האָט לאַנדינסקי געפונען אַנ'אויסדרוק פאַר זיין כמעט פרוילעכע צאַרטקייט און געפיהלפולקייט. אַנ'אומבאַגרעניצטעס אַרויספיהלען די וואַלדשטילקייט באַלייט, מיט מעלאַדישקייט.
צו שטאַרק צו קענען געהן מיט די אַלטע, פול מיט גוטען ווילען, פשוט אין גייסט און גלייכצייטיג סענטימענטאַל—שטעהט לאַנדינסקי אויפן גרעניץ פון צווי ליטעראַרישע עפּאָכען.
(Nasz Kurjer 18/IV 1920)

„קינדערלידער און קינדערגעדיכטען" פון ש. י. לאַנדינסקי מיט אַ פאָרוואָרט פון יעקב דינעזאָהן.
ערשטע אויפלאַגע—1918 דריטע אויפלאַגע (פערטע טויזענט) 1920.
דאָס שאַרעבלאַט געצייכענט פון י. זיידענבייטעל.

די דאָזיגע לידער, וואָס דער דיכטער ש. י. לאַנדינסקי האָט געשריבען פאַר דער ערשטער יודישער קינדערהיים אין וואַרשע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אונטער דער פערזענליכער מיטווירקונג פון י. ל. פּרץ, און זענען דעם לעצטען געווידמעט, ווערען געזונגען כמעט אין אַלע קינדערהיימען פון פּוילען און ליטע, דאָס ביכעל איז זעהר ווארים באַגריסט געוואָרען פון דער זשורנאַליסטיק און דער לעהרערשאַפט און האָט זעהר גרויס ערפאָלג. דעם גרעסטען טייל פון די רעצענזיעס האָבען מיר יעצט נישט אין אונזער רשות, מיר ברענגען ציטאַטען בלויז פון איינינע:

„דאָס בוך קינדער־לידער און קינדער־געדיכטען, וואָס דער ה׳ ש. י. לאַנדינ־סקי גיט אונז, זאָגט עדות, אַז דער יונגער דיכטער פערמאָגט אַ זעהר צאַרט־פיה־לענדע נ׳שמה ; אַ האַרץ, וואָס איז פעהיג בעאיינדרוקט צו ווערען פון אַלץ, וואָס האָט נור אַ שייכות צו קינד און קינדערישקייט, עס ווייזט אונז אויך, אַז דער מחבר האָט אַ געוואַלטיגע ליבע און אַ אונגעהויערען אינטערעס פאַ־ דעם אומשולדיגען קליינעם מין. די לידער: „חוהלע׳, „מיידעלע און קעצעלע״, „דאָס יונגעלע און דאָס פויגעלע״, „אַ שנייעלע״, „די גרויסע וועש״ און איבערהויפט דאָס „זאַמד־שטיבעלע״ זענען אַזוי הארציג און אַזוי קינדיש תמימת׳דיג אָנגעשריבען, אַז עס רייסט זיך נישט־ווילענדיג אַרויס אַ שמייכעל אויף די ליפען, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז זיי שטאַמען אויס דער פעדער פון אַ דערוואַקסענער פערזאָן. פיל מעהר צייכענט ער זיך אויס אין די ריין נאַציאָנאַל־יודישע מאָטיווען ; ווי למשל: „ערב שבת״, „ערב פסח״, „חנוכה״ א. אַנד. די לעצטע צוויי זענען זעהר, זעהר געלונגען, איבערהויפט דאָס צווייטע, דער „ערב פסח״ קאָן באַטראַכט ווערען אַלס אַ קליין מייסטער־ווערק אין דעם זשאַנר. מיר באַגריסען גאַנץ וואַרים דעם ה׳ ש. י. לאַנדינ־סקיס קינדער־לידער אַלס די בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגען אין אונזער ליטעראַטור.

(יודישע זאַמעלביכער נומר 3 1918 „ווייסענבערג פערלאַג״)

„אַ פרעהליכע ערשיינונג. אַ שטיקעל יום־טוב אין אונזער אָרעמער קינדער־ליטעראַטור. דער אויטאָר האָט זיך געלונגען באַנוצט מיט די רייכע קוועלען פון דער ברייטפאַרצווייגטער אייראָפּעאישער קינדער־ליטעראַטור. ער האָט אויך געשאַפען אָריגינעלע, שענע זאַכען ווי צ. ב.: ״טאַטעשי מאַמעשי״, דער „שמחת תורה מאַרש״, „קינדערהיים״. דאָס ביכעל מוז באַגריסט און רעקאָמענדירט ווערען.״

(הלל צייטלינס בלעטלעך נומר תרע״ח.)

באַגריסט האָבען אויך די „לעבענס פראַגען״ און אַנדערע.

„גנבים״, דראַמע אין 3 אַקטען פון פּ. בימקאָ. אויפגעפיהרט דורך דער ווילנער טרופּע, אַרויסגעגעבען פון פאַרלאַג „די צייט״ 1919. דאָס בוך איז פאַרזעהען מיט אַ ווערטער־פאַר־צייכעניש פון דער גנבים־שפּראַך.

די דראַמע האָט אַרויסגערופען אַנ׳אויסערגעוועהנליכען אינ־טערעס אין דער גאַנצער פרעסע און געזעלשאַפט אין פוילען. אָפּהאַנדלונגען וועגען דער דראַמע זענען געווען אין פאָלגענדע טאָגבלעטער און צייטשריפטען: „מאָמענט״, „היינט״, „לעבענס־פראַגען״, „אַרבייטער־צייטונג״ „Dziennik nowy״ „Chwila״ „לאָדזער טאָגבלאַט״, „לאָדזער פאָלקסבלאַט״, „זאַגלעמביער צייטונג״, „לעמבער־

## גער טאָגבלאַט", „גראָדנער צייטונג", און אין אַ סך אַנדערע.

„גנבים"—דאָס איז עס אינגאַנצען. אַ שטיק גנביש לעבען. גנבישע זיטען, גנבישע מאָראַל, גנבישע פרומקייט—גנבישע מענשליכקייט. אין דער אָפּגעשלאָסענער וועלט האָט אונז דער אויטאָר פון די „גנבים" געוואָלט אריינפירען, די וועלט האָט ער געוואָלט פאַר אונז אַנטפּלעקען, און ער האָט זיין צוועק דערגרייכט. דער בעגאַבטער יונגער בימקאָ, וואָס האָט אַ באַזונדער אויג פאַר דידאָזיגע „ארויסגעשטויסענע" פּאַרשוינען, האָט דאָ פונאַנדערגעוויקעלט פאַר אונז אַ פיינע גאַלעריע פון אַזעלכע געשטאַלטען, און אויף דעם פאָן פון דער באַזונדערער, גנבישער „וועלטאַנשויאונג" אָנגעצייכענט אַ אינטערעסאַנט בילד פון מענשליכע עמפּינדונגען און איבערלעבונגען".

אילוסטרירטע וועלט נומר 10 1919

## „מירעל" אַ ראָמאַן-פּאָעמע פון יהושע פּערלע די הילע געצייכענט פון בערלעוו:

„דאָס דאָזיגע בוך געווינט אונזער פאַראינטערעסירונג נישט מחמת זיין פאַרוויקעלטע פאַבולע. דער ספור המעשה פלעכט זיך גראָד אומבאַמערקט. דאָך פאַרכאַפּט יעדעס קאַפּיטעל באַזונדער מיט זיינע פּלאַסטישע בילדער און אָפּט פיינע ניואַנסען. יהושע פּערלע האָט אַ פיין אויג פאַר פסיכאָלאָגישע מאָמענטען. באַזונדערס זאָגט וועגען דעם עדות די סצענע פון מירעלס דיפּלאָמאַטישער קראַנקהייט, איהר קאַפּריזענשפּיל מיטן מאַן און נאָך אַנדערע".

(מאָמענט נומר 95 1920)

„עס איז אַ פּאָעמע פון סענטימענטען—פון „אונשולדיגע" סענטימענטען. עס איז אַ געזאַנג פון צניעות, כאָטש דער אויטאָר רעדט אַזוי פיל פון ווייבליכער נאַקעטקייט, פון קערפּערליכער רייץ. מירעל איז נישט קיין פאַרשייט ווייבעל, כאָטש זי פיהרט לינקע ליבעס. זי האָט אפשר נישט ליב קיינעם פון אירע פערעהרער, אָבער זי איז פול מיט ליבע.

אַלע פּערלעס פּאָעטישע שילדערונגען בכלל צייכנען זיך אויס מיט זייער שענקייט און רייכקייט.

(קאַנאַדער אָדלער 20/VI 1920)

„מירעל" איז אַ שעהנע מתנה פאַרן יודישען לעזער און פאַר יעדע יודישע ביבליאָטעק. דאָס דערציילונג איז טאַלאַנטפול און הארציג אָנגעשריבען.

(דער אמת נומר 1 1920)